# פון קאַזאַרמע
# און מלחמה

## דערציילונגען

פון יעקב קרעפּליאַק

# צוגענומען פאַר אַ זעלנער

קאַזאַקן צו פוס מיט די נאַגאַיקעס אין די הענט האָבן זיי גע־פירט פון פּריסוטסטווע אין רעשאָטקע אריין.

אין גאַס האָט געטומלט:

„מען פירט שוין די צוגענומענע אידישע פּריזיוואָניקעס אין „קאַזע" אריין. . ."

אין העלן, רואיקן יעשענדיקן טאָג הערן זיך יללות. קינד און קייט לויפן נאָך. מאַמעס, טאַטעס און משפּחה רייסן זיך צו די אָפּגענעבענע קינדער. די גאַס איז פול מיט רופעניש, קולות און געוויין.

די פּראָווינציעלע גאַס אין גרינס און יעשענדיקע פאַרבן. פון איבער פאַרקאַנעס שטעקן ארויס קאַלינעס זייערע רויטע קעפ און אָט דוכט זיך, גייען זיך צעבליען אין שפע פון זון די קאַרשן אין די סעדער, די ליפּעס אויפ'ן טראָטואַר.

און אַ מאַמע'ס פאַרבראָכענע, פאַרצווייפלטע הענט הויבן זיך אין דער הויך:

—ווי איז מיר, ווי איז מיר! מען לאָזט זיך נאַרניט זעגענען!

— ערשט היינט איז ער דאָ געגאַנגען אַ פרייער. ערשט היינט. . .—רעדט און קלאָגט אַ צווייטע.

פון די פּריזיוואָניקעס שרייט מען:

—וויין ניט, מאמע!

—הער אויף, טאטע!

ווי אויל אויפ׳ן פייער. מיט מער אימפעט רייסט מען זיך צו די קינדער און הילכיקער ווערן די געשרייען:

—זון מיינער!

—יצחק׳ל!

—קינד מיינס!

די זייטיקע גייען נאך. ווייזן אן אויף איינעם, אויף א צווייטן און ס׳פאלן אפגעריסענע פראגעס, ענטפערס, מיינונגען:

—אוי ווי, לייזער טויבעס אויך צוגענומען. דאך אן אמת׳ע ערשטע לגאטע.

—א גוי, נישקשה, וואלט מען ניט גענומען.

—אז מען אנטלויפט...

—ווער איז געלאפן, ווער?

—ניט היינטיקע צייטן!..

—ווער איז דער אין קורצע מלבושים, אן פאות ווי א „פאניטש"?

—עפעס א ליטוואק צוגעשריבן צו דער סקאזקע. . .

—אזוינע־א בעדארפט נעמען. מסתמא ניט שטארק מקפיד אויף ברכה און וואשן...

—וואדען אזא ווי לייזערן?

—א רחמנות דער מאמען, וועט דארפן גיין איבער די הייזער. . . און אימיצער זיפצט אפ: אוי רבונו דעלמן כולא!

דער וועג קירצער און דער עולם גרעסער. נאך און נאך לויפן אן: אידן, מעשטשאנעס. די מעשטשאנעס מיט שמייכלען אונטער די וואנצעס, מיט פינקעלאך אין די אויגן, גייען ניט נאך. זיי שטייען אויפ׳ן טראטואר, קוקן צו, פאראדירן מיט רואיקייט, מיט די הענט אין די קעשענעס, מיט די אפגעגעבענע זין, דערוויי־

פראַנק־און־פרייע באַם איינגנעם זיים. אויף די צעוואַקסענע קאַשטאַנען־בוימער זיינען אַרויפגעקראָכן שקצים׳לאַך און ליאַרעמען און מאַכן חוזק דורך די צווייגן:

—זשידזשי, האַפּ, האַפּ!

דער וועג קירצער און דער ווייטיק גרעסער. אָט נאָך אַ גאַס באַלד... די רעשאָטקע, — די „קאָזע". דער טומל, דער געוויין —שטאַרקער. קומען צו קאָזאַקן אויף פערד. פול איז מיט זיי די פוילישע גרענעץ־שטאָדט. רייסט מען זיך נאָך שטאַרקער צו די קינדער, קוקן ניט אויף דער מחיצה פון די קליינגעוויקסיקע, קערנדיקע קאָזאַקישע פערדלאַך, פּלאָנטערן זיך אונטער די פערדישע פיס, נאָר צום צעטראָטן ווערן, אונטער׳ן געשריי פון קאָזאַק, נאָר צום כאַפּן אַ בלוטיקן פּאַס פון דער נאַגאַיקע.

פון די נאָוואָבראַנצעס שטאַרקט זיך אַלץ מער דער רוף:

—וויין ניט, מאַמע!

—הער אויף, טאַטע!

און ווישן שטילע טרערן, און ווייזן לאַכעדיקע פנימ׳ער:

—ס׳איז גאָר ניט, מען וועט אונז ניט אויפעסן!

די „קאָזע" פאָר׳ן אוועק. הייסער ווערט אין דער לופט. טאַטעס סטאַרען זיך שוין איינצונעמען די מאַמעס:

—מען וועט זיך נאָך זעגענען, זעגענען... מען וועט לאָזן...

און אין מיטן אַ פלי פון אַ קאָזאַק — מיט דער נאַגאַיקע אַ צי....

אַ געשריי האָט זיך דורכגעריסן דורכ׳ן גאַנצן טומל פון מענטשן, פּאָדקאָוועס און טריט.

אַן עלטערע אידענע, וואָס האָט זיך קוים נאָכגעשלעפּט, עפּעס ווי נאָכגעהונקען נאָך אַלעמען און געשלוכצט, געשלוכצט פון פאַרטשיילע אַרויס, האָט פּלוצלונג איצט מיט אימפּעט זיך אַ ריס געטאָן דורך די קאָזאַקן.

א נאגאיקע האָט איר באַגעגנט.

—אוי, אוי, לייזער! — האָט זיך דער יאָמערלאַכער געשריי געוויקלט צוזאַמען מיט דער פּאַטשיילע אויף דער ערד.

—גוואַלד, טויבע! — האָט מען געשריען פון עולם.

אנטקעגן האָט זיך געריסן דער פּריזיוואָניק לייזער. א דאַרער, א בלייכער, מיט שוואַרצע לאַנגע פּאות איבער ביידע באַקן, האָט ער זיך געצויגן מיט ביידע הענט ווי צו צופליען צו דער אידענע. די אַנדערע האָבן אים געוואָלט איינהאַלטן. קאַזאַקן האָבן אים א כאַפּ געטאָן. עפּעס מיט א מאָדנעם מאַנסבילשן יאָמער האָט ער זיך געריסן:

—מאַמע! מאַמע!

דאָרטן האָט זיך נאָכאַמאָל געהויבן די נאַגאַיקע פון צעהיצטן קאַזאַק.

—ניט קריך!

און דער זון מיט גרויליקע אויגן האָט זיך געריסן פון די קאַזאַקישע הענט און ניט געקענט זיך אַרויסרייסן פון די צוואַנגען, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט מיט די פיס, זיך געוואָלט אויסציען אויף דער ערד.

האָט מען אים אונטערגעהויבן אין דער לופטן, געפּאַטשט און רויט געמאַכט דעם בלייכן אויסגעצויגענעם פּנים, צעבלוטיקט די נאָז. אַנדערע פּריזיוואָניקעס האָבן זיך אָנגענומען. זיך פּאַרוויקלט אין געשלעג, האָבן נאַגאַיקעס אָנגעהויבן מיט א סווישטש ציען, פּאַסעווען און מען האָט אַלעמען אַריינגעשטויסן און אַריינגעקאַפּעט אין רעשאָטקע אַריין מיט אים צוזאַמען.

---

אינאיינעם מיט'ן פוילן ריח פון דער „קאַזע“ האָט די פּריזיוואָניקעס באַגעגנט א קוויטשיקער לאַכן פון א פרוי דורך א יואַכט און קלעפּ פון „סטרוזש“.

באַם אָנקומען פון עולם איז דער „סטרוזש" שוין געשטאַנען אין דער ברייט־צעעפנטער טיר און געוואַרט אויף די פריזיוויניקעס.

ער איז געשטאַנען אַ זומערדיקער אָן מונדיר מיט פאַר־קאַשערטע אַרבל, אַ שיכור'לאַכער, מיט די שליסלען אין האַנט, מיט אַ צעשמייכלטן, גאַסטפרייינדלאַכן פּנים.

האָט זיך אָנגעהויבן די מישעניש, האָט ער זיך פלוצלונג געקאַכט. דער געגאָלטער, פעטער פּנים מיט די וואָנצעס איז גע־וואָרן פול מיט רציחה. די אויגן האָבן געפינקלט. ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אַוועק אָן אַ זייט, האָט אַ כאַפּ געטאָן לייזערן פון די קאָזאַקישע הענט און געגעבן אַ שליידער און אַ קאָפּע מיט'ן פוס — אין איין טיר, אין דער צווייטער — אין טונקלער פינ־סטערניש אַריין. פריזיוויניק נאָך פריזיוויניק האָט ער אונטערגע־כאַפּט און געשליידערט.

—אַריין באַלערע!

פון עולם שרייט מען:

—סטאָף, פּאַניע סטאָף! שלאָג ניט! אוי ער שלאָגט! מיר וועלן לויפן צו נאַטשאַלסטווע!

סטאָף קוקט נים, סטאָף זעצט מיט די שטיוול, מיט די פויסטן און זידלט זיך פּאַסקודנע:

—זשידזשי, היגטישע בלוט! כ'וועל אייך ווייזן נאַטשאַל־סטווע! איך בין. . .

די קאָזאַקן גייען שוין אַוועק — אַ דאַנה זיי, אַבי אין רע־שאָטקע —און סטאָף ווילדעוועט נאָך, וואַרפט אויף דער נאַרע. האָט זיך צוגעכאַפּט צום הילפלאָזן לייזערן און קיילט און ביילט אים און לאָזט אים גאָרניט אָפּ.

און פלוצלונג:

—נאַ!

סטאַך כאַפּט אַ פּלעם אונטער'ן אויער. זיין שוואַרצער קאַפּ פּאַרפּליט אַן אַ זייט.

—צייל קלינגערס! — און אַ זעץ אין די ציין.

באַ סטאַכן קריכן די האַלב שיכור'ע אויגן פון שטערן אַרויס. ער וויל כאַפּן דעם אָטעם און כאַפּט אַ רוק אונטער'ן האַרצן. ער בויגט אָפּ דעם קאָפּ און קריגט אין מאַרדע. די קני באַ אים ציטערן און בויגן זיך.

עפּעס וויל ער זאָגן, זיך פאַרשטעלן מיט די הענט און דאַ פליט ער פון די פיס און פאַלט דורך דער אָפענער טיר צו זיך אין פאַרשטוב אויפ'ן דיל אַרויף.

ווי פון הינער־פלעט כאַפּן זיך אויף די פּריזיוניקעס. טאַפּטשען זיך אין דער ענגער האַלב־פינסטערניש. פאַרהאַקן אויף געשווינט די טיר פון קאַמער, שפּאַרן זיך איין מיט די רוקנס, האַלטן איין מיט די הענט און קוקן נאָך אַלץ אויפ'ן פּריזיוניק אין דער קורצער קורטקע מיט'ן צעפלאַמטן פּנים און אויגן ווי ער שטייט נאָך גרייט זיך צום שלאָגן.

—מען וועט אונז דער'הרג'ענען צוליב'ן ליטוואַק! שרייט איינער אויס פון שרעק.

דער ליטווישער בחור דרייט זיך אויס האַסטיג צו יענעם. נאָר אימיצער שפּרינגט פּלוצלונג אַראָפּ פון נאַרע.

אין טומל און האַלב־פינסטערניש האָט מען גאָר יענעם ניט באַמערקט.

—איגנאַץ! שרייען אויס די פּריזיוניקעס.

— דער גרעסטער גנב באַ אונז . . . רוימט מען איין אַ סוד דעם ליטווישן.

און איגנאַץ אַ דרייעוודיקער, אַ רירעוודיקער, קלאַפּט אים אין פּלייצע און רעדט גיך האַלב פּויליש, האַלב אידישן לשון קודש:

דו, גוט ברודער, געגעבן די כאַלערע... דאַבזשע! אַליין

געוואָלט געבן מתנת יד. פאַר חצי פויגל, יאַ זראַביעם שלום . . .

און פון גאַס דערפליען אַלץ געשרייען:

וואָס איז?! מען שלאָגט?! חיים! זעליג! מיר'ן לויפן צו נאַטשאַלסטווע!

דער ליטווישער שפּרינגט אונטער, כאַפּט זיך אַן פאַר די גראַטעס, ציט זיך אַרויף אויף די הענט און קוקט אַרויס פון דעם איינציקן שמאָלן פענסטערל.

ס'איז גאָר ניט, מענטשן, ס'איז גאָר ניט!

פון הינטער'ן טיר טראָגט זיך סטאַך'ס פּאַסקודנע זידלעריי:

—כאָלערע! כ'וועל דערשיסן! און אַ קלאַפּעריי פון שטי־וואַלעס אין טיר.

—לאָזט אים! — שרייט אין רוסיש דער ליטווישער און שפּרינגט אַרונטער פון פענסטערל, — לאָזט אים!

—וואָס האָבן מיר מורא? — העלפן אים אַ פּאָר דרייסטערע, מיר זיינען שוין זעלנער!

אָבער די מיושב'דיגע האַלטן אים אָפּ און האַלטן צו די טיר און איגנאַץ לאַכט אויף זיין צעדרייטן פּויליש און אידישן לשון קודש:

—זעלנער?! מיר דאַ גלייך חתנים!

פּלוצלונג האָט איינער אַ געשריי געטאָן:

—לייזער חלש'ט!

—וואַסער!

—וואו איז וואַסער?

— ניטאָ קיין וואַסער אין קאַמער — רעדט גיך איגנאַץ — כטאַך האָט נאָך פריער אוועקגענומען דעם עמער, די כאָלערע. איר וועט געבן געלט, וועט ער געבן וואַסער. פאַר אַ האַלבן רובל קען מען מאַכן מיט אים שלום.

—מאַך!

לייזערן טרייסלט מען אויף דער נאַרע. מען דריקט אים די נאָז. ער עפנט די פאַרגלייזטע אויגן און פאַרמאַכט זיי ווידער. ווילד קלאַפּן איצט אַנדערע און רייסן די טיר.

פּונקט ווי פריער איז דאָרט הינטער'ן טיר געווען אַ קלאַפּעריי פון שטיוואַלעס, איז איצט אַ שטומעניש.

—גיע פּאַמאַזשי — ס'וועט ניט העלפן, — זאָגט איגנאַץ.

—סטאַך, סטאַשע! — רעדט אין דער פאַרמאַכטער טיר אַריין איגנאַץ, — עפן מיר אויף!

—גיב חצי פויגל, — ווינקט ער דערוועיל צום ליטווישן און שטרעקט אויס אַ האַנט.

—סטאַשע, עפן! — רעדט ווייטער איגנאַץ, עס וועט זיין גוט, מען וועט נעמען אין מויל, צו וואָס זיך קריגן?... ווייסט דאָך, אַז איך זאָג. . .

די טיר הויבט זיך אָן פּאַמעלאַך צו עפענען.

—וואָס ווילן זיי?

—עפן, לאָז מיך אַריין צו דיר!

—ניין.

איגנאַץ שטעקט דורך די האַנט. די טיר עפנט זיך ברייטער, ברייטער.

אין קאַמער ווערט ליכטיקער.

סטאַך שטייט נאָך אַנגעכמורעט.

—נעמט וואַסער! — קוקט ער אויף קיינעם ניט.

לייזערן האָט מען פאַנאַנדערגעשפּיליעט, געעפנט די מויל. געשפּריצט וואַסער, האָט ער געעפנט פאַרווירטע אויגן, געבליבן זיצן מיט די פיס צו זיך אויף דער נאַרע, איינגענורעט דעם קאָפּ אין די קני און זיך צעוויינט.

פון דעם שטילן פיינלאַכן געוויין איז אַן אומעט אַלעמען באַ־פאַלן. די פּריזיוווניקעס האָבן ווי ערשט נאָר איצט דערפילט די

גאנצע באליידיקונג און דעם גאנצן ווייטיק פון זייער געפינען זיך אין רעשאַטקע, זיי האָבן עפּעס ווי נאָר איצט דערשפּירט די האַלבע פינסטערניש, די ענגשאַפט און דעם פוילן ריח און זיינען געבליבן אַפּהענטיק ווי צוגעשמידטע צו די ערטער און אנגעשטרענגט זיך צוגעהערט צו לייזער׳ס געוויין, ווי מען מוז זיך צוהערן צום געוויין פון א קינד אין מיטן דער נאַכט. קיינער האט לייזערן נים גערירט, נים געהאַט דעם מוט עפּעס צו זאגן. נאָר איין איגנאַץ האָט געקלאַפּט לייזערן איבער׳ן פּלייצע און גערעדט: — פּאַצאַ פּלאַקאַטש?

דורכ׳ן וואַנט האט זיך געריסן דער קוויטשיק הייזעריגער געלעכטער:

—איגנאַץ! טאַ טי פּלאַציעס? כצעש דאַ מניע?!

האָט זיך איגנאַץ צעשריען אנטקעגן דער וואַנט:

—זאַמילטש באַלערא! און אַלץ געקלאַפּט לייזערן אין פּלייצע און גערעדט אויף זיין שטייגער:

—פּאַצאַ פּלאַקאַטש? דאַ גלייך חתנים!

—מהותנים... — פּאַרריכט אים איינער.

—ניעך בענדזע מחותנים, טאַ וסיסקאַ יעדנאַ!

---

ביסלאַכווייז האָבן זיך די אידישע פּריזיוּניקעס אנגעהויבן צוגעוואוינען צום פוילן ריח און צו דער האַלב פינסטערניש. מען האָט זיך אָנגעהויבן טאַפּן וואו עס טוט ווי פון די נאַגאַיקעס און פון די שטורכעס. מען האָט זיך צעזעצט אויף דער נאַרע און גענומען אויסטאָן קאַפּאַטעס, לייבלאַך, פאַרקאַשערן ארבל און וויזן סיניאַקעס. פרישע, רויטע, בלווילאַכע פלעקן. פון זיך אליין, ווי בּאַ קינדער איז געבאָרן געוואָרן געלעכטער. מען האָט געלאַכט און פאַרגליכן און געמאָסטן די סיניאַקעס. איגנאַץ איז געווען דער מומחה. ער האָט באַשטימט וועמעס וואָס. האָט ניך גערעדט,

געמאכט מיט די הענט, ווי ער וואלט אימיצן געשלאגן און אנגע־ווייזן וואו מען קען געבן אן אמת'ן קלאפ, וואו צו דערלאנגען אין א געפערלאכן ארט — יענעם אוועקצולייגן.

—לייזער האט מסתמא געקראגן... — הויבט אן איינער, נאר מען לאזט יענעם ניט רעדן. לייזער האט שוין לאנג אויפגע־הערט צו וויינען, אבער ער זיצט נאך אלץ אזוי אויף דער נארע, דעם קאפ איינגעגנורעט אין די קני.

—מאך פליטה דא אמעריצע. — עצה'ט איגנאץ, — אונ־זערע פאלסקע ויברח א סך, דאס גאר ניט, וואס זיצט אין „קאזע״. מאזשנא מאכן פליטה.

—צו פרום און צו ארעם, — ענטפערט מען אים.

—פשעפאדלי טשלאוועק! — טרייסלט איגנאץ מיט'ן קאפ און דער געלעכטער און די פריילאכקייט ווערט עפעס שטילער, איינגעהאלטענער, אומנאטירלאכער.

---

הינטער'ן טיר בא סטאך'ן אין פאר־שטוב האט מיט אמאל אנגעהויבן זיך רודערן. טאטעס און מאמעס און משפחה האבן שוין צורעכט געמאכט. מען האט סטאך'ן געגעבן אין יד — ער זאל צולאזן. סטאך איז ווי אינגאנצן אויסגעניכטערט, נאר נאך אנ־געכמורעט. ער עפנט פאמעלאך די טיר און רופט ארויס אייציג־ווייז, פארוויז צו זיך אין פארשטוב. אבער מיט יעדן מאל ארויס־רופן ווערט זיין פנים צופרידענער, שמייכלדיקער. ער נעמט צו די תפילין־זעקלאך. עסנווארג. קריגט באצאלט פאר יעדער פאר תפילין, פאר יעדן ביסן. פארקוקט אין דעם עסנווארג, איז עפעס רעכטס — נעמט ער אראפ פאר זיך אליין... און האלט א שארפע אויג, אז קיינער זאל זיך ניט דורכרוקן אן א מטבע.

דערוויילע איז אנגעקומען דער פארנאכט. לייזער האט זיך מיט אמאל אויפגעכאפט פון זיין זיצן ווי פון א שלאף. ער האט

א טאפּ געטאָן דעם אָפּגערעקטן קאָפּ, האסטיג ארונטערגעשפּרונגען פון נארע און אין איילעניש גענומען זוכן ארום זיך. ניט גע־פינענדיק וואס ער זוכט, האט ער איין האנט פארלייגט אויפ'ן קאָפּ און מיט דער צווייטער געשארט און גענישטערט און אַלץ גערעדט:

—וואו איז מיין היטל? וואו איז מיין היטל?

—אראָפּגעפאַלן אין גאס.

צעווייטיקט און פארלאָרן האט ער געקוקט ארום זיך.

—נאַ דיר מיינע! — האט דער ליטווישער דערלאַנגט. — איך קען גיין אָן א היטל... ער האט אָבער עפּעס דערזען אין לייזער'ס ערלאכן, אביסל קאָסאָקן קוק און זיך פארכאַפּט:

—איך וועל זיך באגיין ביז וואנען מען וועט דיר ברייננען.

לייזער האט אויף אים געקוקט, געקוקט. גאָרניט געזאָגט. געשווינד זיך אָנגעטאָן, מיט די אויגן ווי אַלעמען איבערגעציילט און שטיל א זאָג געטאָן:

—מעריב מיט א מנין.

—שוין צייט? שוין דא שטערן אין הימל? — האט מען געפרעגט — דערלאנגט נאָר א קוק דורכ'ן פענסטערל.

לייזער האט א שווינק געטאָן די הענט, זיך א קער געטאָן אין א ווינקל און אָנגעהויבן דאַווגען. נאָך איינער א בחור האט א זאָג געטאָן:

— דעם מה צעמישט, מנחה דורכגעלאָזן, פארגעסט ניט צוויי שמונה־עשרה'ס!

די ענגע, וויסטע פינסטערע קאמער איז פול געוואָרן מיט'ן דאַווגען, מיט א הארציקער ברומעריי. מענטשן זיינען געשטאַנען זיך באוועגט און אין ווערטער פון די תפילות אויסגעגאָסן זייער הארץ, געבעטן בא גאָט, ער זאָל זיי געבן כח איבערצוטראָגן און זיי אויסהיטן פון די צרות וואס דערווארט זיי ערגעץ אין דער

פרעמד. העבער פון אלעמען מיט פארקוועטשטע אויגן אין עקסטאז האט לייזער אויסגערופן:

—ה׳ אחד־ד!

דורכ׳ן וואנט האט הייזעריג געקוויטשעט א וואולגאריש פויליש גאסן־לידל און איגנאץ האט אנטקעגן גערופן:

—זאמילטש, כאלערא!

---

אין אוונט בא סטאכן אין פארשטוב, אין ריח פון געפרעגעלטן חזיר און בא א כוסה האט איגנאץ נאך אלץ געהאלטן אין מאכן שלום צווישן ליטווישן און סטאכן און אליין האלב שכור געצווינגן זיי פאר די הענט, שוין צום וויפילטן מאל, זיי זאלן צוקלאפן און פארגעסן.

סטאך, א צעווארפענער אויף א שטול, האט געגלאצט די פאר׳שכור׳טע אויגן, געפוצט די וואנצעס, גערעדט צום פאר־רויטיקטן ליטווישן און זיך געקלאפט אין הארצן:

—איך בין דא דער איינציקער באלעבאס. קיינער מער ניטא. אזא רעשאטקע ניטא אין דער גאנצער גובערניע... וואס איך וויל קען איך טאן... דו מיין ניט...

—קלאפט הענט! — פאלט אריין מיט זיינס איגנאץ, — איך בין דיר א גוטער ברודער, סטאך, סטאשע...

—א גנב ביזטו, — פארגייט זיך אין שכור׳ן געלעכטער סטאך — איך טרינק, אבער קאפ האב איך. דו ביזט א ווייסל פון אויג! מען האט מיר אנגעזאגט, כ׳זאל פון דיר קיין אויג ניט אראפנעמען...

איגנאץ לאכט אויך גנביש:

—לאמיר טרינקען! דו בעסער לאז מיר אריין צו איר... ווייזט ער אן אויף דער צווייטער טיר.

—צו איר? זי איז מיר שוין מיאוס, אבער דיר א כאלערע.

כ'וואָלט איר אַרויסגעוואָרפן, נאָר אַ קאָמאַנדיר האָט געהייסן האַלטן — זי וועט אים קראַנק מאַכן די סאָלדאַטן.

—מען וועט דאָ אונז לאַנג האַלטן? לאָזט פאַלן דער ליט־ווישער.

—הע, הע, — לאַכט און ווינקט סטאַך — לאַנג, טייערער, לאַנג, וואָס מער טעג, מער „כאַרטשעוויע" פאַלט אַריין פאַר אייך דעם נאַטשאַלניק. אייך ברענגט מען עסן פון שטוב . . . דו איינער. . .

—פאַרשטייסט . . . — ווינקט איגנאַץ צום ליטווישן.

—און וואו בין איך? — רעדט ווייטער סטאַך — וואָס מען זאָל אייך גלייך שיקן אין גובערניע? אַ ליידיקע רעשאָטקע. ווען מען פון גרענעץ — טפו, גאָר ניט! אָט פון דער כאָלערע האָט מען עפּעס? — ווייזט ער אויף איגנאַץ'ן — צי פון יענער כאָלערע דאָרטן? קראַנק ווערן פון איר... נאָר אייערע זשידקעס איינמאָל אין יאָר! פּריזיוואָניקעס ניט פּריזיוואָניקעס, אַפּהיטן איז אָפּהיטן — זאָלסט ניט אַנטלויפן קיין אַמעריקע, און ווילסטו זען, דאַרף מען פּאַניע באַצאָלן. . . — וויקלט סטאַך מיט'ן צונג.

—מיט די זשידקעס איז ענג . . — שטייט צו אים צו איגנאַץ — אַזויפיל אין איין קאַמער! לאָז מיר אַריין צו איר!

—אַ כאָלערע, ניט פאַר דיר, דיך וועל איך אפשר אַריינלאָזן צו איר אין קאַמער, אָבער זי וועל איך אַריינגעמען צו זיך, וועט די צוויג זיין גאַנץ און דער כלב זאַט — לאַכט ער שכור — און דו ווילסט גיין צו דיינע זשידקעס? גיי, גיי! נאָר די הענט לאָז ניט פריי! מיין ניט ביזט שטאַרק, וועסט בא מיר שלעכט אָפּשניידן. . . — לאָזט ער אַריין דעם ליטווישן אין קאַמער.

אין גיכן דערהערט זיך פון פאַרשטוב דער קוויטשיק־הייזע־ריגער לאַכן, אַ שפּילן אויף אַ גאַרמאָניקע און איגנאַץ'ס שניידיגער ניכער קול:

—פאנאוויע, לאָמיר טאַנצן: „האָפּאַי, טופּאַי, שטשופּאַי“,
און סטאַמפּ'ס שכור'ע צושטימונג:
—טאָק, טאָק, פּאַנאָוויע, טאָק, טאָק. . .

---

פאַר צוויי מעת־לעת האָט די ברודע פון די ווענט אַראָפּגע־נידערט און זיך אויסגעלייגט אויף די פּנים'ער פון די פּריזיוּוניקעס. זייערע פּנים'ער האָבן זיך געביטן, זיך איבערגעצויגן מיט דער ברודנער געלקייט, ווי זיי וואָלטן שוין דאָ יאָרן געזעסן. זיי גייען אַרום און געפינען זיך קיין אָרט ניט פון נודאַטע און אומעט. מען רייבט זיך עלנבויגן אַז עלנבויגן. מען ווייסט שוין אַלץ איינער וועגן צווייטן. דער ליטווישער ווייס שוין, אַז לייזער איז אַ מלמד'ס אַ זון וואָס איז גאָר יונג געשטאָרבן פון סוכאָטע. די מאַמע האָט ניט חתונה געהאַט און אין גרויס אָרימקייט אים אויסגעהאָדעוועט. — ער האָט געהאַט גרויס התמדה צו לערנען, נאָר געמוזט אים יונג אָפּנעמען פון חדר און אוועקגעבן פאַר אַ לערן־אינגל צו אַ רימער און יעצט דערנערט ער דער מאַמען. אַלע אַנדערע וויסן שוין, אַז דער ליטוואַק איז אַ „צאַצעליסט“, אַז ער איז שוין פריער געזעסן אין טורמעס, און אַז ער איז אַ שטאַרקער יונג און האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט.

און דורכ'ן פענסטערל גייט אַז אַלע טאָג דערזעלבער שמועס:

—מיר'ן דאָ לאַנג זיצן?

—ווען שיקט מען אונז שוין אָפּ צום וואָאינסקן נאַטשאַלניק אין גובערניע!

—צוגעגרייט די קעסטל?

—לייזער'ס מאַמע נאָך אַלץ קראַנק?

---

נאָכ'ן טומלדיקן טאָג קומט ווידער אַ וויסטע נאַכט און שטיקעניש און מיאוסער ריח פון דער פּאַראַשע. דער וועטער

האָט זיך אויך געביטן, ריכטיק ווי אויפ'ן האַרצן, און מען וואַלגערט זיך אין פאַרפוילטן שטרוי מיט דעם אומפליט.

אָבער באַ סטאַכן איז פאַרשטוב איז ווידער פריילאַך. ער שטאָפּט זיך אַן דורכ'ן טאָג מיט נעלט און אַלע נאַכט שכור'ט ער. איגנאַץ זיצט שוין די גאַנצע צייט באַ אים אין פאַרשטוב. ער העלפט אין אויפראַמען און אַכטונג געבן אויף די זשידקעס, ווען זיי קומען זיך זען. באַנאַכט שכור'ט מען זיך אָן און ס'הערט זיך די הייזעריקע קווּיטשעריי פון יענער... און איגנאַץ'ס שאַרפער, גיכער קול:

—פאַנאָוויע, טאַנצן: „האָפּאַי, טופּאַי, שטשופּאַי".

און סטאַך'ס צושטימונג:

—טאַק, טאַק פאַנאָוויע!

---

מען האָט די נאָוואָבראַנצעס ניט צוגענומען ניט היינט, ניט מאָרגן און ניט איבערמאָרגן און אַלע טאָג קומט מען צום פענסטערל אָנזאָגן: מען האָט שוין גערעדט מיט'ן נאַטשאַלניק, היינט אָדער מאָרגן געווים!

יעדן מאָל גלויבט מען און מען הויבט אָן ריידן צווישן זיך. אַז היינט גייט מען זיך שוין זעגענען מיט דער היים און ס'ווערט באַנג. אָבער די שעה'ן קריכן פּוסטע, שרעקלאַכע, וויסטע און ס'ווילט זיך אַפילו פאַרפאַלן ווערן אין דער פרעמדער אַבי אַרויס פון דאַנען. און מען האַלט זיך אין איין זעגענען דורכ'ן פענסטערל. אַז מען וועט זיצן אויפ'ן פור, ווער ווייס צי עס וועט זיין אַ געלעגנהייט?

אָבער דער גרעסטער צער און אומעט איז אויסגעגאָסן אויף לייזערן. ער האָט די גאַנצע צייט זיין מאַמען ניט געזען. ער עסט כמעט גאָר ניט. גייט אַרום אַ צעווייטיקטער.

און איינמאָל אַ פרייד:

—ליזער! ליזער! מען רופט ליזערן צום פענסטערל. ליי־
זער, די מאמע איז דא!

מיט די דארע אויסגעצערטע הענט דראפעט זיך ליזער צום
פענסטערל, מען כאפט אים אונטער, מען האלט אים אונטער־
געהויבן.

און דער ליטווישער בחור איז נייגעריק, קוקט ארויס פון דער
זייט און וואונדערט זיך אויפ׳ן קול:

פארוואס רעדט איר ניט? וואס קוקט איר זיך אן און איר
וויינט? איר ווילט אריינגיין? איר האט אים געבראכט געקעכטס?
—שרייט ער צו דער אלטער. — ער וועט אייך ארייגלאזן. — און
אליין שפרינגט ער צום טיר:

—סטאך עפן מיר!

סטאך האט געעפנט. דערווייל האט זיך געעפנט די טיר פון
דרויסן און די אלטע איז אריין מיטן טעפל איינגעטוליעט אין
דער פאטשיילע.

—וואו? וועמען? איז סטאך צו איר צוגעטראטן.

ליזער, אט איז די מאמע! — האט דער ליטווישער גערופן
אין דער אפענער טיר פון קאמער, וואו דער בלייבער ליזער האט
זיך באוויזן.

סטאך האט אבער פארשטעלט מיטביידע הענט דער אלטער
דעם וועג.

—א צוואנציקער? ניין. קנאפער פון צוויי גילדן נעם איך
ניט, נאך צום ערשטן מאל...

—פאניע, פאניע!.. — האט זיך די אלטע געבעטן.

—איך׳ל דיר געבן די איבעריקע, — האט א זאג געטאן דער
ליטווישער.

עפעס האט זיך בא סטאך׳ן אנגעצונדן אין די אויגן. ער האט

־ערזען: דער ליטווישער וויל שטארק, אז די אלטע זאל זיך זען מיט׳ן זון.

דיינע וויל איך ניט... — האט סטאך א זאג געטאן מיט א בארביסענעם שמייכל, — בא דיר וועל איך ניט נעמען, זי וועט אליין געבן...

לייזער איז געשטאנען ווי א געליימטער.

און פלוצלונג, ווי צום ערשטן מאל בא די קאזאקן, האט זיך די אלטע געגעבן א ריס מיט׳ן טעפל צו לייזערן. סטאך האט איר געגעבן א כאפ פאר׳ן האנט, אויסגעדרייט מיט׳ן טעפל און גע־נומען ארויסוואַרפן.

אין דער זעלבער רגע האבן זיך אויף סטאך׳ן ווידער א שאט געטאן קלעפ ווי האמערס. נאך פריזיוואניקעס זיינען אריינגעלאפן פון קאמער און געהאלפן שלאגן. סטאך איז מיט א געוואלד ארויסגעלאפן אויפ׳ן גאס.

און אפיצער איז אריינגעלאפן מיט א פאר קאזאקן.

פון אפיצער האט דער בראנפן געשלאגן א מייל פון דער וויטן.

—וואס? ! ווער? ! בינדן !!

סטאך גיט איבער שטריק צו די קאזאקן און דער ליטווישער ליגט שוין א געבונדענער הענט און פיס אויפ׳ן גארע.

—וועט ווער אפבינדן, וועל איך פארשמייסן ! גייט אוועק דער אפיצער.

---

מיט אפגענומענע אברים זיצן די פריזיוואניקעס. די ערשטע מינוטן ציען זיך אויס אין יארן. מען האט זיך מורא א ריר צו טאן. נאר איין לייזער קריכט צום ליטווישן: ער וועט אים אפ־בינדן, זאל מען אים פארשמייסן — ער האט קיין מורא ניט.

נאר דער ליטווישער שטופט אים אוועק מיט די פיס, ער זאל זיך צו אים ניט פרובירן צורירן.

זאָל קיינער אים ניט אָפּבינדן, נאָר אַז סטאַך וועט אים קומען שלאָגן, זאָלן זיי זיך איינשטעלן. . . און ער לאַכט דער ליטווישער און זאָגט חכמות און וויל זיי מאַכן פריילאַך. . .

---

סטאַך איז ניט געקומען שלאָגן. ער האָט אָבער מער ניט געוואָלט צולאָזן צו די פּריזיוואָניקעס און פאַר יעדע צוגעטראָגענע זאַך האָט ער געריסן טאָפּלט ווי פריער און נאָך געסטראַשעט: ער וועט ניט לאָזן ריידן דורכ'ן פענסטערל.

און דורכ'ן פענסטעדל איז געגאַנגען אַ שמועס און מען האָט זיך געטרייסט הערנדיק, אַז סטאַך וועט שוין כאַפּן דעם בראָך. כ'עז האָט אים שוין פאַרמאָלדן פאַר'ן נאַטשאַלניק, אַז מאָרגן וועט מען זיי שוין געוויס אַרויספירן אין גובערניע. . .

---

אין אָוונט האָט זיך הינטער'ן טיר בײַ סטאַך'ן ווידער דער־הערט די פריילאַכע קולות און די האַלב־שכור'ע אויסרופן פון איג־נאַץ'ן, סטאַך'ן און דער „זי".

איגנאַץ'ס „פּאַנאָוויע" האָט באַזונדערס שאַרף און איילים געשניטן. האָפּאַי, טופּאַי, שטשופּאַי!..

אַ געדריי, אַ טופּעריי, ניט ווי פון דריי, נאָר ווי פון צען און אין מיטן אַ צעשראָקענער הייזעריקער קוויטש, און באַלד עפּעס אַ פאַל, אַ טומלעניש.

די טיר פון די פּריזיוואָניקעס עפנט זיך האַסטיק. איגנאַץ שפּרינגט אַריין מיט צעגליטן אויגן. ער כאַפּט זיך פאַנאַנדערבינדן דעם ליטווישן און רעדט אין געאייל:

—איך האָב אים, דער כאָלערע, אַנידערגעלייגט מיט אַ זעץ איבער'ן קאָפּ. ער וועט זיך אַזוי גיך ניט אויפהויבן. ער וועט מיך היטן די כאָלערע! ווילסט, קום מיט מיר איבער'ן גרענעץ! די נקבה האָב איך אויך געהייסן לויפן. קום! און דו, לייזער, קענסט

אויף. איך וועל דיר אריבערגעמען, כ'האָב אַן אָרט, וועסט פאָרן אין אַמעריקע . . . ווער עס וויל, קומט . . . ניטאָ קיין צייט . . .

—איגנאַץ, — זאָגט דער ליטווישער, — כ'ווייס, אַז קיינער וויל פון אונז ניט לויפן. . .

—ווי דו ווילסט, כלאָפּעץ, דאָ ווידזעניע! זיי מיר אויף קאָטאָרגע, האָט ער אַ זאָג געטאָן אין זיין צעדרייטן אידיש, — איך פייף זיי, הער!

און אין אויפרעגונג האָט ער אַריינגעכאַפּט צוויי פינגער אין מויל, שניידיק אַ פייף געטאָן און אַרויס פון קאַמער.

---

אויף מאָרגן איז סטאַך צוערשט געזעסן פאַרשפּאַרט וואו די „זי" איז געזעסן. שפּעטער זיינען געקומען צוויי קאָזאַקן און האָבן אים מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ אַוועקגענומען.

די טיר פון די פּריזיוווניקעס איז געווען אָפן. אַ קאָזאַק האָט זיך געקראַצט אין דער אונטערגעשאָרענער פּאַה און געאיילט זיי צו די פורן. — אַ גוטן שליטוועגס, סטאַך! — האָבן די פּריזיוווניקעס אים נאָכגעשריען.

—אַליץ צוליב איין, זשידזשי! — האָט ער אין צאָרן אַ הילך געטאָן און די פּריזיוווניקעס האָבן געלאַכט.

---

די אידישע פּריזיוווניקעס אין דער גובערנסקער קאַזאַרמע פילן זיך ניט היימלאָך.

שקצים, שקצים, שקצים צוזאַמען מיט'ן ריח פון בראַנפן דרייען זיך אַרום, טאַפּטשען זיך אַרום זיי, און קוקן אויף זיי מיט מאָדנע אויגן.

די קאַזאַרמע איז פול מיט פּריזיוווניקעס, אָבער זי קוקט זיי אוים ליידיק און פוסט. אַן מעבל, מיט הוילע נאַרעס אַרום די ווענט, און דער ליאַרעם וואָס הילכט אָפּ מיט אַ ווידער־קול, מאַכט אויף זיי דעם איינדרוק פון אַ וויסטער פוסטער געביידע.

אלע זיינען דאָ הינטער מויער און שלאָס. אַ דניעוואַלנער מיט'ן שטיק אויפ'ן פּאַסיק, היט באַם טיר. און ניטאָ וואָס צו טאָן — גייט אַ גערייידעריי, אַ געזאַנג. דער פּויליש צוזאַמען מיט די שפּיצן פון די קאָנפעדעראַטקעס טראָגט זיך פון אַלע ווינקלאַך און איין געדאַנק איז פאַרגליווערט אין די שקאַצישע אויגן: גיין דינען דעם קאַצאַפּ — אַ כאָלערע!

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן. אַזאַ געלעגנהייט כוואַטסקע אויס־צולאָזן צום אידן דעם אייגענעם שכור'ן אומעט און פאַרדרוס.

דער אידישער אינגל אין גוי'אישן ים האָט גענומען פאַר־פלייצט ווערן פון שפּאָט און געלעכטער און רייצעניש: וואָס זיינען זיי צוזאַמען? ושידקעס, זיך צוזאַמענגעטוליעט! האַלטן זיך באַ־זונדער! . .

און קומט איינעם אויס דורכגיין אַליין, כאַפּט ער שטורכעס און סטוסאַקעס, אַזוי זיך, כלומר'שט שפּילנדיק, אין געלעכטער, אָבער מיט גענוג רציחה ס'זאָל וואָס שטאַרקער וויי טאָן. . .

און שקצים, שקצים קומען צו, דרייען זיך צוזאַמען מיט'ן ריח פון בראַנפן און לאַכן און ווייזן אַז אויפ'ן קול — דאָס געפעלט ניט אין דעם, דאָס געפעלט ניט אין יענעם און מען קומט צו נענטער און מען גיט אַ טשעפּ, אַ צופּ . . .

לייזער איז גאָר צעמישט. אים דוכט, אַז אַלע שקצ'ישע אויגן זיינען אריינגעשטאָכן אין אים און ער פילט, אַז ער באַדאַרף זיך אויסבאַהאַלטן מען זאָל אים ניט זען, ניט באַמערקן. און ער קוקט ווי מיט געבעט אויפ'ן ליטווישן, ווי יענער זיצט אָנגעכמורעט און רירט זיך פון אָרט ניט און דאָס צעמישט אים נאָך מער.

באַזונדערס שרעקט ער זיך פאַר איינעם — עס איז אַ שגץ מיט אַ שאַרפער נאָז און נאָך מיט אַ שפּיציקל באַם עק און איינ־געזונקענע אויגלאַך. ער איז איינגאַנצן אַ ווייסער. אפילו די דינע

ליבן זיינען ווייס. נאר טרעפט ער זיינע אויגלאך, ווערט לייזערן עפעס קאלט און עפעס מוז ער טרעפן זיין קוק ווי יענער וואלט אים די גאנצע צייט נאכגעקוקט.

לייזער איז גאר צעשראקן. דעם ליטווישן האט מען אויס־גערופן און ער האט אים געזאגט, אז ער ווייס ניט צי ער וועט צוריקקומען און דער ווייסער שגץ האט אים שוין פרובירט א טשעפ טאן. גאר באזונדער רואיק, געלאסן איז ער צוגעקומען און טשעפ געטאן זיינם א פאה, כאטש ער האט זיי אזוי גוט באהאלטן אונ־טער'ן היטל. קיינער פון די אידן געמט זיך פאר אים ניט אן. אלע האבן געקוקט צעשראקן, ווי ער האט אים א קראץ געטאן זיך אזוי פארבייגייענדיק אונטער'ן היטל, ארויסגעשלפט א פאה און זי א צופ געטאן.

וואס האט ער זיך צוגעטשעפעט צו אים? ווען דער ליטוואק וואלט געווען. ער האט צוגעזאגט ריידן פאר אים, נאר ער איז ניטא און קיין אנדערער נעמט זיך פאר אים ניט אן. עפעס איז צוגעקומען א אידישער בחור אין א העמדל מיט קוטאסן, אויך געווים א ליטוואק, קוועלט ער גאר אן, וואס דער שגץ טוט מיט אים. ער לאכט אויף פון זיינע פאות. וואס זאל ער טאן? ער מוז שווייגן, כאטש דער שגץ איז שוין א פאר מאל אזוי דורכ־געגאנגען גארניט ריידנדיק און א צופ פאר א פאה! און ער, שווייגנדיק, לייגט צוריק ארונטער אונטער'ן היטל.

און נאך שקצים האבן שוין אנגעהויבן נאכטאן און זיי טוען עס שוין ניט שווייגנדיק, נאר זיי קומען מיט געלעכטער, מיט העזות און צופן און ס'טוט ווי . . . און דער בחור אין העמדל מיט די קוטאסן איז נאך ערגער פון א גוי — ער קאטשעט זיך גאר פון געלעכטער בא יעדן אויסגעשריי.

א גליק, אלע האבן זיך א קער געטאן צום טיר. סאלדאטן ברענגען אריין א טיש און לייגן אויף זעלנערשע בגדים. מען וועט

באלד אויסרופן. נאך סאלדאטן טראגן אריין א קלאץ ווי אויף צו האקן פלייש און מען שטעלט זי אוועק אין מיטן קאזארמע, נענטער צו א פענסטער. א סאלדאט מיט איין שער־מאשינקע און א סאלדאט מיט נאך א שער־מאשינקע שטעלן זיך דערביי.

און לייזערן האט מען פארגעסן. מען טשעפעט אים ניט איצט. אלע סאלדאטן טאפטשען זיך ארום דעם טיש און ארום דער קלאץ, אבער לייזער האט זיך נאך קיינמאל ניט געפילט אזוי אומרואיק ווי איצט. ער איז פלוצלונג ארויס פון זיין פארגליווערט־קייט. ער איז געווארן רירעוודיק, צעשמאיעט. ער האט נערוועז געקנאקט די ביינערדיקע פינגער, ארומגעלאפן הין און צוריק, אפשר וועט ער געפינען דעם ליטוואק — ער זאל ריידן פאר אים. ווי איז אים, ניטא יענער און ווער וועט פאר אים ריידן? ער זעט ווי געדיכט־באוואקסענע קעפ קומען ארויס הויל ווי אפגעגאלטע. זאל מען זיי זאגן, אז א אידן טאר מען דאס ניט טאן. עס איז הייליג, ווי בא שמשון'ען הייליק. און וואס וועט זיי ארן? אט ווייס ער קאזאקן בא זיי אין שטאט טראגן אויך איין פאה. זאל מען זיי זאגן, די סאלדאטן, וועט מען אים ניט טשעפען. אפשר וועט דער בחור אין העמדל ריידן. נאר יענער לאכט אים אויס. ער זידלט אים גאר. עפעס ערגער פון א גוי איז ער. ווי, וואס זאל ער טאן?

ער האט אינסטינקטיוו א ריר געטאן די פאות אונטער'ן היטל. די הארץ קלאפט בא אים אזוי. זינט ער געדענקט זיך, האבן זיי נאך קיינמאל ניט געפילט דעם שארף פון אייזן. נאר גאט וועט אים ניט פארלאזן. ער וועט אפבעטן. זיי טארן ניט טשעפען...

וואס טוט זיך דא מיט אים? לייזער האט זיך אונטער גע־לעכטער א ריס געטאן פון קלאץ. ער האט דערפילט ווי מען האט אים א שער געטאן א פאה. ער וועט זיך ניט לאזן! ס'טוט וויי! די מאמע האט אים אמאל, איינגלוויין, איינגעשארן אין אויער,

איצט טוט נאָך מער ווײ. ער וועט זיך ניט לאָזן. . . ער וועט זיך פאַרשטעלן מיט די הענט. זאָל מען אים בעסער די פינגער איינשערן! . .

אוי ווײ, מען האַקט אים איבער די פינגער, מען דרייט אים אויס די הענט, מען וועט זיי אים צעברעכן! . .

---

„פּערציק מענטשן — אַכט פערד" שטייט אָנגעצייכנט אויף יעדערן פון די ברודיק־ברוינע וואַגאָנעס. פערד זיינען אין די וואַגאָנעס ניטאָ, אָבער נאָוואָבראַנצעס איז אין יעדן וואַגאָן פאַראַן מער פון פערציק, מער פון פופציק, מער פון זעכציק, און מען שטיקט זיך, און מען שטופּט זיך פון פינסטערן וואַגאָן צו דער וואַנט, וואָס רוקט זיך פאַנאַנדער און עפנט אַ קוק אויף גאָט׳ס ליכטיקער וועלט.

נאָר אַ בענדלדיקער סאָלדאַט שטייט מיט׳ן שטיק באַ דער פאַררוקטער טיר. ער וועט האַלטן אָפן אַ שפּאַרע — בלויז אַ שפּאַרע. . . אָבער בראַנפן, פּאַפּיראָסן, מטבעות. . . און די ליכטיקע וואַנט פון פינסטערן וואַגאָן ווערט ברייטער, ברייטער, ברייטער. . .

און דער צוג שלענגלט זיך, ציט איבער רוסישער ערד. ס׳לויפן פאַרביי טעלעגראַפן־סלופּעס, און ס׳קומען אַנטקעגן פעלדער, וועלדער, דערפער, לאַנקעס דורכגעשניטן פון טייכלאַך, באַשאָטענע מיט פּי, פּויערים און פּויערטעס באַ דער אַרבעט, וואָס גלייכן זיך אויס און קוקן נאָך, שיקסעס אין קאָלירטע טיכלאַך, וואָס פאָכען אַנטקעגן דעם ליאַרם פון די וואַגאָנעס.

און אין די וואַגאָנעס איז אַ ליאַרעם, בראַנפן. בראַנפן גיסט זיך פון פלאַשן אין די מיילער און אין די מוחות אַריין. מען פירט אין דער פרעמד, פון דער פּוילישער ערד ערגעץ אין דער ווייטקייט אַריין. און מיט שכור׳ן הפקר שרייט מען, טומלט מען, זינגט מען.

אויף אנדערע סטאַנציעס נעמט מען צו און מען לאָזט אַרונ־
טער נאָוואָבראַנצעס.

און מען שטופּט זיך צו דער אָפענער וואַנט, אָבער דאָרטן שטייען שוין די שטאַרקערע, די געוויקסיקערע אַליין ווי אַ וואַנט און לאָזן קיין אַנדערע ניט צו.

זידלט מען זיך, קריגט מען זיך, מען האַלט זיך באַם שלאָגן ביז דער בענדלדיקער „מאַכט שלום": זאָל זיין שטיל! אַ ניט וועט ער גאָר פאַרהאַקן די טיר!

לייזער ליגט אין דער פינסטער, פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל און ווי אין חלום הערט ער דעם געשריי, דעם ליאַרעם, אָדער פילט דעם אָפּשטעל אויף אַ סטאַנציע.

זאָל מען אים נאָר לאָזן צו רו! אָבער די האַרץ שרעקט אַזוי. אַזוי ווייניג אידן געבליבן אין וואַגאָן צווישן הוילע שקצים. דעם בחור מיט דער העמדל קען ער ניט רעכענען און דאָס ערגסטע — דער ווייסער שגץ. פאַר אים האָט ער אַזוי מורא! ער פילט נאָך דעם ווייטיק אין די פאות און עפּעס האָט ער מורא פאַר נאָך ערגערס: עפּעס איז דער ווייסער שגץ אַ גאַנצער פּאַניע בראַט מיט'ן בענדלדיקן. סוד'עט זיך מיט יענעם, און זיי ביידע באַ־טראַכטן אים אַמאָל און לאַכן. ווער ווייס, וואָס ער קען אים טאָן? אָבער פאַרוואָס שטראָפט אים אַזוי גאָט? מיט וואָס האָט ער אַזוי געזינדיקט? און אַ פאַרדרוס, אַן אומבאַוואוסטער, טיפער ווייטיק, וואַקסט אין אים און ער כאַפּט זיך באַלד, אַז מען טאָר אַזוי ניט קלערן, אַז גאָט ווייס וואָס ער טוט, מסתמא האָט ער באַרזינדיקט און ער בעט גאָט אין האַרצן פון דעם פינסטערן ווינקל גרויס, ער זאָס אים מוחל זיין און מציל זיין. . . ער וועט טאָן אַ נדר, אַז ער וועט זיין נאָך פרומער און וועט תשובה טאָן אויף אַלע זיינע זינד.

דערווייל טשעפּעט מען אים ניט. מען שטופּט זיך נאָך אַלץ

בא די טירן און מען זעט כאפּן א קוק אויף די אנדערע וואגאנעס בא אן אויסבויג פון וועג און ליארעמען פון איין וואגאן צום אנדערן. אפשר וועט זיין וועג אריבער בשלום. . .

---

א גרויסע סטאנציע.

אן אָפיצער גייט דורך די וואגאנעס. די בענדלדיקע סאָל־דאטן שפּרינגען ארונטער פון די הויכע טירן און ראפּאָרטירן. ער רעדט צו און זיי לויפן איבער די וואגאָנעס און זאָגן אָן:

—נאָוואָבראַנצעס, ס׳וועט זיין פאר אייך „אביעד״!

---

איבער לייזערן שטייט דער בענדלדיקער סאָלדאט מיט׳ן ווייסן שנץ באם זייט, קוקט שטרענג און פרעגט שטרענג:

—פּארוואס עסטו ניט?

מיט צעשראָקענע אויגן ענטפערט לייזער ווי ער קען, אז ער איז זאט, ער וויל ניט עסן. ער טאָר ניט, ער וויל ניט. . .

—איך דארף דיך צושמעלן — האלט זיך בא זיינס דער בענדלדיקער — בין פאראנטוואָרטלאך צושטעלן דיך אין גוטן אָרדנונג צו נאַטשאַלסטווע. דער אָפיצער האָט אנגעזאָגט: ניט לאָזן עסן קיין הערינג און עפּל. ווייטער אויפ׳ן וועג וועט אומעטום זיין צוגעגרייט „אָביעד״ . . . און דער בענדלדיקער סטראשעט לייזערן מיט׳ן פינגער, וואָרים ער איז פאראַנטוואָרטלאך.

און לייזער האָט דערזען דעם מאָדנעם קרומען שמייכל באם ווייסן שנץ אויפ׳ן פנים, א שמייכל, וואָס האָט געמאכט, אז דאס הארץ זאָל בא אים פארגיין פון שרעק.

---

דער ווייסער מיט׳ן בענדלדיקן האָבן צו אים גענומען צוגיין. . .

לייזער האָט מיט׳ן הארצן דערשפּירט, אז איצט קומט דאס

ערגסטע. ער וועט דאָס ניט איבערלעבן. ער וועט בעסער ארויס־שפרינגען פון באַן, זאָל ער בעסער גע׳הרג׳עט ווערן.

און ער איז מיט אמאָל ווידער געוואָרן לעבעדיק און רירעוור־דיק. ער האָט זיך געטאָן א הויב, א גיי, אויסגעמיטן דעם בענדל־דיקן מיט׳ן ווייסן און ער איז שוין באַם טיר. נאָר צענדליקע הענט שטרעקן זיך צו אים אַנטקעגן. . . ניין, ער טאָר אין די הענט ניט אַריינפאַלן און ער דרייט זיך פון זיי ארויס ווי א שלאַנג. דוכט זיך, דער וואַגאָן איז אזוי ענג! אבער לייזער לויפט אַרום מיט א יאָמערדיקן שלוכצן הין און צוריק, דרייט זיך אויס, וויקלט זיך אויס פון א נעץ מיט הענט. . . אידן, לאָזט ניט! נאָר וועניג זיינען זיי. די עטלאַכע בלייבן צעשראָקן און האָט זיך איינער א ריר געטאָן, זעט ער, ווי מען האָט אים געגעבן א שאַר אוועק. און אוי. . . ער פאַרבייסט די ליפּן, ער פּערטשימעט די ציין. ער וועט זיך ניט לאָזן! . . גוואַלד! דער ווייסער שטיקט אים פאַר׳ן האַלז! ער וועט אים דערווערגן. . .

לייזער עפנט די מויל ווי א פיש אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער און א שרעקלאַכער ריח גיט אים א שפּאַר אין מויל — א ריח געגן וועלכן עס בונטעוועט זיין גאַנצע בלוט. און דער ריח קריכט טיפער, טיפער אין האַלז. . . ער וויל ברעכן, זאָל מען אים לאָזן ברעכן. . . אוי, אוי! . .

און ער טוט א בראָך ווי ער וואָלט זיין גאַנצע אינגעווייד אויסגעבראָכן און א געלעכטער, א געלעכטער:

—וואָס, חזיר איז געשמאַק?

און פון וואַנען האָבן זיך גענומען כחות צו לייזערן? ער האָט זיך פּלוצלונג א וואָרף געטאָן בלינד־פאַרצווייפלט אויף אַלעמען. מיט א צעעפנטער מויל האָט ער זיך געכאַפּט בייסן וועמען ער האָט געקענט — דעם בענדלדיקן, דעם ווייסן. צום אָנהויב האָט מען געלאַכט, זיך אויסגעדרייט פון אים. נאָר באַלד האָט אים

דער ווייסער געגעבן אַ זעץ און ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף אים אַ באַרג מיט שקצים מיט די קערפּער, מיט די שטיוול און ער איז געבליבן ליגן איינגעפּאַקט אונטער דער שווערער משא.

איבער׳ן האַלב־טויטן לייזערן איז נאָך געשטאַנען דער בענ־דלדיקער און צעקאָכט געדעדט: ער וועט ראַפּאָרטירן אויפ׳ן אָרט. אַז לייזער האָט זיך געכאַפּט שלאָגן צו אים, דעם נאַטשאַלניק. ער וועט זען!..

---

וואָס גייט אַן לייזערן וואָס זיין באַן טראָגט זיך עפּעס אויף פרעמדער ערד, וואו עס איז שוין ווינטער, וואו דער שניי ליגט פּוכיק אויף די וועגן און קריזלדיק אויף די ביימער? וואו די ערד איז ווייס און דער הימל פּראָסטיק־גרין? פאַר אים קומט פרעמד־קייט און פייניגונג, פייניגונג און פרעמדקייט. עפּעס ווי אַ שפּענדל איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שטראָם און דער שטראָם טראָגט אים אָן זיין ווילן און ווער ווייס וואו ער וועט אים פאַרטראָגן.

נאָכ׳ן חזיר געבן, האָט ער זיך אין דער פינסטערקייט פון וואַגאָן ווי אויפגעלייזט אין געוויין. אפילו די זעלבע שקצים, וואָס האָבן אים מיט גוואַלד אַריינגעשטופּט דעם חזיר, האָבן אים איצטער אונטערגעטראָגן זיין ברויט און עפּל, וואָס זיי האָבן פריער אָפּן צוגעלאַטכנט, און אים געזאָגט, ער זאָל קיין מורא ניט האָבן. מען וועט אים ניט טשעפּען.

אָבער לאַנג האָט די גרויסמוטיקע שטימונג ניט אָנגעהאַלטן. דער ווייסער האָט געדרייצט, דער בענדלדיקער האָט זיך שבור צוגעהערט און געקוואַלן. נייע שקצים קומען אַן און ס׳ווילט זיך אַ שפּיל טאָן. . .

נאָר אויף דער לעצטער סטאַנציע זיינען אַריין אַ כאַפּטע כוואַבראַנצעס סטאַראָווערן און איינער אין אַן אויסגעהעפטער

בלוזע איבער די הויזן האט געקוקט, געקוקט און קורץ הילכיק א זאג געטאן צום ווייסן:

—ניט פרוביר צו טשעפען!

דער ווייסער איז געווארן נאך ווייסער און זיך ווי איינגע־קארטשעט אונטער'ן געזונטן קול און געזונטן אויסזען פון דעם פרישן גאוואבראנעץ. אבער דער רויט־פאר'שכור'טער בענדל־דיקער איז געווארן נאך רויטער:

—וואס איז דיין עסק?

—מיינער! — האט יענער א זאג געטאן מיט מאדנער עקשנות און זיך געגעבן א שטעל אין זיין גאנצער הויך און פעסטקיים.

—כ'וועל דיר באלד ווייזן. . .

—וואס מיינסטו, כ'האב מורא פאר דיר? — האט דער גאוואבראנעץ א גיי געטאן דעם בענדלדיקן אנטקעגן.

מען האט גאר אן לייזערן פארגעסן און אלע האבן געקוקט וואס דא וועט זיין.

—דו, סטאראוורסקע פעל, וועסט בא מיר אוועק. . .

ער האט ניט פארענדיגט. כאטש שכור, האט ער דאך דער־פילט צעקאכטע אויגן אויף זיך און איינער פון דער כאפטע האט זיך קאלטבלוטיק א זאג געטאן:

—ארטעמיעוו, ווילסט? דערלאנג! מיר וועלן ניט אפשטיין.

—„פאד סוד" וועט איר גיין. . . און דעם זשיד וועל איך אנקארמענען. . . — האט דער בענדלדיקער שוין גערעדט א סך שטילער און געבליבן ווי צוגעשמידט אויף זיין ארט באם טיר.

—אט פרוביר!

און מען האט לייזערן טאקע מער ניט פרובירט רוקן קיין חזיר אין מויל. די פאר אידן האבן זיך אויך דערפילט פרייער. האבן

צו לייזערן פּרובירט ריידן. אפילו דער בחור אין בלוזע האט עפּעס ווי האלב אין טרייסט, האלב מיט רחמנות גערעדט:

—דו ביזט א פּאטראן, א פאַרשמאַלצעוועטער בחור. נו, וואס איז? ס'איז גארניט, עסן חזיר. מיינסט מען שטאַרבט?..

אָבער לייזער הערט ניט, ניט די טרייסט־רייד און ניט דעם בחור אין דער בלוזע. עפּעס איז ער ווי טויב און בלינד. ער איז אין גאַנצן ווי אַריין אין זיך און דאַרטן — אַט־אַט וועט די האַרץ פּלאַצן. . . .

---

מיד, איינגעקאַרטשעט, קראַנק פון קלעפּ, שטייט ער אויס־געשטעלט צוזאַמען מיט אַנדערע אויף אַ פאַרשנייטן פּלאַץ און הערט יע און הערט ניט ווי אַן אָפיצער אין ברילן רופט אויס נעמען.

ער איז ערגעץ אַנגעקומען נאָך אַזוי פיל פּלאָגענישן און גלייכגילטיק איז ער און גאַרניט אָנגעשטרענגט און גאַרניט אויף דער וואָך, ניט דורכצולאָזן זיין נאָמען און זיך אַרויסרוקן פאַראויס ווי די אַנדערע.

עפּעס אַ פאַרקאַן מיט שפּיציקע אייזערנע שטאַכעטן הויבט זיך פון אַלע זייטן. ער קוקט אויף אים, אַ רויטע וואַנט פון אַ מויער אַנטקעגן מיט טירן, מיט אַלערליי פענסטער — לאַנגע און רונדע, דורך וואַנען מען זעט אַרומשמייענדיק סאָלדאַטן און ער קוקט אויף דעם. עפּעס שפּיצן פון גרויסע מויערן קוקן אַריבער דעם פאַרקאַן.

—לייזער קאָלנענסקי.

—וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע! — כאַפּט די האַנט צום קאָזירעק דער בענדלדיקער — דער־אָ האָט זיך געכאַפּט צו מיר אויפ'ן וועג שלאָגן! — ראַפּאָרטירט ער אַן רחמנות.

—אונטער אַרעסט! — האָט אַ זאָג געטאָן דער אָפיצער. איידער ער האָט נאָך אַ קוק געטאָן אויף לייזערן.

לייזער האָט אונקלאָר, מיט'ן האַרצן דערפילט אַ שטייג און ס'האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ווילן צו נעמען לויפן. . . ער וואָלט דעם פּאַרקאַן אַריבערגעפלויגן, ער וואָלט לויפן וואו די אויגן וואָלטן אים געטראָגן. אוי, פאַרוואָס איז ער אין דערהיים ניט אַנטלאָפן? . . וואָס וויל מען פון אים? נאָר די פיס און דער גאַנצער קערפּער זיינען מיד, צעבראָכן און קראַנק פון קלעפּ. בלייבט ער שטיין איינגעקאָרטשעט אין קעלט און שניי און קען אפילו ניט אויספאָלגן די קאָמאַנדע זיך צו פאַרנעמען פון פּלאַץ.

---

מען האָט אים דורכגעפירט די קאַראַאולנע פּאָמעשטשעניע און הינטער אים האָט זיך פאַרמאַכט אַ טיר פון אַ קאַמער.

באַלד פון ערשטן טריט האָט זיך לייזער אַ צי געטאָן אוריק. גלייך אַנטקעגן, אין ווינקל צוקאַפּנס, האָט ער דערזען הענגט די „מאַמע מיט'ן זון" און אַ לאַמפּאַדקע ברענט פאַר זיי מיט אַ געל־טויט פלעמל.

וואָס וויל מען דאָ פון אים? ער טאָר דאָ ניט זיין! באַ אים האָט זיך אַ הויב געטאָן אַ בלינדער פייערדיקער געפיל. ער קען ניט פאַרזינדיקן זיין נשמה — ער וועט ניט זיין מיט דעם צו־זאַמען! און זיינע פויסטן קלאַפּן אין טיר.

דער „וואָלטשאָק" האָט זיך געעפנט:

—וואָס ווילסטן?

לייזער רעדט, טענה'ט, ווייזט אין ווינקל. דער וואָס באַם „וואָלטשאָק" רעדט צו די סאָלדאַטן פון „קאַראַאולנע פּאָמע־שטשעניע" און דאָרטן הויבט זיך אויף אַ געלעכטער, וואָס וואַקסט, שטאַרקט און שניידט לייזערן ווי מיט אַ מעסער, אָבער ער וועט ניט לאָזן ער זאָל זיין אינאיינעם מיט דעם. . . און ער קלאַפּט אין טיר מיט די שטיוול.

עס עפנט זיך די טיר:

—טי טשעווא?

לייזער וויל ווייטער עפּעס ריידן, זאָגן, נאָר ער כאַפּט א שליידער אויפ'ן קאַיקע.

—וועסט זיך בריקען, וועלן מיר ממית'ן.

וואו איז ער דאָ אין דער וועלט וואָס נאָגט אים אַזוי באַם האַרצן און צעוואַקסט זיך מיט יעדער רגע ווי א נאָגנדער צאָן־ווייטיק — גיין, ערגער — אימיצער האָט אַריינגעכאַפּט זיין האַרץ אין א פויסט און דריקט, דריקט, דריקט. . . מיט'ן בלוט פון האַרצן פליסט דער ווייטיק, דער אומעט, און פילט אָן מיט בענקעניש אַלע גלידער. ער שפּאַנט אַרום אין קאַמער און געפינט זיך קיין אָרט ניט. ער ווייס, ער טאָר ניט קוקן אין „יענעם" ווינקל און קוקט דאָך און אַלע מאָל גיט אים א ברי דער קוק פון צוויי פּאָר אויגן — בייזע, פיינדלאַכע, באַלויכטן פון א געל־טויט פלעמל.

וואו איז ער דאָ אין דער וועלט? וואָס האָט מען צו אים? פאַרוואָס שטראָפט אים גאָט אַזוי?

און ער וויינט אין זיך, וויינט מיט טרוקענע אויגן, וויינט מיט בלוטיקע אונגעזעענע, פייערדיקע טרערן, וואָס שטיקן אים אין האַלז און לייגן זיך אויפן האַרצן ווי צעשמאָלצענע בליי.

רגע'ס פאַרגייען און פאַרשווינדן אין שעה'ן, טריט לייגן זיך אויס אין מיילן. א שווייס ליגט אויפ'ן אויסגעמוטשעטן פּנים— די פיס שטייף ווי קלעצער און ער שפּאַנט, שפּאַנט און בא יעדן אויסקער באַגעגנט ער די צוויי פּאָר אויגן אין ווינקל: בייזע, פיינדלאַכע, באַלויכטן פון געל־טויטן פלעמל.

אין בענקעניש פאַלט ער צו צום פענסטער. אָט ערשט איז ער געזעסן אויפ'ן פור. די מאַמע איז נאָכגעלאָפן און געשלוכצט. נאָר עפּעס א פרעמדע נאַכט קוקט אַריין דורכ'ן רונדן פאַרגראַטע־וועטן פענסטער. א פינסטערניש איינגעהילט אין ווייסן קוקט

אריין צו אים. ער וויל דערזען דעם פּאַרקאַן אנטקעגן און קען ניט. עפּעס טוט זיך אין דרויסן. שטיקער ווייסקייט גייען אַרום, דרייען זיך אַרום פאַר'ן פענסטער אין דער נאַכט. ער זעט ניט קיין הימל, זעט ניט קיין ערד — איין פינסטערע ווייסקייט גייט אין געדריי און שפּאַרט צו אים אין קאַמער אריין. און ער אנט־לויפט פון פענסטער און קומט ווידער צו און ווידער קוקט ער מיט צוגעשמידטע אויגן אויף דער פלאַטערדיקער ווייסקייט, וואָס גייט אין דער פרעמדער נאַכט און פאָכעט פאַר'ן פענסטער ווי מיט תכריכים. . .

---

ווי אַ שאַרפער ווייטיק וואָלט אים אַ שניט געטאָן, האָט ער זיך מיט אַמאָל אויפגעכאַפּט, אויפגעשפּרונגען, זיך אויפגעזעצט און גענומען ברעכן די הענט:

וואָס איז מיט דער מאַמען? מיט דער מאַמען?

דורכן רונדן פענסטער קוקט אַלץ אריין די פינסטערניש איינגעהילט אין פלאַטערדיקן ווייסן, קוקט אריין ווי אַ טויט־שטאַרע באַרגלאָצטע אויג. ער ברעכט זיך די הענט און קוקט מיט פּחד אויפ'ן פענסטער. און פּלוצלונג רייסט ער זיך אָפּ פון אָרט און הויבט אָן ווייטער שפּאַנען. ער ווייס, ער ווייס: ניטאָ מער די מאַמע. און ער אַליין וועט דאָ אויך אומקומען, ער וועט אויסגיין אין דער פרעמד — אפילו ניט קומען צו קבר ישראל. ניטאָ מער די מאַמע — מען דאַרף קדיש זאָגן. . .

און אין קאָפּ בײַ אים ליגט זיך אויס און די ליפּן מורמלען:

—יתגדל ויתקדש. . . נאָך דער מאַמען, נאָך זיך. . .

און ער ברעכט די הענט, און שפּאַנט, שפּאַנט, און בײַ יעדן אויסדריי טרעפט ער די צוויי פאַר אויגן בייזע, פיינדלאַכע, באַ־לויכטן פון אַ טויט־געלן פלעמל.

און מיט אמאָל האָט עס פּאַסירט. ס'איז אים געוואָרן הייס אין האַרצן. ער האָט מיט אויפגעריסענע אויגן זיך איינגעטאָן אין יענעם ווינקל. — דאָס זיינען זיי שולדיק אין אַלץ! צוליב זיי האָט ער געהאַט טענות צו גאָט, פאַרזינדיגט דער מאַמען און זיך! און ווילד שפּרינגט ער אונטער און דראַפּעט אויגן און רייסט און פליקט. . .

---

פון „קאַראַאולנע פּאָמעשטשעניע" לויפן סאָלדאַטן, צלמ'ען זיך און קרעכצען: גאָט, גאָט, די הייליקע איקאָנע!

זיי וואַלטן אים דער'הרג'עט, נאָר עפּעס שרעקט זיי אָפּ לייזער'ס ווילדע אויגן. ווער ווייס וואָס אין אים שטעקט?

און זיי פאַרדרייען אים די צעבלוטיקטע הענט אויף הינטן און פאַרציִען זיי שטייפער און שטייפער.

—ער וועט אוועק „פּאָד סוד"! גיט א זאָג איינער, ווי ער וואָלט זיך מיט דעם געשטילט.

—פאַר אַזאַ איז קאַטאָרגע ווייניג. . . — קאָכן זיך אַלץ די סאָלדאַטן.

---

---

און אזוי איז דער פרומער לייזער אוועק אויף קאַטאָרגע פאַר פאַרשוועכן הייליגקייטן.

# דער שלאָף

אונזערע אַרטילעריע־קאַזאַרמעס שטייען אויף אַ פעלז, ביי די סאַמע שכערן.

עס טאָגט. איבער די איינגעשלאָפענע וואַסערן שווימען נאָך אַרום, ווי פאַנטאַסטישע זעגל־שיפן, שטיקער פרילינגס־נעבל. די שפּיצן פון די פעלזן שטייגן אַרויס אַלץ דייטלאַכער אין גרויען פאַרטאָג. דער בלייכער באַגינען שפּאַרט זיך דורך די פענצטער אין קאַזאַרמע אַריין.

אין דער טונקלקייט זעען זיך שוין די רייען קויקעס. עס ליגן אויף זיי גרויע צונויפגעקאַרטשעטע סילועטן, ווי אַנגעשאָ־טענע בערגלאָך זאַמד. די גלייכע רייען מיט די ברעטלאָך צוקאָפּנס קוקן אויס ווי מצבות אויף אַ נייעם אָן־בוימערדיקן בית־עלמין.

דער האַרטסטער שלאָף הערשט איצט אין קאַזאַרמע. די לופט איז אַ פאַרשפּאַרטע און שטיקנדיקע. שווערע חלומות, ווי פלעדער־מייז, דוכט זיך, דרייען זיך אין דער לופט און באַ־האַלטן זיך אויס אין די טונקעלע ווינקלען.

— דערלאַנג... שלאָג... — רייסן זיך ביי איינעם פלוצלונג פון שלאָף בייזע, אָפּגעריסענע ווערטער.

— ליבינקע, טייבעלע... — שעפּטשעט ערגעץ אַנ׳אַנדערער אין חלום.

— אוי, אוי, דערשטאַכן... — כאַרכלט אימיצער פֿרוים מיט ווייטאַק און שליידערט זיך, ווי אַ געקוילעטער.

פֿאַרער פֿלוצלונג צעטראַגט זיך נאָר אַן׳אומעטיקער מאַנס־בילשער געוויין איבער דער פֿאַר׳חושכ׳טער געביידע.

# דער וועקן

דער זייגער האָט געשלאָגן פינף.

דער דניעוואַלנער, וועלכער האָט איינגעדרימלט שטייענדיק ביים וואַנט, האָט זיך פּלוצלונג אַ ריס געטאָן ווי פאַרווירט; ער האָט זיך אויסגעריבן מיט ביידע פויסטן די אויגן און מיט אַ געשריי זיך אַ לאָז געטאָן איבערן קאַזאַרמע.

— העי, אויף!... ש־ט־י־י־ט אויף... —

פון דעם פּלוצלונגן געשריי האָט אַלץ ווי אַ ציטער געטאָן, און זיך פאַרטייעט. ס'ווערט נאָך שטילער. קיין איין קלאַנג, קיין איין באַוועגונג.

— ס'איז צייט אויפצושטיין, שטייט אויף! — שרייט ווי־דער דער דניעוואַלנער.

פונקט ווי אַ קאַלטער ווינט וואָלט דורכגעלאָפן די קאַ־זאַרמע און אַרונטערגעבלאָזן אונטער די קאָלדרעס, הויבט מען אָן אומרואיק זיך רירן. באַלד אָבער איז מען ווידער שטיל — שטיל, ווי מען וואָלט דעם אָטעם פאַרהאַלטן.

— העי, טייוואַלים, מען דאַרף די פערד פוצן, — שרייט שוין כעס'דיק דער דניעוואַלנער — וואָס פאַרשטעלט איר זיך, פאַר די פיס וועל איך אַרונטערשלעפּן...

# דער אויפשטיין

מיט אמאל ווערט לעבעדיק. פון אונטער שינעלן און גרויע־געוואַנטענע קאָלדרעס באַווייזן זיך פּנים׳ער מיט פאַרשלאָפענע אויגן, מיט צעעפנטע מיילער פון גענעצן. ס׳שווינדלען לייב־העמדער: רויטע, גרינע, געשפּרינקלטע. מען בלייבט אויף די קויקעס זיצנדיקערהייט. מען רייבט זיך די אויגן, מען קראַצט זיך, מען שפּייט; ווער עס קוקט אַריין און זוכט ביי זיך אין העמד, און ווער עס לייגט זיך נאָך אמאל צו און ציט זיך געשמאַק אויס.

אין קאַזאַרמע ווערט יעדער אויגנבליק ליכטיקער. פון די פאַר׳חושכ׳טע ווענט קוקן אַרונטער די אויסגעהאַנגענע ביל־דער: קסרים מיט אָנגעמאַליעוועטע תמ׳עוואַטע פּנים׳ער; טערקן, וואָס טרינקען זיך ביי אַרדאַגאַן; „העלדן“, וואָס שטעכן אַריין זייערע שטיקעס דעם שונא אין די געדערים, אָדער — אָדער זיינען אַליין אַרויפגעשטאָכן ווי אויף אַ גאָפּל. די פּנים׳ער מיט פאַרביקע פלעקן אַרום — דאָס „פאַרגאָסענע בלוט“...

דער דעזשורנער קומט צולויפן אַ פאַרשמייעטער.

— וועק גיכער, די יעזדאָוויע אויף אובאָרקע, — ווענדט ער זיך צום דניעוואַלנעם.

—גיכער, גיין די פערד פוצן!

— העי, יעזדאָוויע אויף אובאַרקע! — הויבט אָן שרייען דער דניעוואָלנער.

— וואָס, זשיד, שלאָפסט נאָך? — וואַרפט ער זיך צו אַ בעטל, — העי זשיד — באַראַן — שטיי אויף גיכער, אויף אובאַרקע... — און ער רוקט אַרונטער אַ האַנט אונטערן קאָלדרע.

— וואָס רייסט איר מיך? — שפּרינגט אויף דער סאָלדאַט, און גלעט זיך די זייט.

— דאָס טויג ניט... — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער אידישער סאָלדאַט, שוין אַ „סטאַריק". — וועק, אָבער מיט די הענט טשעפּע ניט.

— אַ נאַשע בראַטיאַ... — לאַכט דער דניעוואָלנער, — סלוזשיט בודו, סטראַליאַט ניע בודו! איצקאַ, בערקאַ, שמערקאַ... 1) — שיט ער אַרויס זיין גאַנצן אַרסענאַל ווערטער און מאַכט דערביי מאָדנע האַוואַיעס.

— זאַבאַע, יאַק זידי מענזו סאָבאַי... 2) — רופט זיך אָפּ איראָניש איין מאַזורער שנע צו אַ צווייטן.

— נאַסאַ בראַציאַ, — רופט זיך אָפּ דער צווייטער אויפן רוסישן שטיינער.

— נו, און איר פּאַנעס פּשאַקרעוון, — שרייט דער דניע־וואָלנער פּלוצלונג אויס, — וואָס מיינט איר, כ'וועל זיך בעטן ביי אייך? איין מאָל געזאָגט — אויפשטיין — איז אויפ־שטיין!

— צאָ טע טאַם פּשאַקרעוו! 3) — באַליידיקן זיך עט־לאַכע פּאָליאַקן.

---

1) אַ אונזעריקע..... דינען וועל איך — שיסן ניט..

2) קוק נאָר, ווי די אידלאַך זיינען עס איינס פאַרן אַנדערן....

3) העי, וואָס זידלסט זיך?..

— בונטעוועט ניט, מיאַטעזשניקעס, — שרייען מיט געַ־לעכטער אַנדערע רוסישע. — דניעוולאַנער ! — רופן זיי אומישנע — טרייב די פּאַנעס אויף אובאַרצע..

— יע, מיר וועלן אייך גיין — קאַצאַפּסקע מאַרדעס — בייזערן זיך די פּאַליאַקן מיט אַ גאווה׳דיקער מינע...

— נו, און דו „טאַטאַר־שייטאַן"... — גייט ווייטער דער דניעוואַלנער זיין מאַרש, וואָס, ווארטסט אויף אַן איינלאַדונג ?

דער „טאַטער" איז אַן עכטער רוס. זיין גאַנצע שולד איז, ער האָט גרויסע סקולעס און שמאָלע אויגן, און שטאַמט פון אַ טאַטערשן דאָרף.

— כאַפּט דיר דער רוח, — שרייט ער, — ווי דו ווערסט נאָר אַ דניעוואַלנער, לאָזט שוין קיינעם ניט צורו ; מאָרגן בין איך דניעוואַלנער, וועל איך דיך דעם ערשטן פאַר די קאַפּעטעס ארונטערשלעפּן...

— דערווייל שטיי אויף, שייטאַן.

# די יעזדאָוויע

— אַך, ס'וואָלט זיך נאָך געוואָלט שלאָפן אביסל, — רעדט ווי צו זיך אַליין איינער אַ יעזדאָוואָי, אויסקערנדיק דעם „מיסט" פון אונטערן קויקע.

— כ'קען שוין דעם קאָפּ ניט האַלטן, אַזוי שווער איז ער מיר, — רעדט שוין זיין שכן אין דער הויך.

— אַ נאַכט שלאָף, אַ נאַכט ניט: דאָ קאַראַול, דאָ מרע־וואַגעס. די פערד אונזערע איז דאָך בעסער ווי אונז!

— מיינסט, — ענטפערט דער ערשטער, — ס'איז שוין צייט געווען אויפצושטיין? אָט, ס'הויבט זיך ניט אָן! מ'קען שוין די דעזשורנעס, ניט אַנדערש מיט אַ שעה פריער וועלן זיי אייך אויפוועקן; זיי „ציען זיך" פאַר נאַטשאַלסטוואָ, די טייוואַלים...

— גיכער אויפן קאַניושניע, הערן יעזדאָוויע!... — דונערט ווידער דער דעזשורנער...

— אַך, זאָל זי איינגעזונקען ווערן, — שרייט אויס מיט הארץ, דער שכן, — דאָס גאַנצע לעבן האַקט פון דיר קאַניושניע און מיסט, דוכט זיך נעכטן געווען אין באָד און ס'העלפט ניט.

— זיי זיך מודה, — לאַכט שוין דער ערשטער, — דיך האָט מסתמא צוליב דעם „דיינע" פּאַריאַנט, זיי זיך מודה, ס'וועט גאָר ניט זיין...

— טייוול, — ווערט אויפגערעגט דער שכן, — דו האָסט

דען אמאָל אַנגעזען אַ געליבטע — דו טויגסט דאָך צו קיין זאַך ניט, אפילו די אובאַרקע קענסטו דאָך ניט מאַכן ווי עס דאַרף צו זיין! ביי דיין „פלאָטאָנען" זיינען דאָך די קאַפּיטעס פאַרפוילט!

— וואָס מיינסטו, כ'וועל גיין צו דיר זיך לערנען? — באַליידיקט זיך דער ערשטער — מיינסט, איך ווייס ניט, אַז ביי דיין „פּעדראַגאָג" זיינען די גריוועס מיטן ווידל ניט צעקאָמט. ס'וועט קומען דער קאָמאַנדיר וועל איך אים אַליין ווייזן, דאַגה ניט, מען וועט דיר שוין אָנטשעפּען אַ ראַנעץ מיט אַ פּודיקן שטיין און וועסט מוחל זיין אָפּשטיין אַ פּאָר שעה'לאַך, וועסטו מיך אויסלערנען.

— וואָס קריגט איר זיך? בעסער שלאָגט זיך... — רייצט מען זיי פון אַלע זייטן.

# די סטראַיעוויע

אַרויסגעפּטר'ט די יעזדאָוויע איז דער רניעוואַלנער שוין צופרידן. די סטראַיעוויע האָבן זיך ניט וואָס אַזוי צו איילן און זיי זיצן און ליגן נאָך אויף די קויקעס און דערציילן חלומות איינע די אַנדערע.

דער רניעוואַלנער גייט אַרום די קויקעס און זינגט איבער דער גאַנצער קאַזאַרמע דעם צוזונג פון מאַרסעליעזע:

„שטיי אויף, הויב זיך אויף, — דו אַרבעטער פאָלק!"

— העי־הע, פּאַס אויף, קענסט נאָך אין קוטוזקע אַריינפאַלן... — שרייט מען צו אים מיט געלעכטער.

— געווים, געוועז אַ זאַבאַסטאָווטשיק. — רופט זיך אָפּ איינער.

— גאָט צו דאַנקען, — ענטפערט ברייטלאַך דער רניעוואַלנער, — געווים, געוועז, ווען כ'האָב אויפן זאַוואָד געאַרבעט.

— אָך, געוועז אַ צייט ברודערקע, — רופט זיך שוין אָפּ אַ צווייטער ווי מיט אַ זיפץ — היינט פאַרגעס בעסער...

— ניט שמועסן דאַרטן!... — שרייען פּלוצלונג די וואָוואָדנע — לעבעדיקער טוט זיך אָן, אַז קיין איינעם זאָל מען אויף די קויקעס ניט געפינען — ס'איז אייך נאָך אַ סך צו דינען איבערגעבליבן, איר דאַרפט נאָך עפּעס טאָן — און ניט פוילן זיך...

— נו, דרשנ'ט ניט דאַרטן, הערן וואָוואָדנע! — רופט זיך

אפּ איינער „אַ סטאַריק" — ווען, ווען, אייך איז דאָך טאַקי אַביסל איבערגעבליבן נאָך „קאַזיאָנע קאַשע" צו עסן... ווידער זיינען מיר ניט קיין „גרויע באַראַנעס" אַז פון אייער ערשטן געשריי זאָלן מיר אויפשפּרינגען ווי אָפּגעבריטע. איר ווייסט דאָך אַליין, אַז אונז איז געבליבן צו דינען אויפן גאַפּל...

— וויפל חדשים, שרייט ער אויס מיט אַמאָל צו די איבעריקע סאָלדאַטן — האָבן מיר נאָך צו דינען! סאָלדאַטן, ציילט!...

— אַפּריל, מאַי, יוני... —הויבן אַלע „אַלטע" אַן אויפן קול פאַרבייגנדיק ביי יעדן חודש אַ פינגער.

— נו, נו, גיכער זיך אָנטאָן!... — שלאָגן איבער די ווזוואָדנע.

— און איר אַליין וואַלגערט זיך נאָך, דאָס ווייזט איר אונז אַ ביישפּיל!... — שרייט און לאַכט דער זעלביקער. — פלוצלונג שפּרינגט ער אַרויף ווי ער איז אין די איינע גאַטקעס אויף אַ טישל און מיט אַלע כוחות שרייט ער:

— אַהיים פאָר איך!

— אַהיים פאָר איך... — שרייען אויס אַלע „אַלטע" אין איין קול.

— הערט אויף! — שפּרינגען אַראָפּ די ווזוואָדנע פון די בעטלאָך, — אַנ'אָפיצער קען נאָך אָנקומען, טייוואַלים...

— ניין, דריי מאָל ועלן מיר שרייען. ריכטיק ווי הורא פאַרן קיסר... — רופן זיך אָפּ די „אַלטע".

— אַהיים פאָר איך! — פאַרכאַפּט זיי איראָניש איינער אַ „גרויער".

— אַהיים פאָר איך! — שרייען אויף געלעכטער די איבעריקע „יונגע".

— שטומט, באַראַנעס! — שרייען די באַליידיקטע „אַל־

טע" — ווי וואגט איר? מיר וועלן אייך „לעפל" ארייננציילן, מיר וועלן אייך שטעלן „געזאלצענע באנקעס."

— עט, איר זיינט שוין צו שוואך דערצו... — שרייען סקעפטיש די „יונגע".

— „יארעלאך, יארעלאך", קומט אהער, — רופן צונויף די „יונגע" זייערע, זעענדיק ווי די „אלטע" שפרינגען פון די בעט־לאך און נעמען די לעפלען מיט די רימענס — זאלן מיר זיי ניט דערלאזן געוועלטיקן איבער אונז, מיר זיינען מערער אין קאזארמע.

— נו, לאמיר זען, — הערט זיך פון אלע זייטן.

— הויב אן באמבארדירן, — רופט איינער אויס.

— פארטיידיקט זיך — שרייט אויס א צווייטער.

ס'פליט א קישן, א צווייטע, א דריטע. באלד פליען די קאלדרעס מיט די שטרויענע מאטראצן. אין געשריי און טומל הערט מען נאר אפגעריסענע ווערטער: „שליידער אנידער. ווערג, דערלאנג..." אלץ קנוילט זיך צוזאמען און קוליעט זיך איבערן קאזארמע איבערקערנדיק די קויקעס מיט די טישלאך.

דער גאלדענער פרילינגס־מארגן קוקט אריין שמייכלענדיק און באגילדט דעם שטויב, וועלכער שווימט פאסן־ווייז צו די פענצטער.

## טײ

א פּאָרע זעצט פון די גרויסע געשייערטע קופּערנע טשײני־
קעס פולע מיט בריאכץ.

די סאָלדאַטן, שוין אויפגעראַמטע, פאַרוויקלען די הוילע גלע־
זער אין האַנטיכער און נאָז־טיכלאַך — מען זאָל זיך די פינגער ניט
אָפּבריען, אָנגיסנדיק דעם קאָכעדיקן טײ.

יעדער גרופּע בײ איר טישל ליגט אַרום דאָס גאַנצע פאַר־
מעגן פון עסנוואַרג: דעם שוואַרצן ברויט, „שקאַטולקעס“ מיט
צוקער, און וועמ ס'האָט ניט, באַנוגנט זיך מיט זאַלץ. וואו ניט
וואו ליגט נאָך אויף אַ טישל „סיטנער“ אויך.

דעם פרימאָרגנדיקן טײ „עסט“ מען לאַנגזאַם און מיט
כונה. פאַרזיכטיק מישט מען דעם טײ מיט די הילצערנע לעפל
און נאָך פאַרזיכטיקער בייסט מען דעם שוואַרצן ברויט און מען
קלייבט צונויף די אַרונטערגעפאַלענע ברעקלאַך.

די קאַזאַרמע איז שוין באַלד אין אָרדענונג. אַלע זײנען פאַר־
טאָן אין טײ־טרינקען. וואו ניט וואו קערט נאָך דער דניע־
וואַלנער אויס און הייסט די טרינקער אויפהויבן די פיס.

א ווזוואָדנער גיט נאָך צו אימיצן א געשריי:

— פּוץ אויס מײנע קנעפּלאַך, אז זיי זאָלן ברענען ווי בײ
א זשיד די אויגן...

אָדער „אנ'אַלטער“ בעס'ט זיך נאָך אויף א „יונגן“ פאַר

וואָס ער פּרובירט זיך אָפּבעטן ביי אים — ניט צו פּאָלגן אים א גאַנג.

— ס׳וועט מיר אויסקומען בלייבן אָן טיי... — בעט זיך דער „יונגער“.

— ניין, דאָס וועסטו ביי מיר ניט אויספירן, — האַלט זיך ביי זיינס דער „אַלטער“, — מיך האָט מען אויך א „יונגן“ געיאָגט... גיכער, ווי א הינטל אויף האַלב צונויפגעבויגענע !...

די באַרגערס לויפן אַרום פון איין טישל צום צווייטן לייען א גלאָז אָדער א שטיקל צוקער.

— זיך שוין צוגעטשעפּעט, — בייזערט זיך איינער — כ׳האָב ניט קיין איבעריקן צוקער פאַר דיר, וועסט זיך באַגיין מיט זאַלץ אויך...

— או, דו קאַרגער „סקאָפּסקער“, דו סטאַראָווער, — באַליידיקט זיך דער באַרגער, — כאַפּט דיך דער רוח מיט דיינע צוקער און אַלעמען... — גיט ער ענערגיש א מאַך מיטן האַנט און גייט צו א צווייטן טישל.

— וואַסילי וואַסיליעוויטש וואַסיליעוו, — מאַכט ער א זיסן פּנים, — כ׳האָב די עהרע זיך צו מעלדן, כ׳בין צו אייך אין געסט געקומען, ערלויבט מיר צו האָבן דעם כבוד צוזאַמען מיט אייך טיי מיט סיטנעם צו פּרובירן...

— נו, נו, פון אַזעלכע געסט קען דיר געזאָלצן ווערן אין מויל, — רוקט יענער צו דעם סיטנעם נעהענטער צו זיך — טיי נעם זיך וויפל דו ווילסט, דער טיי איז קאַזיאָנער, אבער צום סיטנעם ריר זיך ניט צו...

ביים באַרגער צעברענען זיך די אויגן, ער ווערט ערנסט.

— א דונער זאָל מיך איינשלאָגן... — הויבט ער אָן — אויב ס׳איז מיר פאַרבליבן א גראָשן ביי דער נשמה, נעכטן האָב איך מיין גאַנצע גענעראַלסקע זשאַלאָוואַניע פאַר׳שיכור׳ט.

— נו, — לאכן אלע אנדערע, — וואָס מען קען זיך שוין אָנ׳שיכור׳ן אויף אונזער זשאַלאָוואַניע!

— מילא, זען זיך שוין צו, — ווערט וואסילי ווייכער. — דערציי׳ל פון וואנען האָסטו דאָס געכטן אזוי אריינגעכאַפּט...

— אַט אזוי, זיי אַ פריינט — קלאָפּט דער באַרגער וואסי־ליעוון איבערן פלייצע — מיט אַ גוטן מענטשן איז גאָר אנדערע דבורים. כ׳האָב נעכטן מיינע זונטיקדיקע שטיוול פארקויפט, פארשטייסטו? ...

— נעם סיטנעם... — גיסט אים אָן וואסיליעוו טיי.

— מיר דאנקען העפליכסט... נו, האָב איך אַ הוליע געטאָן...

— ריכטיק אַ הוליע געטאָן, — איז אים איינער מקנא, — און וויפל דו האָסט דאָס אויסגעמייקעט, אַ שרעק...

— ווי גאָט לעבט, ס׳איז אַן אומגליק, — דערמאַנט זיך דער באַרגער — דער קאָפּ איז ביי מיר געוואָרען שוואַך, אין גאַנצן האָב איך אַ האַלבע טוץ ביר, צוויי פלעשלאַך פונש און נאָך עפּעס, איך געדענק שוין ניט, און ווי ס׳גיט מיר נאָר אַ מיש אין מח, אזוי איז אַלץ צוריק... כ׳קלער אינגאַנצן אויפצו־הערן...

— כ׳ווייס ווי מען קען זיך אויסהיילן, — רופט זיך איי־נער אָפּ מיט מיטגעפיל — אין באָד גייסטו דאָך, שלינג אראָפּ אַ פּאָר בלעטלאַך פון אַ צופּאַרעטן בעזים, ווי מיטן האַנט וועסטו געהאָלפן ווערן...

— אזוי? — וואונדערן זיך אַלע.

— וואָס הייסט... — ענטפערט יענער מיט איבערציייגונג.

— ביי מיר איז דאָס איינס, איינס... — רופט זיך אָפּ דער באַרגער. — מיר וועלן זייער דאַנקבאַר זיין...

— זע נאָר, דער טיי איז דאָך שוין קאַלט! — רופט זיך

אפ וואסיליעוו — פארוואס עסטו דעם סיטנעם ניט? כ׳האב פאר דיר אפגעשניטן...

ביים בארגער הויבן אן די אויגן צו לויפן:

— זיי א ברודערל, — הויבט ער זיך אן בעטן, — פאר־שטייסט דאך אליין, ווי קען איך נאך נעכטן טרינקען טיי?... ליבינקער, ליי אוים נאר אויף איין איינציקער פאר ביר, כ׳וועל זיך אריבערכאפן אין בופעט „אויסניכטערן“ זיך אביסל. זאל איך נע׳הרג׳עט ווערן, אויב „צום ערשטן“ ברענגען מיר אייך ניט מיט דאנקבארקייט צוריק...

# אן אינצידענט

ס׳ווערט פלוצלונג א טומל...

דער דעזשורנער סטארעט זיך ארונטערשלעפן פון קויקע איינעם א שלאפנדיקן, וועלכער ליגט האלב אויסגעטאן איגנאנצן איינגעדרייט אין קאלדרע.

— לאז אפ, — שרייט יענער פארשלאפענערהייד.

— נאך וואס וועקסטו אים? ער איז א גאנצע נאכט גע־שטאנען. ער האט נאך א רעכט צו שלאפן, — רופט זיך אפ איינער.

— ביי דיר פרעגט מען נים, — ענטפערט דער דעזשורנער בייז. — מען האט אים געזאגט גיין האלץ האקן, דארף ער גיין.

— ס׳איז דאך דיין נאענטסטער לאנדסמאן, — רעדט יע־נער ווידער, — מענסט זיך שעמען..

— שוייג! — ווערט דער דעזשורנער צורייצט, — דא אויף סלוזשבע איז ניטא קיין לאנדסלייט, קיין טאטע און קיין מאמע, מיין אייגענעם טאטן וואלט איך אויך געצוואונגען.

— ריכטיק ווי נאכן אוסטאוושיק — לאכט מען ארום.

דער דעזשורנער ווערט נאך מער צורייצט, מיטן שווערד הויבט ער אן יענעם צו שטורכען: — שטיי אויף, הונט!...

— סעמיאנאוו, וואס שוויינסטו? — שרייען אייניקע.

יענער האט ריכטיק ווי געווארט אויף דעם. ער שפרינגט

אויף א צוקאַכטער, כאַפּט פון אונטערן קויקע א שטיוול און זיך פאַרמעסטנדיק אויפן דזשורנעם שרייט ער:

— גייסט ניט אַוועק, טייוול, די הענט לאָז ניט פריי, מיינע זיינען אויך ניט אין קימפּעט.

דער דזשורנער ווערט בלייך:

— וואָס ?... אויפן דזשורנעם פאַרמעסטו זיך ? כ'האָב א רעכט דיך שיסן ווי א הונט...

— אָ, כ'האָב גאָר פאַרגעסן, הער דזשורנער, — ענטפערט סעמיאָנאָוו גיפטיק — מיינסט, אַז דו ביזט היינט דזשורנער, ביזטו ביי מיר א וויכטיקע שישקע. אין דאַרף האָסטו פאַר מיר די היטל געקנייטשט, און דאָ ביזטו א גאַנצער נאַטשאַלניק געוואָרן....

— אַט דאָס איז געזונט אריינגעזאָגט !... — פרייען זיך די ארומיקע.

— מיר וועלן באַלד זען, כ'וועל מיין מויל ניט פאַטשקען מיט אייך, כ'גיי גלייך צום פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, — גייט אַוועק דער דזשורנער.

— גיי און קום ניט צוריק, — בענטשט אים סעמיאָנאָוו.

צווישן עולם ווערט עפּעס שטיל און אנגעשטרענגט.

— וואָס פאַר א קאַשע האָסטו פאַרקאָכט ? — ווענדן זיך צו סעמיאָנאָוון מיושב'דיקע סאָלדאַטן.

— ניט אייער דאגה, — ענטפערט ער בייז און דרייט זיך ווידער איין אין קאָלדרע.

— ער איז טאַקע גערעכט, — רופן זיך אָפּ אנדערע — ס'קומט אים היינט ניט־גיין האָלץ האַקן.

— ווער קוקט דאָ אויף גערעכט, — ענטפערן די ערשטע, — מען האָט געהייסן, איז קיין אנדער ברירה ניטאָ...

— קארקעט ניט, — שרייט סעמיאַנאַוו פון אונטערן קאָלד־רע.

— ער גייט, — האָט אימיצער אויסגעשריען, אַנזאָגנדיק.

אַלע מיט אַמאָל כאַפּן זיך עפּעס טאָן און מאַכן זיך ווי מען איז שטאַרק פאַרנומען. אין טיר באַווייזט זיך דער פּאָד־פּראַפּאָרשטשיק און נאָך אים דער דעזשורנער.

אַ ווײַלע בלײַבט ער שטיין אין טיר און באַטראַכט אַלע־מען מיט אַ בייזן בליק. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגער האַלדז, אויסגעצויגענע באַקן, געלע ציינער, מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ פערד.

פּאַמעלאַך, וואַקלענדיק טאָקע ווי אַ פערד, גייט ער אַרײַן אין קאַזאַרמע, בויגט די לאַנגע פיס טיף אין די קני, ווי אַ טרענירטער פערד ביי אַ צערעמאָניאַלן מאַרש. גייענדיק הויבט ער זיך אָן זידלען גלאַט אין דער וועלט אַרײַן:

— פּאַסקודעס! ס'איז אייך אַ געלעכטערל אויף סלוזשבע, כ'וועל אייך די קישקעס אַרויסציען, כ'וועל אייך אַרײַנטרײַבן אין קבר...

— דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק — דערהערט זיך פון אַ ווינקל אַן איבערגעאַנדערשטע שטימע — זידלט זיך, אָבער זידלט זיך ווי אַ מענטש...

— ווער? — בלײַבט ער שטיין און גלאָצט די אויגן.

אָבער אַלע זײַנען זייער באַשעפטיקט מיט זייער אַרבייט. ווער עס טרינקט טיי, און ווער עס פּוצט די קנעפּלאַך...

— טייוואַלים! — גיט ער אַ טופּע מיטן פוס, — איר וועט ביי מיר די סוכאָטע באַקומען, כ'וועל אייך פּאַרמוטשען...

אין קאַזאַרמע ווערט מאָדנע שטיל.

— נו, דעזשורנער, רייד! — ברומט ער צום דעזשורנעם.

— ער וויל ניט אויפשטיין, — ענטפערט דער רעזשורנער צולייגנדיק די האנט צום היטל.

— ווער ? — פרעגט דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק, און גלאָצט די אויגן.

— כ'האָב אייך שוין געזאָגט, הער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק, אַז סעמיאָנאָוו וויל זיך ניט אויפהויבן.

— וועלכער סעמיאָנאָוו ? — פרעגט הויך און ציענדיק די ווערטער דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק.

— סעמיאָנאָוו, ביי אונז איז מער ניטאָ ווי איינער.

— מער איז ניטאָ ? — פרעגט ער איבער מיט דער זעלבער הילצערנער שטימע.

— מער איז ניטאָ, הער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק.

— טו וואָס האָט פּאַסירט ?

— כ'האָב אייך שוין דערציילט, הער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק.

— וואָס דערציילסטו מיר עפּעס : געזאָגט און געזאָגט ! מען פרעגט דיר, ענטפער. וואָס האָט פּאַסירט ? — פרעגט ער ווידער.

אין קאַזאַרמע איז טויט שטיל, אַלע פּאַלגן נאָך אומרואיק די גאנצע סצענע.

— כ'האָב געוועקט און געוועקט... — שטאַמלט דער רע־זשורנער, וואָס פילט אויף זיך די אנגעשטרענגטע בליקן פון אַלע סאָלדאַטן.

— ווער האָט געוועקט און וועמען האָט מען געוועקט ? — פרעגט ווידער דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק.

— כ'האָב אייך שוין געזאָגט, — פּאַרלירט זיך אינגאַנצן דער רעזשורנער.

— וואָס ? ביזט אַליין ניט צופרידן מיט דיין אויפטואכץ ?

— האַלט ניט אויס סעמיאָנאָוו, וואַרפט אַרונטער די קאָלדרע און זעצט זיך אויפן קוּיקע.

— ווער וויל ניט אויפשטיין? — פרעגט דער פּאָדפּראָ־
פּאָרשטשיק ווייטער מיט אַ ציטער אין קול, גאָר ווי ער וואָלט
ניט באַמערקט סעמיאָנאָוון.

— דאָס בין איך, הער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, — שרייט
סעמיאָנאָוו.

אין לופט האָט זיך ריכטיק ווי אַ פּרוזשינע אנגעצויגן. אָט־
אָט וועט זי פּלאַצן.

— דניעוואַלנעס! — שרייט פּלוצלונג ווילד אויס דער
פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, — שלעפּט אים אין קאַרצער, — ווייזט ער
אָן אויף סעמיאָנאָוון.

— הער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, — שרייט מיט אַ וויינענדיקער
שטים סעמיאָנאָוו, — איך וועט מוזן צוליב מיר ענטפערן
פאַר נאַטשאַלסטוואָ, איך בין גאָר קראַנק, כ׳מוז גאָר גיין אין
אַקאַלאַדאַק.

— שווייג, — שרייט דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, — נעכטן
ביזטו געווען געזונט און היינט שוין ניט, איך וועל דיך לערנען...

— הערר פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, — רוקן זיך צו שטילער־
הייד אַנדערע, — ער איז גערעכט, ס׳קומט אים ניט היינט גיין
האָלץ־האַקן, פאַרוואָס אין קאַרצער?

— אויף די ערטער! — אייך פרעגט מען ניט! קעגן דער
דיסציפּלין גייט איר! קעגן דער שבועה!

— ער איז גערעכט, — ווערן די סאָלדאַטן עקשנות׳דיקער.

— שלעפּ אים, — שרייט דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק.

— לאָז זיך ניט, — שרייען די סאָלדאַטן.

— הער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, די ווייב דאַרף אייך האָבן,

— קומט צולויפן אַ סאָלדאַט אין מיטן דערינען.

— וואָס, די ווייב? — פרעגט ער אַ צעטומלטער.

די סאָלדאַטן ווייסן זיין מורא פאַר דער ווייב און דער געלעכטער גלאַנצט שוין אין זייערע אויגן.

— זי האָט געזאָגט, זי מוז אייך שוין האָבן, — חזר'ט איבער ווידער דער סאָלדאַט.

— איך בין קראַנק, — פּיעסטשעט זיך ווידער סעמיאָנאָוו.

—לויף, זאָג איך, קום, — ווענדט זיך דער פּאָדפּראַפּאָר־שטשיק צום סאָלדאַט. — ברידערלאַך, — הויבט ער אָן פּלוצ־לונג ווייבער ווערן, — אַז אַפּיציר קען דאָך אַנקומען, טייוואַ־לים! ס'איז אייך אַ געלעכטערל דינען!

נאָך זיין אוועקגיין הויבט זיך אויף אַ געשריי.

דער ערשטער בעסטער כאַפּט זיך אַרויף צו סעמיאָנאָוון אויף די אַקסלען און דער לויפט מיט אים פון איין וואַנט צו דער אַנדערער.

— וואָס, סעמיאָנאָוו, זיך גליקלאַך אַרויסגעדרייט, — קלאַפּט מען אים איבער'ן פּלייצע.

— און איר מיינט מאַקע, אַ גרויסע זאַך זיצן, — מאַכט זיך גרויס סעמיאָנאָוו, — וואָס פאַר אַ סאָלדאַט איז מען, אַז מען איז אין טורמע ניט געזעסן!...

# די פרימאָרגנדיקע תפילה

— אלע צו דער פרימאָרגנדיקער תפילה! — דערהערט זיך א קאָמאַנדע.

— נענטער, טייוואַלים, צו דער איקאָנע! — בייזערט זיך דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק.

אָפּגעצוימט און באַפּוצט מיט קאָלירטע פּאַפּיר און פּאַר־טריקנטע פעלד־בלומען שטייט דאָס בילד אריינגעשטעלט אין וואַנט.

דאָס הייליקע בילד איז אינגאַנצן אייגגעפּאַנצערט אין בלאַנ־קעדיקן מעש, מער ניט די צוויי שווארצע קעפּ פון די „הייליקע באָרים און גליעב" קוקן ארויס.

א רויטע לאַמפּאַדקע טשאַדעט פאַר זיי.

גאָך א סך קליינינקע איקאָנעלאַך פון „מוטער און קינד" הענגען און ליגן ביי די זייטן פון דער גרויסער. דאָס לאַזט איבער כמעט יעדער רוסישער סאָלדאַט פון דאַנקבאַרקייט, וואָס ער איז איבערגעקומען די סלוזשבע און פאָרט אוועק אהיים.

— די היטלען ארונטער! זינגט די מאָליטווע! — קאָ־מאַנדעוועט מען ווידער.

אלע אָן אונטערשייד מוזן זיך שטעלן ארום דער איקאָנע.

ביי די „גרויע" אידן, מאַכמעדאַנער און פּאָליאַקן ווערן בלייך די פּנים'ער: ס'ווילט זיך ניט תפילה טאָן פאַר א פרעמדער

חייליקייט. די „אלטע" זיינען שוין צוגעוואוינט און ווערן ניט נתפעל.

— הויב אן...

אלע קוקן זיך אום אויף א אידישן סאלדאט, וועלכער האט א שיינע שטימע, אז ער זאל אנהויבן ווי שטענדיק. ער טוט א קלייניגקן הוסט און הויבט אן שיין און שטארק:

— אטשע נאש...

צום אנהויב גיט ער נאך איראניש א וואונק צו די איבעריקע אידן, וואס זאגן אויך אויטאמאטיש נאך. אבער באלד זינגט ער העכער פון אלעמען און צלמ'ט זיך אין צייט.

דער פאדפראפארשטשיק קוקט יעדערן אויף די ליפן, צי זאגט מען נאך בוי ווארט בוי ווארט.

די „גרויע" פרעמדע: האלטן זיך נאך שטייף, שווייגן און קוקן אין די פענצטער ארויס...

דער דרויסן ציט. ערגעץ־ווייט איבער די פעלזן ווייזט זיך די זון, דער נעפל צעשווימט, די שכערן דערוואכן, דוכט זיך, פון אנטציקונג ציטערן די וואסערן.

ווי שניי־ווייסער שוים בלאנקען אין זונען־שיין די ים־פויגלען, ריכטיק ווי די בוואליעס וואלטן זיי ארויפגעשפריצט אין דער לופט — אזוי פליען זיי ארויף און פאלן ארונטער.

פון ערגעץ־וואו ווייזט זיך א ווייסער זעגל פון א פישער־שיפל און פארשווינדט באלד הינטער די צעדרייטע שטיינערנע ברעגעס. דאס צעהאנגענע געוועד אויף די ווענט אין קאזארמע בלאנקט שוין איצט אפ פורפור־רויט, ווי באגאסן מיט בלוט.

וואו ניט וואו דערהערט זיך א שטילער זיפץ...

# גימנאַסטיקע

די סאָלדאַטן, אַנגעטאָן אין ברייטע, ניט צוגעפּאַסטע גימ־נאַסטיאָרקעס פון כאַקי קאָליר, קוקן אויס ווי אָנגעפּעלצטע אין זעק.

די קאַזאַרמע איז פול מיט גימנאַסטישע באַוועגונגען ווי אַן׳איבערפולטער טויבן־שלאַק מיט פליגל פּאַטשעריי. פון יעדער באַוועגונג בלאָזן זיך אָן די שטייפע גימנאַסטיאָרקעס ווי פּענ־כערס, קריכן אַרויס פון די רימנס, שלאָגן זיך אָן ווי בייגל אונטער די אָרעמס און אַלע באַוועגונגען קומען אויס בעריש־אומגעלומפּערט.

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק שטייט מיט אַ וואָזשנער מינע און קוקט זיך צו. די ווזוואָדנע אין פּראַנטישע צוגעמאָסטענע העמד־לאַך, מיט פאַרדרייטע, אויף אַרויף פאַרשפּיצטע וואָנצעלאַך. פלייסן זיך: זיי מאַכן מיט די הענט, טופּען־צו מיט די שטיוול, אַז די שפּאָרן זאָלן קלינגען און קאָמאַנדעווען: —

— איינס, צוויי... רעכטס, לינקס... איינס, צוויי...

— דו! דעם קאָפּ דאָרטן... — צוקאָכט זיך פּלוצלונג אַ ווזוואָדנער אויף אַ סאָלדאַט, — אָט אַזוי דאַרף מען האַלטן! — פאַרריכט ער אים מיט ביידע הענט... דער סאָלדאַט גיט אַזש אַ מרוק פון ווייטאָק.

— וואָס פּיעסטשעסט זיך דאָרטן „אין סטראָי״? — צע־

בייזערט זיך אויף אים דער פּאַדפּראַפּאַרשטשיק — ווילסט מען זאָל זיך נעמען צו דיר ?..

— מיט כּח שליידערט אַרויס די לאַפּעס, אַז שוין זאָל זיין ! נאַטשאַלסטווע וועט באַלד קומען, — שרייט ער צו אַלעמען.

— איינס, צוויי... אַרויף, אַראָפּ... איינס, צוויי... — ציילן די ווזוואָדנע און קלינגען צו מיט די שפּאָרן.

— האַלט ! — גיט פּלוצלונג אַ געשריי דער פּאַדפּראַפּאַר־שטשיק.

ווי אונטערגעשאָסענע מיט געוויש, פֿאַלן אַרונטער די הענט צו די זייטן. אַ פּאָר האָבן זיך פֿאַרשפּעטיקט און זיי פּאַכן נאָך אין דער לופֿט : איינס, צוויי... און דערשראָקענע פֿאַרכאַפּן זיי זיך באַלד צוריק.

ביי אַלע סאָלדאַטן פֿאַלט איין די האַרץ — שוין צו שפּעט. דער פּאַדפּראַפּאַרשטשיק האָט שוין געוויס באַמערקט ; איצט וועט ער זיך שוין איינעמען — נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דאָס אייגענע. אין האַרצן זידלען זיי מיט די ערגסטע ווערטער די פֿאַרשפּע־טיקטע, וואָס צוליב זיי דאַרפֿן אַלע ליידן. מיט שנאה שפּאַרן זיך איין אַלע אויגן אין פּאַדפּראַפּאַרשטשיקס פּנים — וואָס וועט ער טאָן ?

דער פּאַדפּראַפּאַרשטשיק איילט זיך ניט. ער גלאָצט נאָר די אויגן און דער פּנים ווערט ביי אים ביסלאַכווייז אָנגעגאָסן און רויט. די פֿערדישע אויסגעצויגענע סקולעס הויבן זיך אָן באַוועגן, ער שאַמקעט און קרימט די מויל ווי ער וואָלט מעלה־גרה געווען.

די סאָלדאַטן שטייען ווי געליימטע. אַ ווינטל טרייבט אַריין פֿריילינגס־קלאַנגען דורך די פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע פֿענצטער און קילט די צעהיצטע פּנימ׳ער.

אימיצער אין די הינטערשטע רייען האָט פֿון העלער הויט

אַ שפּריץ געטאָן געלעכטער. אומרואיק גיבן זיך די סאָלדאַטן אַ ריר און ווידער דריקנדיק־שטיל, נאָר די אויגן לויפן צעשראָקן אין אַלע זייטן ווי זיי וואָלטן געזוכט און באַשולדיקט דעם פאַרזינדיקטן.

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק הויבט אָן צו שיפּען ווי אַ גראַמאָ־פאָן פאַר'ן שפּילן.

— צו אַלדי רוחות... הירזשעט ער מיט זיין איינגעריסענעם קול, — ס'איז אייך אַ געלעכטערל! וואָס איז דאָס, פרעג איך אייך: איז דאָס גימנאַסטיקע? איז דאָס „אַנ'אַנטוויקלונג פאַר די ביינער"? איז דאָס סאָלדאַטן? איז דאָס אַ קאַזאַרמע? דאָס איז דאָך אַ „הייזל" — איינער, אהער, דער אַנדערער אהין...

ער האַקט אָפּ, גלאָצט די אויגן און שאָמקעט ווידער ווי ער וואָלט געקייט ניט קיין געשמאַקע זאַך.

די סאָלדאַטן קריגן זיך דערווייל דורך אין דער שטיל:

— באַראַנעס, צום טייוול טויגט איר... — רעדט איין סאָלדאַט אַרויס קוים וואָס די אַרומיקע דערהערן.

— וואָס פאַר אַ „באַראַן"? דאָס איז דאָך אַן „אַלטער" — ענטפערט אַ צווייטער.

— און מיט אייך טרעפט זיך ניט, צדיקים מיינע, — פאַר־ענטפערט זיך בייז איינער פון די פאַרשפּעטיקטע.

— שטאַרב אָפּ! צעשרייען זיך די וווזאַדנע — איינס, צוויי...

— האַלט! — שרייט ווידער אויס, אומגעריכט, דער פּאָד־פּראָפּאָרשטשיק, נאָכדעם ווי ער האָט די סאָלדאַטן שוין גוט אויס־געמאַטערט מיט איין און דער זעלבער באַוועגונג.

אָנמעכטיק און אין אומאָרדענונג לאָזן זיך אַרונטער די אויסגעמאַטערטע הענט, ווער פריער און ווער שפּעטער.

— דאָס איז אַ ווינט־מיל, דאָס איז אַ „הייזל"... צע־

יושעט זיך דער פּאַרפּראַפּאַרשטשיק, — באַבעס, כ'וועל איך שוין אויסלערנען, כ'וועל אייך שוין „אונטערדעפּעטירן"...

— ווזוואַדנע! — ווייזט ער אָן מיטן פינגער אויף די סאָל־דאַטן, — לויפן אויף אַנ'אָרט...

אַ צעשראָקענער שמייכל באַווייזט זיך ביי די סאָלדאַטן אויף די פּנים'ער, ביי וועמען ס'גיבן אַ ציטער די סקולעס אָדער אַ פינטל די אויגן.

— שטעל זיך! — טרעטן צו נענטער די ווזוואַדנע.

— גלייך זיך אויס!

— לויפן אויפן אָרט! — באַפעלן די ווזוואַדנע.

— הויב־אָן!...

ס'דערהערט זיך אַ טופּעריי פון אַ סך פיס אויף איין אָרט, הילכיק קלינגען אָפּ, אָן שטיינערנעם דיל, די פּאָדקאָוועס פון די שטיוול, ריכטיק ווי רייטער וואָלטן דורכגיין, אין טיפער נאַכט, אַ פּוסטע איינגעשלאָפענע גאַס.

— לעבעדיקער, שנעלער! — קומען די ווזוואַדנע אריין אין אַזאַרט און שפּרינגען אַליין אונטער.

— ליעוואַי, ליעוואַי... — טראָגט זיך אין דער לופט ווי שמיץ פון אַ בייטש.

די טופּעריי ווערט האַסטיקער און שווערער. אין דער לופט הויבט זיך אָן צו פילן דער שווייסיקער ריח פון צעהיצטע יונגע קערפּער, די סאָלדאַטן הויבן אָן עפענען די מיילער ווי פיש. מען קען שוין הערן דעם שווערן קורצן אָטעם. טראָפּנס שווייס הויבן אָן ארויסצוטרעטן אויף די שטערנס און די נעזער.

— העי, אויפהויבן די עלנבויגנס, די עלנבויגנס... — שרייען די ווזוואַדנע, — זעסט, שוואַכינקע, זיי לאָזן זיי גאָר אַרונטער, דערפאַר וועט לענגער געדויערן...

דער פּאַרפּראַפּאַרשטשיק גלאָצט די אויגן. — איך גיי

אריין אין קאנצעלאריע, — רעדט ער אין דער הויך, אַז אַלע זאָלן הערן, — ניט אויפהערן ביז וואַנען כ'וועל הייסן — גייט ער וואַזשנע אַוועק.

דאָס טופּען ווערט אנמעכטיקער, שווערער, דער קאָנטראָל פאַרלירט זיך; די פיס דינען שוין ניט: פאַר די אויגן טראָגן זיך פייערדיקע קויקן.

וואָס שפּאַרט איר פון דער רייע?... — קענען זיך קיין עצה ניט געבן די ווזוואָדנע — אויף אַנ'אָרט, מיט דער „לינ־קער"... — פּרובירן זיי נאָך איינהאַלטן די צעפּאַרענע רייען...

— לויף נאָכן פּאָדפּראָפּאָרשטשיק — ווענדט זיך אַ ווזוואָד־נער צום דניעוואַלנעם — זיי ווילן ניט, די טייוואַלים...

— דאָס איז אַנ'אַנטוויקלונג פאַר די ביינער... — וואַרטשען ביז די סאָלדאַטן אין די הינטערשטע רייען.

— די נשמה קען אַרויס...

# דער ערשטער אָפּיצער

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק שטייט און אָנטוויקלט נאָך אַלץ די ביינער.

דער דניעוואַלנער, וועמענס וויכטיקסטע אַרבעט איז אַרויס־צוקוקן אין פענצטער, זען צי אַנ׳אָפּיצער קומט ניט... גיט זיך אַ לאָז צום טיר און פּראַלט זי פאַנאַנדער.

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק לויפט אין גאַלאָפּ אַנטקעגן.

— סמירנאָ! — גיט ער אַ הילך, שטעקט צו די האַנט צום קאַזירעק און בלייבט שטיין ביים אַריינגאַנג אַנ׳אויסגעצויגע־נער.

אין דער רגע ווערט די קאַזאַרמע אָפּגעשטאָרבן און אָנ־געשטרענגט. ס׳פילט זיך דער איינגעהאַלטענער אָטעם פון אַ סך געזונטע ברוסטן. עפּעס דריקט און פּרעסט, נאָר די פרילינגס־זון שפילט פריי מיט אירע „העזעלאַך" אויף די שויבן, געווער און בילדער.

ס׳לאָזט זיך אַריין אַ יונגער אָפּיצערל, ער לויפט פאַרביי דעם פאַרשטיינערטן אַלטן פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, מיט אַ קווי־טשיקן מיידלשן קול׳כל באַגריסט ער די סאָלדאַטן:

— זדראַוואָ בראַטצי! 1)

---

1) גוט מאָרגן, ברידערלאַך!

— זדראַוו זשעלאַיעם וואַש ראַד... 2) — ענטפערט די קאַ־זאַרמע. נאָר העכער פון אַלע הילכט אָפּ דעם פּאָדפּראַפּאָר־שטשיקס קול.

— זדראַוו, פּאַכוטשין! — ווענדט זיך דער אָפיצער צום פּאָדפּראַפּאָרשטשיק.

— זדראַוו זשעלאַיעם וואַש ראַד!.... — שריים מיט אַלע כוחות דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק, פּונקט ווי פריער, ווען ער האָט געענטפערט מיט דער גאַנצער קאַזאַרמע צוזאַמען.

דער אָפיצערל, אַ פּאָדפּאָרוטשיק, אַ ווייסינקער און אַנ׳אויס־געפּוצטער אין אַ נייעם שינעל, שמייכלט. ס׳זעט זיך ער האָט הנאה און איז אויפגעלייגט פון פּאָדפּראַפּאָרשטשיקס הילכיקן ענטפער, פון שיינעם וועטער, פון דעם וואָס ער איז אַליין אַזוי פראַנטיש ניי אָנגעטאָן... ער קוקט זיך אַרום, באַטראַכט זיך אַליין.

— שטיין פריי! — באַפעלט ער לאַנגזאַם, דערביי קענען אַלע סאָלדאַטן זען זיינע שפּיציקע פערלדיקע ציינדלאַך. ס׳הויבט זיך אָן אַ רודעריי, די סאָלדאַטן כאַפּן אָפּ דעם אָטעם. מען שפּייט און מען שנייצט די נעזער.

— ווען ניט די „קעצעלע“ אונזערע, ריידן די סאָלדאַטן, וואָלט אונז דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק אינגאַנצן פאַרמוטשעט.

— וואַרט אויס, ס׳איז נאָך ניט געענדיקט, — וואַרענען אַנדערע, — זיי זיינען ניט בעסער איינער פאַרן אַנדערן.

דער פּאָדפּאָרוטשיק טענה׳עט דערווייל איין מיטן פּאָד־פּראַפּאָרשטשיק:

— דער קאָמאַנדיר איז נאָך ניט געווען? — פרעגט דער אָפיצערל.

---

2) אַ גוט מאָרגן ווינטשן מיר אייער איידלגעבורט.

— געווים ניט, וואַש־ראַדיע! — גיט אַ הילך דער פּאָד־פּראַפּאַרשטשיק און כאַפּט זיך מיטן האַנט צו קאַזירעק.

— כ'גלויב ער דאַרף באַלד קומען, מיינסטו ניט?

— ריכטיק אַזוי, וואַש־ראַדיע! — שרייט דער פּאָדפּראַ־פּאַרשטשיק און קוקט הינטיש דעם פּאָדפּאָרוטשיק אין די אויגן, ער זאָל אים הייסן אַרונטערלאָזן די האַנט פון קאַזירעק.

— זע נאָר, ווינקען זיך דורך די סאָלדאַטן, — ווי די קעצעלע רעספּעקטירט אים. דער אַלטער פערד וועט שוין מסתמא די האַנט ניט פילן...

— אַ, אַ, — זאָגן אַנדערע — די קעצעלע פּאָדערט טשעסט נאָכן אוסטאַוווטשיק...

דער אָפיצער באַטראַכט זיך עפּעס.

— ווייסט פּאַכוטשין, מיר דוכט אַז זיי ענטפערן עפּעס ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין אויף דער באַגריסונג, — גיט ער אַ וויין אויף די סאָלדאַטן. — מען דאַרף זען, אַז זיי זאָלן ענטפערן מיט איינמאָל, אָפּגעהאַקט.

— באַפעלט איר אָנצוהויבן, וואַש־ראַדיע? — פרעגט דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק קוים דערלעבנדיק, ער זאָל שוין קענען אַרונטערלאָזן די האַנט.

— הויב אָן...

—סמירנאַ! — שרייט אויס דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק.

— זדראַוואָ בראַטצי! — באַגריסט זיך דער אָפיצער.

אַנ'איינהייטלאַכער ענטפער קלינגט אָפּ.

ער קרימט דעם נעזל.

— ס'איז גישקשה, — טענה'ט ער, — אָבער פאַרן קאָ־מאַנדיר וועט דאָס ניט טויגן... — ענטפערט שטאַרקער, גיכער, איין וואָרט, ס'זאָל מער פּאַסן פאַר'ן קאָמאַנדיר...

— זדראַוואָ בראַטצי! — שטעלט ער זיך אין פּאָזע.

ווידער קלינגט דער קאַזאַרמעס אָפּגעהאַקטער בילן.

דער פּאָדפּאָרוטשיק מאַכט אַ פּיסקל: — פּאַרן קאָמאַנדיר טויג דאָס ניט... זיי ענטפערן ניט ווי דעם קאָמאַנדיר...

— ענטפערט מיטן טיטול פון קאָמאַנדיר! — כאַפּט זיך קוים דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, וואָס דער פּאָדפּאָרוטשיק מיינט.

דעם פּאָדפּאָרוטשיקס ווייסער פּנים׳ל באַגיסט זיך מיט רויט־קייט, ער בלאָזט זיך וואַזשנע אָן, שטעלט אויס די וואַטאָווע ברוסט, און ווייזנדיק די שפּיציקע ציינדלאַך, באַגריסט ער זיך מיטן נוסח פון קאָמאַנדיר:

— זדאָראָוואָ רעביאַטאַ! (1

ס׳ווערט אַ טומלעניש, אייניקע ענטפערן מיטן טיטול פון קאָמאַנדיר, אַנדערע מיט זיין אייגענעם.

דער פּאָדפּאָרוטשיק שפּרינגט צו אַנ׳אויפגערעגטער צו אַ פּאָליאַק:

דאָס האָסטו, באַלוואַן ,אויסגעשריען מיין טיטול... ווי דעם קאָמאַנדיר אַליין דאַרפסטו ענטפערן, ס׳איז דאָך געווען אַ קאָמאַנ־דע... איינער אַליין ענטפער נאָר, — באַפעלט ער.

דער פּאָליאַק, אַ הויכער געזונטער דאָרפישער שגץ מיט רייטע באַקן און פאַרשמאָלצענע אויגעלאַך, איז קיינמאָל ניט געווען קיין „ווייסער" אין רוסיש און די טיטולן. — איצט איז ער איבערגעשראָקן אויף טויט: די אויגן קריכן אים אַרונטער אונטערן שטערן און ער קען קיין וואָרט ניט ענטפערן.

— וואָס פּלאָפּלסטו עפּעס? וואָס פאַרמאַכסטו די אויגע־לאַך ווי אַ האָן פאַרן קרייען? — צעשרייט זיך דער פּאָדפּאָ־רוטשיק.

דער דעזשורנער לויפט צום אָפיציר׳ל מיט אַ ראַפּאָרט:

— אייער איידלגעבוירט! זייער הויך איידלגעבוירט, דער

1) גוט מאָרגן, קינדער.

קאמאנדיר, זיינען אוועק אין קאנצעלאריע מיט נאך הערן אפי־צערען. ווייטער זיינען קיינע פאסירונגען ניט פארגעקומען...

דאס ארויסגעזאגט אין איין אטעם, דרייט ער זיך אום און שטעלט זיך אן א זייט.

— כ'גיי — לאזט זיך לויפן דער אפיצערל — דעם פא־ליאקל באשטראפן פאר טשעסט — שרייט ער, זיך איילנדיק.

דער פארפראפארשטשיק גייט אים נאך.

ווי די טיר פארמאכט זיך נאר, שפרינגט ארויס אין מיטן טומל א ליץ, שטעלט זיך אין א פאזע, בלאזט זיך אן און שרייט אויס מיט א קווימש:

— זדראוויא רעביאטא! ענטפערט ווי דעם קאמאנדיר אליין!...

ארום הילכט א געלעכטער.

# די קאַבילע

ס'שפּרייזט אַרום דער פּאַדפּראַפּאַרשטשיק.

— שנעלער, צו מאַשינער גימנאַסטיקע, — מאַכט ער מיט די הענט, — נאַטשאַלסטוואַ קומט.

צווישן די סאָלדאַטן הויבט זיך אויף אַ סומאַטאָכע:

— די ברוסעם אַהערצו, — שרייט מען.

— די מאַטעס!

— דעם אַטבאַי!

דער עיקר, וואו איז די קאַבילע? די קאַבילע... שלעפּט יע, די קאַבילע ווילט איר פאַרגעסן? — טומלען זיך די וזוואַד־נע.

צו צוואַנציק סאָלדאַטן כאַפּן זיך אָן פאַר יעדער קלייניקייט, מיט סקריפּעניש און גערויש ווערט עס צוגעשלעפּט אויף אַנ'אָרט.

דעם וויכטיקסטן פּלאַץ צווישן די גימנאַסטישע מאַשינעס: שטריקלאַך, אייזערנע שטיינגלאַך און רינגען, פאַרנעמט די קאַ־בילע, — אַן הילצערנער פערד אין נאַטירלאַכן גרויס.

די סאָלדאַטן קוקן שטענדיק אויף דער קאַבילע אביסל קרום און מיט דרך־ארץ. דאָס איז דער גרעסטער קונץ־שטיק אין דער מאַשינער גימנאַסטיקע, מען מוז אַריבערשפּרינגען איבער דער לענג פון איר רוקן. דאָס איז שווערלאַך, ווייל דאָס מינדסטע — און מען בלייבט אין מיטן שפּרונג זיצן רייטנדיק.

די ווזוואָדנע איילן זיך, אייִדער גײַמישאַלסמווע קומט, צו פאַנאַנדערטיילן די ווזוואָדן און אָנהויבן די גימנאַסטיקע. ווער ס'גייט צו די ברוסעס און ווער צו די רינגען.

דער פּסקאָווער שגץ אַרטעמיעוו און דער איד זאוועליעוו ווערן אומרואיק און סוד'ען זיך.

הערר ווזוואָדנער, דערלויבט מיר אַרויסצוגיין „פאַררריכטן זיך" — טרעט אַרויס דער געזונטער אַרטעמיעוו, אַ דיקער ווי אַ טון.

— דו אָנגעגאָסענע פּאַס, — ווערט דער ווזוואָדנער ברוגז, שעמען מעגסטו זיך — וואָס, ס'שוואַכט דיך? קענסט איבער דער קאָבילע ניט אַריבערשפּרינגען, ווילסט זיך שוין אַרויסדרייען... נו, טראָג זיך אָפּ צום טייוול, זאָלסט פאַר'ן קאָמאַנדיר דעם ווזוואָד ניט פאַרפּאַטשקען.

— הערר ווזוואָדנער, — קומט אַרויס זאוועליעוו, אַנ'איינגעדאַרטער בלוטלאָזער בחור. — דערלויבט מיר גיין „פאַררריכטן זיך" — רעדט ער און זיין שוואַכער קול קלינגט ווי אַ געבעט.

— און דו, אַזאַ זשידאָווסקער פּלאַקן קענסט אויך ניט אַריבערשפּרינגען, ווילסט זיך אויך אַרויסדרייען — פרעג ביים פּאָדפּראַפּאָרשטשיק, — גיט ער צו מיט אַ בייזן שמייכעלע.

זאוועליעוו ווערט נאָך בלייכער ווי געוויינטלאַך, אָבער פרעגן מוז ער שוין.

— אויף אַנ'אָרט דו פוילער, דו זשידאָווסקע מאָרדע! — הויבט אָן ווילדעוועז דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק. — איך וועל אייך אויסלערנען! — שרייט ער שוין צו אַלעמען.

ביי די אידישע סאָלדאַטן ווערט ענג אין האַרצן, די קריסטלאַכע לאַכן.

זאוועליעוו שטייט גלייך מיט אַלעמען און שווייגט, ס'דוכט זיך, ער זעט און הערט קיינעם ניט.

— וואָס, זאָוועליעוו, אריינגעפאַלן ?... ווארט דער קאָמאַנ־
דיר קומט נאָך.

— זע, דו מוזט אריבערשפּרינגען, — שושקעט אים אין
אויער אריין אַ אידישער סאָלדאט, — מען קלאַפּט זיך אָפּ שטאַר־
קער מיט די הענט, פאַרשטייסטו ?

ס'לאָזט זיך אריין די גאנצע נאַטשאַלסטווע מיטן קאָמאַנ־
דיר אויבנאָן.

— סמירנאַ !

— פּאַרטוזעצן, — גיט אַ מאַך מיטן האנט דער קאָמאַנדיר.
מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם מאַכן איצט אַלע גימנאַסטיקע,
ווער ס'שפּרינגט איבערן שטריק און ווער ס'דרייט זיך איבער
אויף אַן אייזערנעם שטאַנג.

די נאַטשאַלסטווע קריכט זיך מיט אַ שפּאַרן־קלינגעריי
איבערן קאַזארמע, שטעלט זיך אָפּ פון צייט צו צייט און באַקוקט
די באַוועגונגען.

— מיט גוואַלד אים איבערקערן, — זאָגט זיך געלאָסן
דער קאָמאַנדיר, זעענדיק ווי איין סאָלדאַט קען זיך אין קיין
פאַל ניט איבערדרייען מיטן קאָפּ אראָפּ.

אַ פּאָר סאָלדאַטן כאַפּן אים באַלד אַן פאַר די פיס און
איבער אַן אייזערנעם שטאַנג וואַרפט מען אים איבער.

דער סאָלדאַט גיט אַ פּישטש פון שרעק, און ווי אַ זאַק בול־
בעס שיט ער זיך ארונטער ; אויפשטייענדיק קוקט ער נאָך אַלע
מיט צומישטע, פּרעמדע אויגן, ריכטיק ווי אַלע וואָלט זיך אי־
בערגעדרייט מיט אים צוזאַמען.

— אַלע צו דער קאַבילע !

אַלע וווואָרן גיסן זיך צוזאַמען, מען שטעלט זיך אויס

אין איין רייע, איינער דעם אַנדערן „קוקט אין קאַרק".

ס'הויבט זיך אָן אַ שפּרינגערײַ. צום ערשטן גייען די וווואַרדנע, לייכט און צוגעוואָהנט לויפן זיי צו אַ שטיקל, קלאַפּן זיך אָפּ מיט די פיס און בויגיק, ווי קעץ, שפּרינגען זיי אַריבער. אַנדערע פראַנטעווען נאָך, זיי ווייזן קונצן, אין מיטן שפּרונג דרייען זיי זיך אום און שפּרינגען אַריבער הינטער זיך. איינס, איינס, לויפן די סאָלדאַטן, דערביי מאַכט יעדערער אַ כאַראַקטערנע מינע.

דער פּאַדפּראַפּאָרשטשיק פאַרריבט און מאַכט באַמערקונגען:

— דו, דעם צונג וואָס האָסטו אַרויסגעשטעקט?

— דעם קאָפּ האַלט ניט אָן אַ זייט!

— מיט דער לינקער, מיט דער לינקער הויב אָן!

— איינס, איינס, — ציילן די וווואַרדנע.

די סאָלדאַטן שפּרינגען איינער נאָכן אַנדערן, דאָרטן כאַפּט מען זיי אונטער און זיי שטעלן זיך ווידער אויס.

דער קאָמאַנדיר ווערט מיטגעריסן:

— נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד, — איילט ער צו.

ס'ווערט פּלוצלונג אַ מישעניש, זאַוועליעוו האָט זיך פאַרהאַלטן, אַ צווייטער איז שוין אויף אים אַרויפגעשפּרונגען, באַלד איז אַרויפגעפלויגן אַ דריטער, אין איין רגע האָט זיך געקנוילט אַ באַרג סאָלדאַטן.

— ווער? — פרעגט דער קאָמאַנדיר אָן אויפגערעגטער.

— זאַוועליעוו, וואַשע וויסאָקאַ בלאַגאָראָדיע!

אינסטינקטיוו גיבן זיך די אידישע סאָלדאַטן אַ ריר, ווי מען וואָלט זיי אַלעמען געמיינט.

— נעם אים נאָך אַמאָל, — באַפעלט דער קאָמאַנדיר מיט אַן איינגעהאַלטענעם קול.

— איין פארשיווע שאָף וועט מיר די גאנצע סטאַרע קאַליע מאַכן, — רעדט ער אין דער הויך צו די איבעריקע אָפיצערן.

די אידישע סאָלדאַטן פילן: זיי וואָלטן בעסער געוואָלט אין אַ גרוב איינזינקען.

זאַוועליעוו איז גרויער פון געוואַנט. ס'דוכט זיך, אַלץ האָט זיך אין אים צונויפגעקאַרטשעט, ער באַוועגט זיך מעכאַניש, ער זעט גאָר ניט, ער פילט נאָר, ווי אַלע קוקן אויף אים, די קריסטן מיט אַ גדלות־דיקן שמייכל, די אידן — מיט פאַרדרוס און פאַרוואורף.

— נאָך אַמאָל! —

מיט פאַרצווייפלונג לויפט ער זיך פאַנאַנדער, שפרינגט אַרויף אויף דער קאָבילע, אָבער אַריבערשפרינגען קען ער ניט.

— נאָך אַמאָל!

פון זאַוועליעוון רינט שוין דער שוויים און אַלע מאָל קערט מען אום, און ווען ער גייט פאַרביי די רייען, פילט ער דעם איראָנישן שמייכל פון די קריסטן און דעם פאַרצאַגטן בליק פון די אידן: דו מזיק!

ער קלייבט צוזאַמען אַלע כחות, ער פאַרבייסט די ליפּן און מיט אַ הפקר געפיל גיט ער אַ שפּרונג.

ווי אַ שטיין טוט ער אַ פאַל אויף דער אַנדער זייט קאָבילע.

ס'איז אַזוי אומגעריכט, אַז קיינער כאַפּט אים ניט אונטער. מיט אַ צובלוטיקטן פּנים הויבט ער זיך אויף פון שטיינערנעם דיל.

— נעמט אים צו, דעם טויגעניכץ, אין אַקאַלאַדאַק, — באַפעלט דער קאָמאַנדיר.

די אידן האָבן פרייער אָפּגעצויגן דעם אָטעם: דאָך אַרי־בערגעשפּרונגען.

# אויף אָביעד

די הילצערנע לעפל אַריינגעשטעקט אין די כאַליעווען, דעם גראָבן ראָזעווען ברויט אונטער די אָרעמס, זיינען די סאָל־דאַטן גרייט גיין אויף אָביעד.

אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע פון אַ האַלבן טאָג שווערער מושטירונג, זיינען די סאָלדאַטן אומגעדולדיק. מעבאַ־נישט קנייפּן זיי פון ברויט און די שטיקלאַך ווערן מיט אַ מערק־ווירדיקן אַפּעטיט פאַרשלונגען.

— בע! — כאַפּט זיך איינער, — זע נאָר וואָס איז דאָס פאַר אַ טייוול? — קוקט ער פאַרוואונדערט אויפן ליידיקן אָרט ביי זיך אונטערן אָרעם, — כ׳האָב דאָך שוין קיין ברויט ניט אויף מיטאָק...

— וואָס זאָל איך דיר טאָן, אַז דו ביזט אַ פרעסער... — רעזאָנירט דער צווייטער.

— חכם מיינער! — טענה׳ט זיך אויס דער ערשטער, — דו ביזט היינט אויף וואָלטיזשיראָווקע ניט געווען. אויפן טרייט־לער האָב איך געמוזט רייטן. נו, האָט ער מיר איינגעטרייסלט די קישקעס.

— וואָס איז היינט אויף אָביעד? — פרעגן איינינקע.

— וואָס זאָל זיין? — ווי שטענדיק אין זעלביקן טאָג — ענטפערן אַנדערע — באָרשטש מיט טאַראַקאַנעס...

— וואָס, מען קען גאָר ניט פּטור ווערן ? — הויבט זיך אָן א שמועס.

איינער רעדט וואַזשנע :

— ווי ווילסטו פּטור ווערן, אַז זיי זיינען דאָ אַרום קעסל אפשר מער ווי א קאַרפּוס !

— ביזט זייער קאָמאַנדיר ? האָסט זיי געציילט ? — לאַכן אַנדערע.

— לאַכט ! — זאָגט דער זעלבער אויף זיכער, — איך בין היינטיקע וואָך געשטאַנען דניעוואַלנער ביינאַכט אויפן קוכניע, האָב איך געזען וואָס דאָרטן טוט זיך. זיי האָבן שוין פּאַר קיין זאַך קיין מורא ניט, אפילו פאַר קיין ליכט אויך ניט, אַזש אין סטאָלאָווע האָבן זיי מיר אויפגעוועקט מיט זייער רודעריי, וואָס זיי מאַכן אָן מיט די וואַנצעלאַך איבער די קופּערנע צודעקס פון די קעסלען...

— גיס אָן הארמאַטן מיט דיינע ליגנס — מאַכט מען פון אים חוזק.

— וואַרט א ווײַלע ! — ווערט יענער ניט נתפעל, — הערט בעסער ווייטער, איר ווייסט, אַז מען קען קיין דרימל אויך ניט אַריינ׳גנב׳ענען צוליב זיי ? אָט, פּאַנפּילאָוו, האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן וואַרעמען קעסל. שלעפט ער זיך שוין מער ווי א חדש אין אַקאַלאַדאַק און ביי אים שלעפּט מען נאָך אַלץ טאַראַקאַנעס פון די אויערן... מער טאָר מען ניט שלאָפן אויפן קוכניע, ברידערלאַך. — גיט ער צו זיגעריש, זעענדיק אַז אַלע שווייגן.

— אפשר האָט דאָס נאַטשאַלסטוואָ אומישנע געטאָן, אַז מען זאָל ניט שלאָפן אויף דניעוואַלסטוואָ ? — שיסט אַרויס נארישעוואַטע א סאָלדאַט.

— אָך דו נאַר, וואָס דו ביזט ! — לאַכן די אַנדערע.

דער פריערדיקער לייענט אים א נאטאציע:

— וואס מיינסטו, טאראקאנעס זיינען סאלדאטן. זיי פאלגן וואס מען הייסט זיי?

— טרובאטש! פאר וואס טרובעסט ניט אויף אביער? — דערהערט זיך אנ׳אומגעדולדיקער אויסרוף איבערן קאזארמע.

— נאך ניט צייט. דער קאמאנדיר איז אין קאנצעלאריע. ער וועט דערהערן, וועל איך כאפן א שווארצן סוף. — פארענטפערט זיך דער טרובאטש.

— פאר וואס איז נאך ניט די צייט? שטייט מען צו פון אלע זייטן — ס׳איז דאך שוין באלד איינס, ווילסט מיר זאלן די גאנצע ברויט אויפעסן? אלע סאלדאטן זיינען דאך אין קאזארמע?!

דער טרובאטש נעמט די טרובע און גייט ארויס אין דרויסן אנזאגן דער וועלט, אז ביי די סאלדאטן איז אביעד. אין קאזארמע ווערט א שטופעניש און א לויפעניש. אלע שפארן זיך צום טיר.

— באטשקעס זאלט איר פארכאפן! — שרייען די הינ־טערשטע צו די פעדערשטע — מיר וועלן עסן צוזאמען.

דעם וועג פארצוימט זיי אבער דער דעזשורנער.

— וואו שפארט איר טייוואלים?— שרייט ער מיט אלע כחות — וואס לויפט איר איינציקווייז? אלע מיט אמאל אונטער מיין קאמאנדע מוזט איר גיין! —

— ווי? אין צווייטן צימער אריין דארפסטו אונז פירן? מיר וועלן אן דיר אויך טרעפן דעם וועג — שפארן זיך די סאלדאטן.

— ווי גאט לעבט, איר וועט קיין עסן ניט קריגן, —

שווערט זיך דער דעזשורנער און שפּרייט אויס בײדע הענט
קיינעם ניט אַרויסצולאָזן.

דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק קומט צולויפן צו הילף, די סאָל־
דאַטן ווערן געלאַסענער.

— שוין, ווייטער... — הויבט ער אָן סקריפּען, — אַלע
טאָג דאָס אייגענע, מען דאַרף אייך צעבראַקן, סטערוועס!...

— דעזשורנער! — באַפעלט ער — קיין איינציקן ניט
לאָזן אויפן קיך. אַלע מיט אַמאָל זאָלן גיין, און אויב אימי־
צער וועט ניט פאָלגן, מאַכן מיט זיי נאָך אַ האַלבע שטונדע
זאַניאַטיעס...

— מעגסט מיר קיין עסן ניט געבן, מעגסט מיט מיר
מאַכן אפילו צוואַנציק שעה זאַניאַטיעס — כאַפּט זיך איינער
אַרויס אַנ'אויפגערעגטער — פּאַרוואָס זעסטו ניט, אַז ס'זאָל
זיין געגוג געפעס אויפן קוכניע, אַז אַלע מיט אַמאָל זאָלן קענען
עסן, ניט יעדער איינער זאָל וועלן אַרויסכאַפּן ביים אַנדערן?!

— ווער? — גיט דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק אַ גלאָץ מיט די
אויגן. — איך וועל דיר באַלד ווייזן ווי נאַטשאַלסטוואָ צו
לערנען. דו וועסט ביי מיר פאַרפוילט ווערן...

— נו סהויבט זיך שוין אָן אַן עסק, — קרימען זיך די
סאָלדאַטן און קראַצן זיך די פּאַטילניצע — אַ סוף זאָל דאָס
נעמען! — שרייען זיי אין דער הויך, — נו פיר שוין אויף
אַביעד!

ענדלאַך דערהערט זיך די קאָמאַנדע:

— שאַגאָם מאַרש! —

דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק שרייט זיי נאָך: — דעזשורנער
קיין איינצעלנע ניט לאָזן! הערסט?

ווי ער טרעט נאָר אָפּ, לויפֿן די דרייסטערע ארויס פֿון סטראָי און לאָזן זיך מיט אַ געלאָף צום קיך.

— וואסיליעוו, איוואַנאָוו! — שרייט נאָך ווילד דער רע־זשורנער, — איר וועט קיין עסן ניט קריגן, כ׳וועל דעם קאָ־מאַנדיר פֿאַר׳מסר׳ן...

# אויפֿן קוכניע

פֿאַרן טיר פֿון קוכניע ווערט גאָר אַ געדרענג. איטלאַ־
כער סטאַרעט זיך אַריינשפּאַרן דער ערשטער און פֿאַרכאַפּן
אַ באַטשאַק. דער דעזשורנער קען שוין גאָרניט העלפֿן, ווי אַ
שפּענדל ווערט ער אַריינגעשליידערט אין קיך; איידער ער
באַווייזט נאָך אַ מויל עפֿענען, זינגען שוין די סאָלדאַטן אַליין
די קורצע תּפֿילה פֿאַרן עסן.

— ווער האָט אייך געהייסן זינגען די מאָליטווע? —
כעס'ט זיך דער דעזשורנער — איר וועט ביי מיר עסן ניט באַ־
קומען. — קליושקין! — שרייט ער צום קוכער — ניט עסן
דעם קעסל! — דערביי לייגט ער אַרויף די האַנט אויף דעם שלאָס
פֿון צודעק און שטעלט זיך אַנטקעגן די סאָלדאַטן.

— וועסט בעסער ווערן... — טרעטן בייז צו די סאָל־
דאַטן — עסן! — שרייען זיי צום קוכער.

— איך היים ניט — שרייט דער דעזשורנער.

די סאָלדאַטן מיטן דעזשורנעם שטייען אַנטקעגן און קוקן
זיך אָן אויג אין אויג. איבער זייערע קעפּ אין דער הויך ביים
קעסל, זיצט אַ שמאַלציקער קוכער מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל
מיטן „טשערפּאַק" (שעפּער) אין האַנט, און שמייכלט תּמ'עוואַטע.
אויפֿן פּאַר'שיכור'טן, צונטער־רויטן נעזל ליגט דער שוויים ווי

באַב. — ביי־ביי! — לאַכט ער פון הנאה. די פיש־אויגעלאַך — גרין און דער גיידער פאַלדעווועט זיך און גלאַנצט.

— וואָס זאָל איך טאָן?... — קאַלופּעט ער דעם נעזל.

— עפן! — שרייען די סאָלדאַטן ווידער.

— אַז ער הייסט נים — ווייזט ער אַז אויפן דעזשורנעם. די סאַלדאַטן שפּאַרן נענטער.

— וואָס וועסטו האָבן צו טאָן מיט די טייוואַלים? — דערשרעקט זיך דער קוכער — כ'האָב קיין צייט ניט צו באַלע־מוטשען און דער קאָמאַנדיר קען נאָך קומען....

דער דעזשורנער גיט נאָך, ער דערמאָנט זיך, אַז ער מוז נאָך זיין אַ גאַנצן מעת־לעת אַ דעזשורנער. איבער דער צייט דאַרף מען אָנקומען צום קוכערס לאַסקע: בגנבה צו פּרעגלען סאַלע — חזיר־שמאַלץ, אָפּקאָכן קאַרטאָפל אין דעם טיי בשעת ער קאָכט אים פאַר די סאַלדאַטן: עס, ס'לוינט ניט, וויבאַלד דער קוכער הייסט...

דער דעזשורנער טרעט אָפּ, — זאָגט אים אַ דאַנק — חנפה'ט ער זיך דערווייל צום קוכער, — ווען ניט ער, וואָלט איר נאָך ביי מיר אויפגעוואַרט אַביסל...

— מיר דאַנקען אונטערטעניק... — טרעט אַרויס דעמאָנ־סטראַטיוו איינער אַ סאָלדאַט. שטעלט זיך פאַרן קוכער און בוקט זיך איראָניש טיף אין גאַרטל צום אייגענעם קופערנעם קעסעלע, וואָס ער האַלט פאַר ביידע אויערן אין די הענט.

אַ געלעכטער שיסט אויס. דער קוכער זידלט זיך.

---

זיצנדיק ביי די לאַנגע ברודנע טישן, עסט מען זאַלבעזעקסט פון אַ באַטשאַק. די סטאָלאָווע און די קיך זיינען פול מיט דער פּאַרע און גערוך פון זויערע איבערגעשטאַנענע קרויט און צע־

שמאלצענעם חלב. אין דעם געמיש פון געשרייען און קולות פון מיטאָגדיקן שמועס, הערט זיך דער טשאַמקען און איילנדיקע זופּעריי פון צענדליקער מיילער.

— ס'איז דאָך עפּעס היינט נישקשה... — ברומט איינער מיט אן אָנגעשטאָפּטע מויל.

— דער קאָמאַנדיר דאַרף מסתמא היינט קומען... — זאָגט ארויס זיין השערה א צווייטער.

די, וועלכע האָבן קיין אָרט נים געקראָגן, דרייען זיך ארום אומגעדולדיק און פאַרגרעסערן דעם טומל. זיי קוקן אויס אפשר וועט אימיצער זיך אויפהויבן אַז מען זאָל קענען גלייך פאַרכאַפּן. די „שיסער" (וואָס שיסן מיט די אויגן) זיינען מערסטנטייל „יונגע".

# כאַבאַר

די גרופּע וווּאַרגע זיצט אויבנאָן, גרויס, אָפּגעזונדערט, ביי איין קעסעלע, און פּראַוועט אַ סעודה.

ס׳ליגט פּאַר זיי: סיטנער, הערינג, פּוטער און ס׳שטייען פלעשער ביר.

זיי עסן מיט בלעכענע לעפל. דער צעהיצטער מעטאַל פון דעם קאַכיקן עסן, ברים זיי די ליפּן, אָבער זיי בלאָזן מיט כּונה, בריען זיך, מאַכן העוויות קילנדיק דעם עסן אין מויל. אָבער פּאַרט ניט קיין פּראָסטע סאָלדאַטן, וואָס זאָלן עסן מיט הילצערנע...

איינער ווייזט עפּעס אויף אַ „יונגן" און אין דער גרופּע ווערט אַ געלעכטער.

— הע, „גרויער"! — גיט אַ רוף מיטן פינגער דעם „יונגן" זיין וווּאַרנער.

יענער שטופּט זיך שנעל צו:

— וואָס פאַרלאַנגט איר, הער וווּאַרנער? — פרעגט אַביסל צושראָקן דער יונגער פון דעם פלוצלונגן צורופן.

— איר זעט — ווענדט זיך זיין וווּאַרנער צו די איבעריקע, און ווייזט אויפן „יונגן", — ביי מיר אין ווזוואָד מוז אַלץ זיין אין אָרדנונג, ער האָט מיינע קנעפּלאַך מיר ניט גוט אויסגעפּוצט, מוז ער גיין אַ וואָך צייט ניט אין סדר די באַמטשקעס שייערן... ביזט היינט באַגינען געווען?

— ריכטיק אזוי, הער ווזוואָדנער! — ענטפערט דער „יונגער".

דער ווזוואָדנער מאַכט פּלוצלונג אַ ברוגז'ן פּנים:

— פאַר וואָס האָסטו דעם באַטשאַק ניט אויסגעשייערט ריין? — ווייזט ער אָן אויפן באַטשאַק פון וועלכן זיי עסן. רוקט אַריין אַ פינגער אונטערן פאַרבויגענעם ראַנד, נעמט אַרויס אַ שטיק בלאָטע און ווייזט.

דער סאָלדאַט, אַ יונגינקער, אַ בלאָנדער, מיט אַ קינדערשן פּנים, וועלכן מען האָט „געשאַצט" צום פּריזיוו, פאַרלירט זיך אינגאַנצן.

— כ'קען ניט וויסן... — שטאַמלט ער.

נאָך די איבעריקע פּנימער דערפילט ער אָבער, אַז דאָס איז ניט אין ערנסט און ער טענה'ט זיך אויס:

— ווי גאָט לעבט! מיינע זיינען געווען ריין, דאָס מוז זיין ניט מיינער אַ געשייערטער.

— ניט דיינער? — זאָגט מיט געלעכטער דער ווזוואָד־נער — פון וואַנען ווייס איך דאָס? אפשר איז דאָס פּאָרט דיינער. אָט האָסטו מיינע קנעפּלאָך ניט גוט אויסגעפּוצט... מען דאַרף דיר געבן נאָך אַ וואָך...

דער סאָלדאַט ווייס אַליין ניט, צי איז דאָס אַ שפּאָס אָדער ערנסט, דערווייל ציטערט ער.

— נו, כ'על דיר שוין מוחל זיין פאַרן באַטשאַק... הויבט אָן דער ווזוואָדנער פריינטלאַכער. — וועסט מיר פּאָלגן אַ גאַנג?

— גיט ער אַ פרעג תמ'עוואַטע.

— טאַק טאָטשנאָ, הער ווזוואָדנער! — כאַפּט זיך אָן מיטן גאַנצן האַרצן דער סאָלדאַט.

— מו נאַ דיר אַ זילבערנעם צוואַנציקער, גיי צום סאָלדאַט־סקן בופעט און ברענג מיר: דריי פּאָר ביר, צוויי פונט סימ־

נעם, פאפיראסן און א רובל רעשט... — אז וועסט קומען, וועסטו עסן מיט אונז צוזאמען, גיי !...

דער יונגער סאלדאט ווערט אזוי צעטומלט פון דעם כבוד וואס שטייט אים פאר, אז ער גיט זיך קיין חשבון ניט אפ און לויפט צום בופעט. ערשט דארטן כאפט ער זיך, אז ס'קען ניט זיין פאר א צוואנציקער אזוי פיל זאכן! און א רובל רעשטע, דערמאנט ער זיך און ווערט דערשטוינט — מסתמא בארגט אים דער בופעטשיק.

— דער וויזוואדנער האט געהייסן געבן די אלע זאכן, — רעכנט ער אויס דעם בופעטשיק, — און נאך א רובל אים לייען ...

— גיי בעראן... טרייבט אים יענער אוועק.

— מען וויל ניט געבן... — קומט ער א בלאסער צוריק.

— וואס ? — ווערט ערנסט דער וויזוואדנער, — כ'האב דיר קיין געלט ניט געגעבן ?

— דער בופעטשיק וויל ניט געבן... — פארענטפערט זיך ווי א שולדיקער דער סאלדאט.

— ניט מיין דאגה, — קנייטשט מיט די אקסלען דער וויזוואדנער, — דיר האט מען אפגעגעבן א פריקאזאניע דארפסטו דערפילן, כאטש גראב אויס און זאג אז דו האסט געפונען... גיי !

— דו נאר ! — מען קויפט פאר אייגענע זאגט ארויס אפן א צווייטער וויזוואדנער, — עסן צוזאמען מיט די הערן וויזוואד־נע, דארף עפעס קאסטן ברודערל.

דער סאלדאט שמייכלט שולדיק, נארישעוואטע : — כ'האב קיין געלט ניט, נאר כ'וועל לויפן לייען ביי א לאנדסמאן.

— אט אזוי רייד ! — זאגט ערנסט זיין וויזוואדנער.

# פּאַרציעס

דער אַרטעלשטשיק מיטן דניעוואַלנעם טראָגן אַרום די האַלדאַטסקע פּאַרציעס פּלייש.

אַרויפגעשטאַכן אויף העלצלאַך און באַשאָטן מיט גראָבן ברודיקן זאַלץ, טיילן זיי דאָס איין יעדער סאָלדאַט.

— זע וואָס פאַר א פּאַרציע דו האָסט מיר געגעבן, קיין ערגערע האָסטו שוין ניט געפונען? — פאַרשווייגט ניט איינער.

— אַלע זיינען אַזעלכע, — ענטפערט דער אַרטעלשטשיק.

— נשקשה, פאַר די ווזוואָרנע האָסטו אויסגעקליבן די בעסטע. — פאַלט אַריין דער זעלבער אין א קריגערײַ. א צווייטער לייגט אַרויף א פּאַרציע אויף דער לאַדאָניע, ריכטיק ווי ער וואָלט זי אָפּגעוואויגן, און מיט א מינע פון א מבין ווענדט ער זיך צו אַלעמען:

— מילא, בעסטע צי ערגסטע, אָבער פרעג איך נאָר וויפל וועגן זיי, די מאָנציקלאַך? פּאַלאַגאַיעט זיך דאָס אַזוי אַפילו נאָכן אוסטאַוושטשיק?

דער אַרטעלשטשיק מאַכט זיך ניט הערנדיק און טיילט ווייטער.

— ס'ווילט זיך אים נאָכן אוסטאַוושטשיק! — לאַכט כלומר'שט פון ערשטן אן אַנדערער, — וואָס וועט פאַר נאַטשאַלסטוואָ בלייבן „פון קלענסטן ביזן גרעסטן“, אויב מען וועט דיר אַלץ אָפּגעבן וואָס דיר קומט?...

— ער איז שוין אויך א נאטשאלניק! — כאפט זיך אי־מיצער אן, אנוווייזנדיק אויפן ארטעלשטשיק, — מיר האבן דאך אים אליין אויסגעקליבן.

— בא, אויסגעקליבן! — ענטפערן אנדערע, — דער קאַמאנדיר האט געהייסן, האט מען אויסגעקליבן. איר זעט דאך, איוואנאוון האט מען פריער ניט באשטעטיקט, א ?...

— און ס'איז דאך געווען א צייט, אין פינפטן און זעקסטן יאר, ווען מען האט געגעבן נאך מער ווי אין אוסטאוושטשיק, — רופט זיך אפ איינער א געלאסענער.

ער ציט די אויפמערקזאמקייט פון די ארומיקע: דער עסן ווערט לאנגזאמער:

— וואס צום ביישפיל ? — פרעגן זיך נאך נייגעריקע יונגע.

— וואס צום ביישפיל!... — גיט ער א גלאנץ אויף אלע־מען מיט די אויגן — אלץ! אט פרעג אים, — ווייזט ער אז אויפן אנטקעגנדיקן, — וועט ער דיר דערציילן, אז אלץ, פון פארציעס אן! דענסטמאל האבן מיר געקראגן צוויי מאל אזא גרויסע פארציע ווי די היינטיקע און נאך א פארציע חזיר אויך. פון קיין פאסטנעם עסן האבן מיר גאר ניט געוואוסט. אויף אלע פיר איז נאטשאלסטווא געקראכן פארן סאלדאט... ניט אמת ? — פרעגט ער ביים אנטקעגנדיקן.

— ריכטיק, — באמקעט צו יענער מיט א פולער מויל.

— און אמוניטשנע און שטיוול און בעטצייג, — רעדט ווייטער דער זעלבער נאך לעבעדיקער. — איינמאל האט מען אונז קאניאק מיט בראנפן גאנצע פלעשער געגעבן, אבי מיר זאלן איינשטימען ארויסצופארן אין לאגער פארן פינישן ערשטן מאי...

— איר האט דאס געמוזט האבן א גוט לעבן. — איז מקנא א „יונגער".

די סאָלדאַטן ווינקען זיך גנב׳יש דורך איבערן נאַאיוון „יונגן".

— גיין, ברודערל, מען האָט עפּעס מער פאַרלאַנגט ווי אַ פּאַרציע — לאַכט זיך איינער באַנאַנגעווער.

— אין זיין טאָטן... — שפּרינגט פּלוצלונג איינער אויף אין שכנות און גיט אַ פּליוך אַ לעפל באָרשטש אויפן טיש.

— וואָס, אַ טאַראַקאַן? — שטעלן זיך אויף עטלעכע.

— אָבער נאָך אַ וואָסערער! — גרויסט זיך דער, וואָס האָט אויסגעגאָסן.

— אַ סאָלדאַט איז קיין חזיר ניט. ער וועט אַלץ אויפֿ־פרעסן — שטעלט אַריין איינער דעם סאָלדאַטסקן ווערטל.

— ס'איז אָנשטאָט גריוועניס, — חכמה'ט זיך אַ צווייטער.

— כאַפּט דאָס דער רוח! — זעצט מען זיך צוריק עסן — אַז זאָלסט אַזוי קוקן דאַרף מען דאָ פון הונגער אַוועק'פגר'ן.

— איינבראָקן די פּאַרציעס! — קאָמאַנדעוועט מען זיך אַליין.

יעדער איינער נעמט זיין פּאַרציע, צערייסט דאָס מיט די פינגער אויף שטיקלאַך און וואַרפט דאָס אַריין אין קעסעלע.

— גיי, ער זאָל דערגיסן, — טראַנספּאָרטירן זיי איינעם אַ יונגן.

ביים קעסל איז קולות — דער קוכער וויל ניט דערגיסן.

— אויף צו פאַרקויפן פאַר די חזירים דאַרפסטו האָבן — שרייען די סאָלדאַטן — און אונז ווילסטו ניט געבן. זעסט, ער האָט זיך אָפּגעפרעסן אויף אונזער קאַרק...

מיט מאַטערניש קריגן זיי אַרויס נאָך צו ביסלאַך.

— נו, איצטער „קלאַפּן" — דערהערן זיך שטימעס ביי די טישן.

איינער קלאַפּט אָן מיט דער הילצערנער לעפל אָן ראַנד פון

קעסעלע — אַ סימן אַז מען מעג שוין נעמען עסן די איינגע־בראָקטע שטיקלאַך פלייש. דערביי זעט יעדערער ניט עסן מער פון צוויטן.

# דער פּאַרשפּעטיקטער

די סאָלדאַטן האָבן שוין אָפּגעגעסן די קאַשע און פּאַרטרינ־קען מיט זויערן קוואַס געמאַכט פון ברויט. פּינישע בעטלער רוקן זיך אַריין שטיל און מיט הכנעה און נעמען צוזאַמענקלייבן, וואָס עס איז געבליבן פון דער סאָלדאַטסקער סעודה. איינער, אַן אַלטיטשקער, בלינדלאַך און טויבלאַך שאַרט זיך אויף פריער מיטן געוויש פון זיינע שמאַטעס. דאָס איז זייער אַוואַנגאַרד. פאַרן קוכער אַליין האָבן זיי מורא, אָבער ווען די סאָלדאַטן זיינען נאָך דאָ, מאַכט ניט אויס — עפּעס וועלן זיי שוין קריגן איבערצוכאַפּן.

ס׳שפּרייזט אויך אַריין אַ סאָלדאַט מיטן ברויט אונטערן אָרעם.

— אָ, סטעפּאַנאָוו, דו האָסט שוין פאַרשפּעטיגט, מעגסט גיין צוריק — זאָגן אים די וועקגייענדיקע סאָלדאַטן.

סטעפּאַנאָוו, אַ הויכער, אַ געזונטער, גיט וואוילעריש אַ מאַך מיטן האַנט: „איך וועל קריגן“...

ער נעמט זיך רואיק אַ קעסעלע פון טיש, קערט איבער דאָס איבערגעלאָזענע אויפן טיש און גייט צו צום קוכער.

דער קוכער אויפן קעסל דרייט אָפּ דעם קאָפּ.

— גיב, — זאָגט סטעפּאַנאָוו, — איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף.

דער קוכער מאַכט זיך ניט הערנדיק.

סטעפאנאָוו גיט אים אַ שלעפּ פאַרן פוס: — גיב!

— טשעפּע זיך אָפּ, — שרייט דער קוכער, — ס'איז שוין מער ניטאָ. האָסט באַדאַרפט זיין אין צייט, ביזט דאָך ניט אין קאַראַאול און אין ערגעץ ניט.

— דאָס איז ניט דיין עסק. לאָז כ'וועל אַליין אַ קוק טאָן...

— וואָס פאַר אַ נאַטשאַלניק ביזטו מיר, וואָס דו וועסט מיר גיין פאַרקוקן אין קעסל? — ווערט אויפגערעגט דער קוכער.

— אָט איך בין אַ נאַטשאַלניק... — רעדט סטעפּאַנאָוו מיט אַ שמייכל, דערביי פּרובירט ער עפענען דעם צודעק.

דער קוכער לאָזט ניט. די איבערגעבליבענע סאָלדאַטן שטעלן זיך אַרום: וואָס וועט דאָ זיין?

סטעפאַנאָו מיטן קוכער קוקן זיך אָן אַ ווײַלע דער פון קעסל און דער פון אונטן.

— דו וועסט געבן? — פרעגט איינגעהאַלטן סטעפּאַנאָוו און לייגט ווידער אַרויף די האַנט אויפן קוכערס קני.

דער קוכער סטאַרעט זיך אַראָפּשליידערן סטעפּאַנאָווס האַנט.

— גיין, — שרייט ער און ס'ציטערט אים די אונטערשטע דיקע ליפּ.

— געדענק, גיב בעסער מיט גוטן, — רעדט שטיל און מיט גוטן סטעפּאַנאָוו, — אויב ניט...

— וואָס, וועסט זיך שלאָגן מיט מיר? — כאַפּט זיך דער קוכער פאַרן שעפּער.

אין דער זעלבער רגע צאַפּלט ער זיך ווי אַ לעבעדיקער ביי סטעפּאַנאָוו'ן אין די הענט.

— רופט דעם דעזשורנעם, דעם פּאָדפּראַפּאָרשטשיק!... — שרייט ער צו די סאָלדאַטן.

יענע שמייכלען נאָר.

סטעפּאַנאָוו, שוין מיטן שעפּער ביי זיך אין האַנט, כאַפּט זיך אַרויף אויפן קעסל און שעפּט זיך אָן אַ קעסעלע קרויט.

— אַ, אָ, נאָך אַ האַלבער קעסל... — רייצט ער זיך, — און די פּעטססטע, ווער וויל נאָך?

די בעטלער הויבן זיך אָן צורוקן פּאַמעלאַך...

— אהער, אהער... — מונטערט זיי אויף סטעפּאַנאָוו.

מיט אַ שטיק האָלץ וואַרפט זיך אויף זיי דער קוכער:

— טשוכנעס פּאַרשאַלטענע! — זידלט ער זיך — וואָן! איך פּלעט באַלד אַלעמען די קעפּ!

צושראָקן ציען זיך די בעטלער צוריק, נענטער צום טיר. די סאָלדאַטן האָבן הנאה פון דער גאַנצער מעשה. זיי שטייען און שמייכלען. סטעפּאַנאָוו כאַפּט זיך אַראָפּ פון קעסל, כאַפּט אָן דעם אַלטיטשקן פאַר אַ האַנט: קום כ'וועל דיר געבן.

אָבער אין דער זעלבער צייט פאַרהאַקט דער קוכער דעם קעסל אויפן שלאָס.

— ברעך דעם שלאָס, — זאָגט ער מיט נצחון צו סטעפּאַנאָוו'ן, וועסט אוועקגיין „פּאַר סוד"...

סטעפּאַנאָוו קוקט זיך אַרום מילד.

— נאַ, — גיט ער אַ כאַפּ זיין קעסעלע באָרשטש און גיט דאָס אוועק דעם אַלטיטשקן, — עס געזונטערהייד, — ווערט ער ווייכער — ביי דעם טייגעניכטס וועט איר קיינמאָל גאָר נים קריגן — ווייזט ער אויפן קוכער. — ער דאַרף דאָס האָבן צו פאַרקויפן פאַר חזירים.

די בעטלער כאַפּן זיך צום קעסעלע און מיט הונגעריקע אויגן זוכן זיי אַ באַקוועמען אָרט. דער אַלטער שאַמקעט צו סטעפּאַנאָוו'ן אַ דאַנק, לויבט אים אין אַ געבראָכענעם רוסיש.

— ספּאַסיבאַ, חאַראָשאָ נאַטשאַלסטוואָ...

סטעפּאַנאָוו כאַפּט אַ קרוג מיט קוואַס, זופּט זיך אָן פון אים, פאַרקרימט זיך פון זויערקייט.

— יע, — ענטפערט ער דעם אַלטן, — אין זייער טאַטן... דער קוואַס איז באַטש גוט.

# דער לערער פון רייטן

ווי שטענדיק איינגעצויגן אין בלויע רייטהויזן מיט לע־דערנע פּאַכוועס, שטייט דער יונגער פּאָרוטשיק פּאַן־פּרוטינג אין מיטן זאַמדיקן פּלאַץ, און קלאַפּט זיך אומגעדולדיג מיטן בליסט איבער די עלעגאַנטע לאַקירטע כאָליוועס.

א שיינער, א געוויקסיקער, מיט א פּרעכער אויסגעצויגענער מאָרדע, פּונם שטענדיקן רייטן אביסל צוגעהויקערט פון פאָרנט. דער גלאַנציקער דאַשעק אַרונטערגערוקט איבער די אויגן — מאַכט ער דעם איינדרוק, ווי ער איז גרייט זיך א וואָרף צו טאָן מיטן בליסט אויפן ערשטן בעסטן.

און א זייט זיינען שוין אויסגעסטראַיעט די סאָלדאַטן אויף די פערד.

זיי לאָזן אַרונטער די שוץ־רימענדלאַך איבער די פּנים׳ער, אַז די היטלען זאָלן ניט אַרונטערפליען, זיי זעצן זיך איין טיפער אין די זאַטלען; פּרובירן און מעסטן צו די סטרעמענעס, אַז א פוס זאָל זיך ניט פּאַרטשעפּען בשעת׳ן פאַלן; זיי קלאַפּן פריינד־לאַך די פערד איבערן האַלז, מעשה גוט־ברודער, און אין האַרצן קלערט יעטווידער: דער טייוול ווייסט דיך, צי דו וועסט מיר היינט ניט שעדיקן...

דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק מיט א לאַנגן קנאַקנדיקן בייטש אין האַנט טומלט זיך אַרום זיי. מיט דער פרייער האַנט פּרו־בירט ער די רימענס אויף די בייכער ביי די פערד. מיט די

לאַנגע פאַרשפּיצטע פינגער קריכט ער אַריין, ווי מיט אַ סקרעב־ניצע, אין די גריוועס — צעשויבערט די גלאַנציקע פעל און זידלט די סאָלדאַטן:

— אַזוי האַלט מען אַ פערד, איר „פאַרשיוועצעס" ? די גאַנצע שופּן איז נאָך פאַראַן...

— זע, די פעל גלאַנצט דאָך ניט...

— דער ווײדל, „סטערווע" דו אײנער, איז ניט גוט פאַר־נאַנדערגעקאַמט...

— פּאַכוטשין ! — גיט אַ געשריי דער פּאַרוטשיק.

דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק מיטן בײטש גיט זיך אַ וואָרף אױפן רוף.

— גלײַך פון אָרט אין קאַריער... — קאָמאַנדעוועט אים אײנער נאָך מיט אַ געלעכטער.

— וואַרט, פאַן־פּרוטינג וועט אונז הײַנט פאַרמוטשען, — גײט אײנעם ניט אײַן די המצאה און זיפצט אָפּ.

— פאַר וואָס דערלאַנגט מען מיר מײַן פערד ניט ? — ווענדט זיך פון אונטער די צײַן דער פּאַרוטשיק צום פּאָדפּראַ־פּאָרשטשיק.

— כ'קען ניט וויסן, וואַשע בלאַגאָראָדיע !... — כאַפּט זיך דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק צום קאָזירעק, — כ'האָב פאַרזאָגט באַלד צו ברענגען.

— ווער דען זאָל וויסן ? — בײַ דיר איז שטענדיק עפּעס ניט אין אָרדענונג, — רעדט אױמצופרידן דער פּאַרוטשיק.

— איך קען ניט וויסן... — שטאַמלט דער פּאָדפּראַפּאָר־שטשיק און קוקט, אין פאַרלעגנהייט, אין דער זײַט, פון וואַנען מען דאַרף ברענגען דעם פּאַרוטשיקס פערד.

דער פּאַרוטשיק דרײט זיך אָפּ, קלאַפּט נערוועז מיטן כליסט איבערן כאָליאַווע און פײַפט־צו.

— מען פירט „זיי" שוין !... — גיט פריידיק ארויף דער פּאָד־פּראַפּאָרשטשיק, דערזעענדיק דעם פּאָרוטשיקס פערד, פּונקט מיטן זעלבן דרך־ארץ ווי ער וואָלט אַ געשריי געטאָן : „זיי", דער קאָמאַנדיר, גייען...

— וועמען ? — קערט זיך אום דער פּאָרוטשיק ניט פאַרשטייענדיק וועמען ער מיינט.

— זייער פערד...

— גוט !

פון דער זייט פון קאָניושנע פירט דער דניעוואַלנער דעם פּאָרוטשיקס יונגן „ענגלענדער". די אויסגעפּוצטע העל־ברוינע פעל גלאַנצט ווי אַ שפּיגל אויף דער זון. מיט זיינע פאַרשפּיצטע אויערן, פינקלדיקע אויגן, דינע איינגעבינטעוועטע פיס, און נאַקעטן אָפּגעהאַקטן ווידל, וואָס סטאַרטשעט אויף ארויף, מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ הירש.

מען זעט, אַז דעם סאָלדאַט קומט אָן מיט מאַטערניש אים צו פירן ; אַ פאַרקרענקשליוועטער טאַנצט ער פאַרשייט ביי אים אין די הענט — דאָ, דוכט זיך, וועט ער זיך ארויסרייסן, אָט וועט ער אויפן סאָלדאַט ארויפשפּרינגען און אים צעבריקען ; אָדער ער חנ'דלט זיך גאָר, פאַררייסט דעם קאָפּ, טאַנצט־אונטער גראַציעז, שטעלט לייכטע פאַרזיכטיגע „פּאַ", טאַקי ווי אַן אמת'ער הירש.

דער פּאָרוטשיק קוקט און קוועלט אָן פון זיין פערד. — זעסט, ווי שווער עס איז אים איינצוהאַלטן, — קלערט ער ביי זיך — ווי גאָט לעבט, ער וואָלט דעם סאָלדאַט מיטגעשלעפּט ווי אַ ווינט אַ פּאַפּירל...

וועלנדיק פאַרגיטיקן דעם פּאָרוטשיק פאַר פריער און זיך אויספיינען, גיט דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק גראָב אַ געשריי :

— גיכער דאָרטן ! וואָס קריכסטו ווי אַ לויז ?

— לאז אפ! — האקט אים בייז איבער דער פארוטשיק.
— וואס שרייסטו? כ'זע דאך...

---

די אלטע, שווער־אנגעזאטלטע סאלדאטסקע פערד שטייען ווי איינגעגראבן אין דעם זאמד. מיט פארוואקסענע קאלטענע־וואטע פיס און ארונטערגעלאזטע קעפ קוקן זיי אויס אומגע־לומפערט ווי בערן.

— וואו! אט דאס איז א פערדל!... — טשמאקעט אנט־ציקט מיט די ליפן, און קוקט אויפן פארוטשיקס פערד, א סאלדאט מיט א ציגיינערשן פנים. — וואס דען, אונזערע ארטילערייסקע? — שטורכעט ער בגנבה און פארביסן מיטן קולאק דעם פערד אין האלז אריין. — יע, דערלאנגען מיטן פאדקאווע אויפן קא־גיושנע און דער'הרג'ענען קען דאס, אבער ניט שפרינגען...

דער פערד, דערפילנדיק דעם קלאפ, שטויסט זיך ארויס פון דער רייע.

— גלייך זיך אויס! — שרייען די וזוואדנע, — וואס קריכ־סטו דארטן פארויס?

דער געשריי איז מער געווענדט צום פערד ווי צום סאל־דאט. דער פערד שטעלט אן די אויערן, גיט א שאקל מיטן קאפ, ווי איינער זאגט: כ'פארשטיי... און קריכט הינטער זיך צוריק אריין אין רייע.

— עט, דו ווייסט עפעס! — הויבט זיך אן שפארן מיטן ערשטן א דארפישער, — מיינסט דעם פארוטשיקס פערד, אז ער שפרינגט שוין, איז שוין די גאנצע מציאה? וואס פאר א נוצן קענסטו האבן פון אים? קענסט דאך מיט אים פון וואלד אפילו קיין פור האלץ ניט ברענגען!

— גרייט זיך צו... — גיבן איבער די סאלדאטן איינער דעם אנדערן און א שטילע ווארענונג פליט דורך די רייען.

די סאָלדאַטן האָבן אָפּ די שמועסן; זעצן זיך פעסטער איין אין די זאָטלען און לייגן איבער די קורצע רימענע לייצעס אין די הענט.

דער סאָלדאַט, וואָס האָט געבראַכט דעם פּאַרוטשיקס פערד, האַלט אים מיט איין האַנט אונטערן צוים און מיט דער צווייטער דעם פוס־האַלטער, דער פּאַרוטשיק שפּרינגט פלינק אין זאָטל אריין.

דער פערד גיט זיך אויגנבליקלאַך ווילד אַ ריס, דערפילנדיק דעם רייטער אין זאָטל. דער סאָלדאַט פליט אָפּ און קוליעט זיך איבער אין זאַמד, דער פערד שפּרינגט, שטעלט זיך דיבאָם, אָבער באַלד ווערט ער רואיק.

— אַזוי, אַזוי, טייערער, — לאַסטשעט דעם פערד און קלאַפּט אים איבערן האַלז דער פּאַרוטשיק.

— האָסט זיך דעם קאָפּ נים צובראָכן, דו טייוול? — פרעגט דערווייל דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק דעם איבערגעקוליעטן סאָלדאַט.

— געווים נים, הער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק! — טרייסלט זיך יענער אָפּ פון זאַמד.

— אַ שאָד, האָסט דאָס בעדאַרפט טאָן .. — איז ער נאָך אין כעס אויף אים פון פריער.

— הערר פּאָדפּראַפּאַרשטשיק, כ'האָב נאָר איין קאָפּ אינגאַנצן... — שמייכלט דער סאָלדאַט און פאַררוכט די היטל.

— סטערווע דו, — מורמלט נאָר דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק. באַפעלט דער פּאַרוטשיק:

— דו פּאַכוטשין מיטן דניעוואַלנעם, בלייבט שטיין און פאַררוכט נאָך מיין קאָמאַנדע.

— סמירנאָ! — שרייט ער צו די סאָלדאַטן און פאָרט אַרויס אין פראָנט.

# דאָס לערנען

— כ'וועל אייך פריער אליין ווייזן, — רופט דער פּאָרוטשיק צו די סאָלדאַטן, — און איר קוקט זיך אויפמערקזאַם צו און הערט זיך איין, וואָס מען זאָגט אייך.

— נו, איצט ווייז נאָר וואָס דו קענסט... — רעדט ער צום פערד, — האָסט שוין פאַרגעסן? פריער וועלן מיר אליין דערנאָך מיט זיי, ניט אמת?..

— שאַגאָם מ־אַר־ש! — קאָמאַנדעוועט ער זיך אליין.

מיט גאווה הויבט אָן טרעטן דער פערד איבערן זאמדיקן קרייז.

— ריסיו מאַ־אַר־ש... — לאָזט ארונטער דעם בליסט דער פּאָרוטשיק. דער פערד גיט זיך אַ צאַפּל, אָבער באַלד טאַנצט ער מיט האַלב־שנעלע טריט נאָכן פאַרלאַנג פון פּאָרוטשיק.

— אין גאַלאָפּ! — קאָמאַנדעוועט דער פּאָרוטשיק און רירט אָן דעם פערד לייכט מיט די שפּאָרן.

ווי אַ האָז הויבט אָן ארויסצואוואַרפן דער פערד די פע־דערשטע פיס. דער פּאָרוטשיק באַרירט אים לייכט מיטן שפּיץ און ציילט אין טאַקט:

— האָפּ, האָפּ..

— אין קאַריער! — גראַבט זיך איין מיט די שפּאָרן דער פּאָרוטשיק.

דער פערד גיט זיך ווילד אַ שליידער אָן אַ זייט, אָבער באַלד פליט ער, פייל פון בויגן, איבערן זאמדיקן וועגל.

— אוף, שטיי! — שטעלט אים מיט איינמאָל אָפּ דער פּאָרוטשיק, אז דער פערד זעצט זיך אַזש צו אויף די הינטער־שטע פיס.

— אך, מאָלאָדיעץ! — קלאַפּט ער ווידער ליבלאך דעם פערד איבערן האַלז, — נו, איצט וועלן מיר נאָר דורכגיין מיטן צערעמאָניאַלן מאַרש ווי פארן קאָרפּוסנעם אויף א פּאַראַד, מיט א זייט, מיט א זייט... ווייסט דאָך...

— אויפמערקזאַם! — שרייט ער צו די סאָלדאַטן — קוקט. אַט אַזוי רייט מען נאָכן צערעמאָניאַלן מאַרש.

ער ציט אַרויס דעם שווערד און הויבט אים וואַזשנע אויף אין דער לופטן.

— שטעל זיך נאָר אין פראָנט, — הייסט ער דעם פּאָד־פּראַפּאָרשטשיק.

— נאָכן צערעמאָניאַלן מאַרש! — קאָמאַנדעוועט ער נאָך וואַזשנער איבערן גאַנצן פּלאַץ.

פּאַרציענדיק דעם פערדס קאָפּ אַן א זייט, שנייט ער מיט איין שפּאָרע דעם פערד אין בויך. דער פערד דרייט זיך און גייט מיט א זייט איבערלייגנדיק די פיס און ווי ער וואָלט גע־קוקט אויפן פּאָדפּראַפּאָרשטשיק.

פּלוצלונג, אין מיטן גאַנג, פאַררייסט ער נאָך העכער דעם סמאָרטשענדיקן ווידל און פּאַטשקעט אַז...

— אָט האָסטו דיר! — רייסט זיך אַרויס ווי א קרעכץ ביי עטלאַכע סאָלדאַטן מיט אַמאָל, — דער דניעוואַלנער איז איצט א פאַרלאָרענער! דער פערד האָט אָנגעפּאַטשקעט...

— פּאַכוטשין! — רעוועט ווילד דער פּאָרוטשיק.

דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק לויפט צו ניט טויט ניט לעבעדיק, מער ניט דער בייטש באַמבלט זיך ביי אים הילפלאָז אין האַנט.

דער פּאָרוטשיק איז אַזוי צעקאָכט, אַז ער קען אַ וואָרט ניט אַרויסברענגען. ענדלעך ווייזט ער אָן מיטן בליק אויף די מיסט:

— וואָס איז דאָס? אויפן פּאַראַד פאַרן קאָרפּוסנעם וועט דאָס אויך אַזוי געשען?!

— כ'קען ניט וויסן? — שטאַמלט צעשראָקן דער פּאָד־פּראָפּאָרשטשיק.

— באָלוואַן דו איינער! — דו ווייסט דאָך קיין זאַך ניט, ווער האָט היינט געקאָרמעט דעם פערד?

— ווי געוויינטלעך, דער דניעוואַלנער, וואַשע בלאַגאָראָדיע, — ווייזט ער אָן מיטן בייטש אויפן סאָלדאַט.

דער פּאָרוטשיק גיט זיך אויף אים אַ לאָז מיטן פערד; דער סאָלדאַט רוקט זיך קוים אָפּ.

— שטיי דו מערזאַוועץ, אויף אַנ'אָרט! — לאָזט ער זיך ווידער מיטן פערד אויף אים.

דער סאָלדאַט שטייט ווי אַ געליימטער, אָבער ווי דער פערד קומט אָן, רוקט ער זיך שנעל אָפּ.

— שטיי!...

איבער די סאָלדאַטסקע רייען לויפט דורך אַ אומצופרידענע מורמלעריי, וועלכע דערגרייכט דעם פּאָרוטשיקס אויערן.

— איך וועל דיר ווייזן... — שטעלט ער אָפּ דעם פערד.

— מיט מיידלאַך וועסטו זיך מיר אַרומשלעפּן און די פערד וועסטו ניט געבן עסן אין צייט? —

אַ געליימטער שטייט דער סאָלדאַט.

— פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?

— שולדיק, וואַשע בלאַגאָראָדיע, — שטאַמלט אַרויס דער סאָלדאַט דעם איינציקן ענטפער, וועלכן ער מעג ענטפערן.

— אַ שולדיקן שלאָגט מען, איך וועל דיר, הינטערשער

לעבער, פאַרשמייסן... — סטראַשעט ער אים מיטן כליסט אין פּנים.

— גאָט צו דאַנקען, היינט שמייסט מען שוין ניט, היינט זיינען שוין אויף דעם די הענטלאַך צו קורץ, אַוועק די צייטן!

— טענה׳ן צווישן זיך די סאָלדאַטן.

אַנדערע לאַכן בייז: — ער מיינט, אַז ער רייט דאָ טאַקי אויף אַ פּאַראַד פאַרן קאָרפּוסנעם און דער קאָרפּוסנער וויל אים שוין רופן — „אַ הענטעלע געבן“ פאַרן רייטן: „איזוואָלטיע, הער פּאָרוטשיק“, איר האָט דאָך מיט אייער רייטן דעם פּאַראַד פאַרשיינט, איר רייט דאָך ווי אַן אמת׳ער טייוול .. און אין מיטן דערינען אַזאַ אומגליק!... פאַרשפּילט „דאָס הענטעלע“ און דער קאָרפּוסנער פאַרדרייט גאָר דעם נאָז... און דערנאָך ביינאַכט אין „אָפּיצערסקע סאָבראַניע“ — וואָס האָט דאָס פּאַסירט מיט אייער פערד?...

# דאָס רייטן

— גלייך זיך אוים! — שרייט הייזעריק דער צעצאָרנטער פּאָרוטשיק.

— נו, קינדערלאַך, צלם׳ט זיך איבער, ס׳הויבט זיך אָן, — מורמלען די סאָלדאַטן

— ערשטער, צווייטער; ערשטער, צווייטער! — שרייען זיי אין דער הויך און צעטיילן זיך אין פּאָרן.

— שאַגאָם מאַרש!

די רייען רירן זיך און רייטן פּאַמעלאַך אין קרייז.

— די עלנבויגנס, די קני! — שרייט דער פּאָרוטשיק.

— די קני, די עלנבויגנס! — חזר׳ט איבער דער פּאָד־פּראָפּאָרשטשיק, פּאַכנדיק מיטן בייטש.

— ריסיו מאַרש! — קאָמאַנדעוועט דער פּאָרוטשיק.

די פערד הויבן אָן פון זיך אַליין צו לויפן שנעלער. די סאָלדאַטן הויבן זיך אָן שאָקלען. די אונטערשטע טיילן פּנים׳ער טרייסלען זיך ווי פון קעלט.

הע, הע, אין די זאָטלען זיצן! די דיסטאַנציע האַלטן! וואָס האָט איר זיך פאַנאַנדערגעוואָרפן? כ׳וועל אייך באַלד ווייזן וואָס טרייסלען זיך איז...

— זיצן אין די זאָטלען! — שרייט נאָך און קנאַקט צו מיטן בייטש דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק.

— אין „גאַלאָפּ״ מאַ־ר־ש!..

די האַמעטנע אַרטילעריסקע פערד הויבן אָן אונטערצו־
שפּרינגען. די סאָלדאַטן הויבן זיך אָן קרימען אין די זאָטלען
— אַהער־אַהין, אַהין־אַהער, קרעמפּעווען זיך איין מיט די פּיס.

— די דיסטאַנציע! — שרייט ווילד דער פּאָרוטשיק, —
איר קענט גאָר ניט די פערד באַהערשן.

— די דיסטאַנציע... די פערד! — רעוועט דער פּאָד־
פּאָדפּראַפּאָרשטשיק מיטן בייטש.

— זיצן גלייך אין די זאָטלען, — שרייט אַלץ זיינס דער
פּאָרוטשיק, — איר וועט זיך ביי מיר באַלד א טרייסל טאָן...

— אין קאַריער מ־אַר־ש!

— מיט די שפּאָרן, מיט די שפּאָרן! — שמייסט דער
פּאָדפּראַפּאָרשטשיק מיט דער בייטש.

ווילד צעלאָזן זיך די פערד; שטיקער־ווייז שפּריצט דער
פייכטער זאַמד פון הינטער זייערע פּאָדקאָוועס; די סאָלדאַטן
דוכט זיך, אַז די גערערים פליען ביי זיי אַרויס. זיי בויגן זיך
נענטער צו די פערד׳ס העלזער און ס׳העלפט ניט; ס׳ווילט זיך
איינגראָבן מיט די הענט אין די גריוועס און מען טאָר ניט.

— שטיי! — שטעלט אָפּ דער פּאָרוטשיק און פליט צו
מיט זיין פערד נענטער צו די סאָלדאַטן — איר קענט אין די
זאָטלען ניט זיצן! כ׳האָב דאָך געוויזן — נו, כ׳וועל אייך באַלד
אויסלערנען.

— קריך אַראָפּ! — באַפעלט ער נאָך א מינוט שווייגן.

די סאָלדאַטן קוקן זיך איבער און קריכן אַרונטער.

— פאַנאַנדערזאָטלען! — באַפעלט ער.

— זעץ זיך! — קאַמאַנדעוועט ער נאָכדעם ווי זיי האָבן
פאַנאַנדערגעזאָטלט.

— אין גאַלאָפּ! — לאָזט ער זיי גלייך פון אָרט.

ווי הילצערנע מאַנעקענס צאַפּלען און שליידערן זיך איצט

די סאָלדאַטן אויף די פאַנאַנדערגעזאָטלטע פערד; די קעפּ באַמבלען זיך ווי אַנגעצויגענע אויף שטריקלאַך. ביי וועמען עס קריכט אַרונטער די היטל און ביי וועמען די הויזן קריכן אַרויס פון די שטיוול און פאַלדעווען זיך אַן אונטער די פּאַכ־ ווען.

— איר לאָזט די פערד ניט פריי! — קאַכט זיך דער פּאָרו־ טשיק.

— פריי לאָז די פערד! — טרייסלט מיטן בייטש דער פּאָד־ פּראַפּאָרשטשיק.

— שטיי! — פאַר אַ שטראָף פאַר אייער רייטן פאַנאַנ־ דערקרענזשלעווען די פערד...

אי די פערד, אי די סאָלדאַטן אָטעמען שווער. ביי די סאָלדאַטן איז דאָס גאַנצע בלוט אין קאָפּ און אַ שווייס ליגט אויף די פּנים׳ער, פון די פערד זעצט אַ פּאַרע און זיי פּאַכן מיט די זייטן.

— אַט טייוול! — זידלען זיך די סאָלדאַטן איילנדיק זיך אַרויסנעמען די קרענזשלעס ביי די פערד פון מויל.

— אין קאַריער מאַרש! — גיט זיך אַ וואָרף אַן דער שפּיץ דער פּאָרוטשיק אויף זיין „ענגלענדער“

— וואָס שטייט איר אָפּ טייוואַלים? — דרייט ער זיך אום זעענדיק, אַז די סאָלדאַטן קענען אים ניט נאָכפּליען.

— נאָך מיר, נאָך מיר!

# דער באַריער

— צום באַריער! — קאָמאַנדעוועט אין מיטן לויף דער פּאַרוטשיק און פאַרקירעוועט זיין פערד צום ערשטן נידעריקן באַריער פון סכך־ביימלאַך.

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק מיטן צעלאָזוענעם בייטש לאָזט זיך „פון אַלע פיס" אויך אַהינצו.

לייכט שפּרינגט אַריבער דער פּאַרוטשיק און נאָך אים אַלע סאָלדאַטן. באַלד וואַקסט אויס אַ צווייטער באַריער א העכערער, ווי א פּאַרקאַן.

דער פּאַרוטשיק טראָגט זיך אַדורך מיט דער זעלבער לייכט־קייט וואָס פריער. עטלאַכע סאָלדאַטן נאָך אים.

פון די מיטלסטע וואַרפט זיך אָבער א פערד אַן דער זייט, באַלד נאָך אים עטלאַכע, דער סטראָי צומישט זיך, די דיסטאַנציע — אויס.

— מיטן בייטש, מיטן בייטש! — שרייט ער צום פּאָד־פּראָפּאָרשטשיק.

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק הויבט אָן פּאַסעווען די פערד אי־בער די פיס אָן רחמנות. נאָר ס'העלפט ניט, זיי בריקען נאָר. אָבער שפּרינגען ניט.

— איר זייט צופרידן? — כעס'ט זיך דער פּאַרוטשיק אויף די סאָלדאַטן, — ביי מיר וועלן זיי שפּרינגען.

— דעם בייטש אַהער!

— אַט זיינען „זיי", וואָשע בלאַגאָראָדיע! — גיט איבער מיט רעספּעקט דער פֿאָדפּראָפּאָרשטשיק דעם בייטש.

— נו, סטעפּאַנאָוו, שפּרינג נאָך דער ערשטער!

סטעפּאַנאָוו גיט זיך אַ לאָז. נאָר דער פערד מיידט אויס דעם באַריער.

— צוריק!

סטעפּאַנאָוו רייט נאָך אַמאָל. דער פּאָרוטשיק גיט פיינלאָך אַ צי דעם פערד מיטן בייטש אונטערן בויך. דער פערד שפּרינגט שוין אַריבער, אָבער סטעפּאַנאָוו וואַלגערט זיך אין זאַמד.

— דער צווייטער! — מאַכט זיך ניט וויסנדיק דער פּאָרוטשיק. — וואָס? האָסט מורא... — פאַרקוקט דער פּאָרוטשיק דעם סאָלדאַט פּרעך אין פּנים אַריין, באַמערקנדיק, אַז יענער האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן.

— די הענט באַזונדער! — באַפעלט ער.

דער סאָלדאַט מוז אַפּלאָזן די לייצעס און פּאַנאַנדערשפּרייטנדיק די הענט ווי אַ פויגל די פליגלען, אַזוי אַריבערשפּרינגען.

— פּאָרויס!

נאָך אַ מער פיינלאַכער שמיץ. דער פערד שפּרינגט, ספּאָטיקעט זיך און פאַלט. באַלד ליגט דער סאָלדאַט אַנ'אויסגעקנאָטעטער אין זאַמד און דער פערד יאָגט ווילד, אַליין איבערן פּלאַץ.

— נאָך דער רייע! — האַלט צוגעגרייט דער פּאָרוטשיק דעם בייטש.

— איר וועט זיך ביי מיר אויסלערנען! — שרייט פּאָרביסן דער פּאָרוטשיק זעענדיק, אַז עפּעס אַנ'אַרונטערגעפאַלענער סאָלדאַט קען זיך ניט אויפהויבן, — קאָרטשעט זיך אויף דער ערד און קרעכצט שטיל.

---

פירנדיק פּאַמעלעך אַפּצוקיקן די צעהיצטע פערד, שמועסן זיך דורך די סאָלדאַטן:

— ווי געפעלט דיר, וואָס סעמיאַנאָוו האָט זיך צובראָכן דעם אַקסל?

— אַ גליקלאַכער! — צינדן זיך אָן ביי פילע די אויגן — איצט זיי געזונט סלוזשבע! גלייך פון האָספּיטאַל אהיים...

— איך האָב זיך שוין מפקיר געווען, — טענה'ט איינער.

— „אָן הענט“ לאָז זיין אָן הענט! „די הענט באַזונדער“ זאָל זיין אַזוי, הלוואי וואָלט איך שוין געווען אויף סעמיאַנאָוום אָרט.. אָבער ס'גליקט מיר נישט!

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק קומט אָן. צערטלאַך ווי אַ איקאָנע טראָגט ער דעם לאַנגן צונויפגעלייגטן ביימש.

— איידער איר פירט אריין די פערד, זאָלט איר ניט פאַר־געסן זיי אַ לאָשצע צו טאָן! — שרייט ער מיט זיין איינגע־ריסענעם קול צו די סאָלדאַטן, — נאָכן אוסטאַוושטשיק זאָלט איר זיך באַגיין, איר הערט?

די סאָלדאַטן שפּייען און זידלען זיך גוט אויס.

# סלאָוועסנאָסט

**אויסגעזעצט** אויף זייערע קויקעס אין צוויי שורות, לערנען די סאָלדאַטן סלאָוועסנאָסט.

דער וזוואָדנער וואָראָנין זיצט אין מיטן דורכגאַנג אויף א טאַבורעטקע, שמעלט און פאַרענטפערט שאלות פון אוסטאַוו־טשיק.

ביידע הענט אַרונטערגערוקט אונטער זיך, קנייטשט ער דעם נידעריקן, באַוואָקסענעם שטערן, קוקט אָנגעשטרענגט אויף די שפּיצעס פון זיינע שטיוול, ווי פון זיי וואָלט ער אַרויסבאַקומען זיין גאַנצן וויסן.

די פענצטער אין קאַזאַרמע זיינען פאַנאַנדערגעעפנט. דער דרויסן איז פול מיט פרילינגס־לעבן, פול מיט קלאַנגען.

די זון איז שוין ווילד; א שטומע שפּיל, פול אַנטצי־קונג, פירט זי מיט די שכערן. אויף די שפּיצן און אין די שפּאַלטן פון די פעלזן שמעלצט דער פאַרבליבענער שניי. אָנגעקוואָלענע בערג־טייכלאַך לאָזן זיך ווי אָדערן אַרונטער מיט א בולבעריי פון איין אויסשפּרונג אויפן אַנדערן. אין קאַ־זאַרמע קלינגט דאָס אָפּ ווי טויזנטער פולע פלעשער וואָלט מען איבערגעקערט אויף די פעלזן, און ס׳בולקעט זיך און זינגט.

אין קאַזאַרמע איז אומעטיק. וואָראָנין רעדט צו די שפּי־צעס פון זיינע שטיוול און כאַפּט אַלע מאָל א קוק אויף די פנים׳ער פון די סאָלדאַטן. ער ווייס, אַז ביי סלאָוועסנאָסט, מעג

עס זיין אין מיטן העלן טאָג, קלעפּן זיך ביי די סאָלדאַטן די אויגן.

— פּעטוכאָוו! — גיט ער אַ געשריי.

אַ סאָלדאַט, ווי אַ קלאָץ, שפּרינגט אויף:

— האַ?

די שוואַרצע אויגעלאַך ביי וואָראָנינען ווערן ווי שפּילקע־לאַך, ער זידלט זיך גוט אויס.

— וואָס איז דאָ פאַר אַ „האַ“ אויף סלוזשבע, דו „פּיקסט מיטן נאָז“, האָסט פאַרגעסן וואו דו ביזט? דאָ פרעגט מען: „וואָס פאַרלאַנגט איר, הערר זוואָדנער?“

— וואָס פאַרלאַנגט איר, הער ווזוואָדנער? — חזר'ט אי־בער פּעטוכאָוו.

— אַזוי.. — שטימט צו דער ווזוואָדנער. — וואָס איז אָבער וואָס דו שלאָפסט אין דער צייט פון „זאַניאַטיעס“?

— געוויס ניט, — פינטלט מיט די אויגן פּעטוכאָוו

— וואָס? — סטראַשעט דער ווזוואָדנער מיטן פינגער, — מיינסט מיך אָפּנאַרן?

— געוויס ניט, הער ווזוואָדנער.

— נו, זעץ זיך, — זאָגט דער ווזוואָדנער אין אַ טאָן, אַז דער סאָלדאַט זעצט זיך אַוועק אומאַנטשלאָסן, פילנדיק, אַז באַלד וועט ער אים ווידער כאַפּן.

— קראַסנאָוו, וואָס איז אַזוינס אַ סאָלדאַט? — פרעגט ביי אַ צווייטן דער ווזוואָדנער.

— „אַ פאַרטיידיקער פון צאַר און פאָטערלאַנד קעגן שונאים אויסערלאַכע און קעגן שונאים אינערלאַכע“, — ענטפערט יענער.

— וואָס? — קנייטשט דעם שטערן דער ווזוואָדנער, — ניט גוט געענטפערט. האָסט דאָס צו פּאַמעלאַך אַרויסגערעדט, אין איין אָטעם דאַרף מען אַרויסשיסן, פאַרשטייסט?

— ריכטיק אזוי, הער ווזוואָדנער.

— טאָ זאָג איבער.

יענער זאָגט איבער.

— ניין, ס'טויג ניט, — שאָקלט דער ווזוואָדנער מיטן קאָפּ. — האָסט אין איין אָטעם אַרויסגערעדט. וואו איז אָבער דער: „ביז'ן לעצטן טראָפּן בלוט"? מען זאָגט: „אַ סאָלדאַט איז אַ פאַרטיידיקער פון קיסר און פאָטערלאַנד קעגן שונאים אויסערלאַכע און קעגן שונאים אינערלאַכע ביז'ן לעצטן טראָפּן בלוט", פאַרשטאַנען?

— ריכטיק אזוי, הער ווזוואָדנער.

— טאָ זאָג. . . פּעטוכאָוו! — גיט ער אינמיטן דרינען ווידער אַ געשריי צום פריערדיקן.

פּעטוכאָוו שפּרינגט אויף ווי אַן אָפּגעבריטער.

— פּיקסט שוין ווידער מיטן נאָז, וואָס?

— געוויס ניט, — רעט יענער צעמישט.

— און וואו איז דיר דער „הער ווזוואָדנער"? איך בין דיר אַ ברודער אָדער אַ מחותן?

— געוויס ניט, הער ווזוואָדנער, — פאַריכט זיך פּעטוכאָוו.

— אזוי, אזוי, — ציט צונויף די ליפּן דער ווזוואָדנער. — דו ביזט, הייסט דאָס, ניט געשלאָפן?

— געוויס ניט, הער ווזוואָדנער, — האַלט זיך פּעטוכאָוו ביי זיינס.

— נו, טאָ זאָג מיר וועגן וואָס ריידן מיר?

— וועגן נאַטשאַלסטוואָ... — פּלאַצט אַרויס פּעטוכאָוו.

— אזוי, אזוי, — זאָגט אונטער דער ווזוואָדנער.

דער גרויסער פּעטוכאָוו איז איצט הילפלאָז ווי אַ קינד. צע־שראָקן וואַרפט ער קרומע בליקן אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט

געבעטן הילף ביי די איבעריקע, נאָכן ווזוואָדנעמס „אזוי, אזוי“ פילט ער, אז ער האָט ניט געטראָפן.

— ווענן קיסר, — פרובירט ער זיך ווידער.

ס׳פּלאַצט אוים א געלעכטער. אין די מוחות ביי די סאָלדאַטן איז עפּעס ליכטיקער געוואָרן, די אויגן הערן זיך אויף קלעפּן, ס׳געפעלט די סאָלדאַטן די שפּיל פון ווזוואָדנעם מיטן סאָלדאַט.

— ווענן זאַלאַטניקעס קאַשע, — זאָגט אונטער פעטוכאָוו א סאָלדאַט, כלומרשט אין דער שטיל, אז ער זאָל ניט פאַרשטיין דעם שפּיצל.

— ווענן קאַשע ריידן מיר, — זאָגט נאָך דער רויט־געוואַרענער פעטוכאָוו.

דער געלעכטער שטאַרקט זיך.

— אזוי, אזוי, זאָג מיר נאָר, ווער זיינען דיינע נאַטשאַלניקעס, פון דעם ערשטן ביזן לעצטן, אבער מיט די טיטולן און די נעמען און מיט די פּרעמדע קייזערליכע פאַמיליעס, זאָלסטו מיר זאָגן, — מאַכט חוזק דער ווזוואָדנער.

— לאָזט א טראַכט טאָן, הער ווזוואָדנער... — פאַרגלאָצן זיך די אויגן ביי פעטוכאָוון הינטערן שטערן און ס׳צעעפנט זיך די מויל.

— אויף סלוזשבע איז ניטאָ קיין טראַכטן, — לאָזט אים ניט אָפּ דער ווזוואָדנער, — דאָ קלערן טאָר מען ניט, געפרעגט, — געענטפערט, איינס — איינס, זאָג!

פעטוכאָוו הויבט אָן שטאַמלען און קריכט ניט ארוים.

— קאַטץ, — גיט א רוף דער ווזוואָדנער א אידישן סאָלדאַט, — רעכן מיר נאָר אוים די גאַנצע נאַטשאַלסטווע.

קאַטץ זאָגט דאָס איבער ווי א וואַסער.

— האָסט געהערט? — פרעגט ער פעטוכאָוון.

— געהערט. — פינטלט יענער מיט די אויגן.
— נו, טאַ זאָג זשע דעם פולן טיטול פון קיסר! —
פעטוכאָוו, אַ צומישטער, הויבט אָן און קען ניט ענדיקן.
— קאַטיע, זאָג נאָר דעם טיטול.
דער זאָגט.
— נו, טאָ וועגן וואָס זשע האָבן מיר גערעדט, פעטוכאָוו?
— בליצן בייז אויף די אויגעלאַך ביים ווזוואָדנעם.
— וועגן מאַ, מאַ... — זאָגט ווידער איינער אונטער אין דער שטיל פעטוכאָוון.
— וועגן מאָליטווע, — כאַפּט זיך אָן פעטוכאָוו, מיינענדיק, אַז ער האָט שוין געטראָפן.
ס'פּלאַצט ווידער אויס אַ געלעכטער.
— אַזוי... און די מאָליטווע קענסטו? זאָג נאָר „די מאָליטווע פון גאָט".
פעטוכאָוו הויבט אָן, פאַרהאַקט זיך און הויבט אָן ווידער.
— קאַטיע, זאָג אים נאָר די „מאָליטווע פון גאָט", — באַפעלט וואָראָנין.
קאַטיע זאָגט אים איבער.
— אַך, דו הינטישער לעבער! — הויבט אָן זידלען דער ווזוואָדנער פעטוכאָוון. — דיינע אייגענע פאַטשערעס קענסטו אפילו ניט, פאַפּסט די גאַנצע צייט פון לערנען. איך וועל דיר ווייזן... קאַטיע, קום נאָר אַהער, — רופט ער אים צו מיטן פינגער.
קאַטיע קומט צו.
דער ווזוואָדנער שטעלט אויס אויף אים אַ פּאָר שפּילקענע אויגעלאַך:
— גיי און פּאַר אריין פעטוכאָוון אין מאָרדע, — באַפעלט ער, — אָבער געזונט, אַז פונקען זאָלן פליען!...

זעענדיק אַז קאַטץ שטייט עפּעס צעשראָקן און אין פאַר־לעגנהייט, קאָמאַנדעוועט ער קאַטצן אָפיציעל:

— גלייך צו פּעטוכאָוון, קרוגאָם מאַרש!

אין קאַזאַרמע ווערט טויט־שטיל. דער לעצטער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון די סאָלדאַטישע פּנים׳ער. דאָס גאַנצע לעבן האָט, דוכט זיך, אין די אויגן אריינגעשפּאַרט.

קאַטץ דרייט זיך אום, גייט צו מיטן מיליטערישן שריט צו פּעטוכאָוון און בלייבט שטיין פּנים צו פּנים.

דער ריזיקער פּעטוכאָוו שטייט אינגאַנצן צונויפגעקאַרטשעט. מער ניט די פאַרשפּיצטע אויגן לויפן און פינטלען ווי ביי א צוגעקלעמטער חיה.

— דערלאַנג! — קאָמאַנדעוועט דער וואַכטמייסטער.

קאַטץ גיט ניט א ריר אפילו מיט אַן אבר.

א רגע שטיל. ביי די סאָלדאַטן רייסט זיך איבער דער אָטעם.

— פאַרוואָס דערלאַנגסטו אים ניט? — קומט צו לאַנגזאַם דער וואַכטמייסטער מיט פאַרביסענע ליפּן, די הענט טיף פאַר־שטעקט אין די קעשענעס.

— נאָכן אוסטאַוו טאָר מען ניט שלאָגן, הער וואַכטמייס־טער, — רעדט קאַטץ ארויס מיט א ציטער אין קול.

— אזוי, אזוי... — קנייטשט ער דעם שטערן, דו קענסט דאָס, הייסט דאָס, דעם אוסטאַוו בעסער פון מיר? און „דערפילן א באַפעל״ מוז מען?

— ריכטיק אזוי, הער וואַכטמייסטער, — ענטפערט קאַטץ מע־כאַניש.

וואַכטמייסטער טראַכט א רגע.

— נו, פּעטוכאָוו, פאַר נאָר אריין דעם זשיד אין די ציינער.

— זאָגט ער געלאַסן מיט א רוצח׳ישן שמייכעלע.

— דערלאַנג! — גיט ער ווילד אַ געשריי.

אין דער זעלבער רגע גיט אַ הילך איבערן קאַזאַרמע.

קאַטצס קאָפּ גיט זיך מיט אַן „אוי“ אַ בויג אָן אַ זייט.

— מאָלאָדיעץ, פּעטוכאָוו! — שרייט אויס דער וווּאָרנער.

— ראַד סטאַראַטסיאַ... — ענטפערט אָפּ פּעטוכאָוו און שמייכעלט אידיאָטיש.

די סאָלדאַטן בלייבן זיצן ווי פאַרגליווערט, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, מער ניט דאָס גאַנצע לעבן, רוכט זיך ברענט ביי זיי אין די אויגן.

# פאַרנאַכט

דער פאַרנאַכט קומט אָן.

גאַנצע מחנות קאַלירטע ווילדע טויבן הויבן זיך אויף פון די אַרומיקע פעלזן און טראָגן זיך אוועק צו זייערע נעסטן.

סאָלדאַטן שוין פריי פון זאַניאַטיעס, פּאָלגן נאָך פון די צעעפנטע פענצטער, ווי די טויבן צירקלען הויך אין הימל אין קונציקע קרייזן. מיט פאַריסענע קעפּ קוקן זיי זיך איין ווי טויזנטער פליגלען פלאַטערן און ווינקען אין דער לופט; ווי זיי באַהעפטן זיך אין פאַרביקע וואָלקענדלאַך, אָדער שיטן זיך פאַנאַנדער איינציקווייז איבערן הימל־וועג.

— .קוק, קוק פון רעכטס ! — רופט איינער מיט התפעלות און שטורכעט אַן אַנדערן מיטן עלנבויגן. — אָט טויבן אויף דער פריי !

אין אַן אָנגעפּראָפּטן פענצטער בעסט זיך אימיצער:

— וואָס האָסטו זיך אָנגעלייגט אויף מיר ? האָסט קיינמאָל קיין ווילדע טויבן ניט געזען ?

— און אַליין האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלייגט ווי אַ קלאָץ און פאַרנעמט דעם גאַנצן פענצטער. — פאַרדריסט דאָס דעם אַנדערן.

— כאַ, כאַ, כאַ! — לאַכט הילכיק פון הנאה אַ געשטופּל־טער סאָלדאַט מיט אַ „בענדל“, — קוקט, מיטן „רעכטן אַקסל פּאָרויס“, מיטן רעכטן! — קאָמאַנדעוועט ער מיט אַ געשריי

די טויבן. זעענדיק, אַז זיי דרייען זיך אום אויף לינקס, און מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי די טויבן וואָלטן באמת געפאָלגט זיין קאָמאַנדע.

— ריכטיק, — באַמקען צו אַנדערע סאָלדאַטן.

— איצט מיט דעם לינקן אַקסל, מיט דעם לינקן ! — פאַר־כאַפּט ער שוין אויף פריער און וויל זיך אויספיינען, ווייזן אַז ער טרעפט. — אַנדערש, ניט אַזוי ! — הילכט ער אַנטוישט, ווען די טויבן פליען ווידער אויף לינקס און סטראַשעט פון גע־וואוינהייט מיטן פויסט.

— וואָס? זיי פאָלגן דיך ניט? — לאַכט אָפּ איינער.

— נאָר, האָסט זיי נאָך באַדאַרפט אויסלערנען פליען „אין פוס“ און אָנהויבן מיט דער לינקער, — מאַכט חוזק נאָך אימיצער.

דעם געשטופּלטן מיטן „בענדל“ פאַרדריסט, וואָס מען האַלט אים פאַר אַזאַ אָפּגעריסענעם נאַר, עקשנ׳ט ער זיך:

— האָט קיין מורא ניט, כ׳האָב אין פעסטונג געזען גע־לערנטע טויבן... — און גייט וואַשנע אוועק פון פענצטער.

דערווייל, ווייט איבער די שכערן, הינטער די געדרייטע ברע־געס, צעשווימט די זון איבערן גאַנצן ברייט פון האָריזאָנט אין אַ כשופ׳דיקן ים פון פאַרבן. אונטן ווערן די שכערן פאַר־וואָלקנט מיט אַ באַוועגלאַכן טומאַן, וועלכער וואָגלט סתם צווישן די ברעגעס איבערן וואַסער, ווי אַ גאַנצע מחנה פאַרלאָזענע זעגל־שיפלאַך, געטריבן פון ווינט.

די טונקלקייט הויבט אָן אַרויסצוקוקן פון יעדן טאָל, פון יעדן פעלזן־שפּאַלט און קריכט לאַנגזאַם איבער די נעטרעפּטע פעלזן אַרויף־אַרויף צום הימל צו.

די רוישיקע פרילינגס קלאַנגען פאַרשטומען ביסלאַכווייז, די ים פייגלען פאַרשווינדן, נאָר איינצלנע פון זיי טראָגן זיך

נאָך איבערן וואַסער און שרייען עפּעס אַזוי מאָדנע ביינקענד. קינדערש־הילפלאָז.

די טויבן זיינען שוין לאַנג פאַרפאַלן געוואָרן, נאָר די סאָלדאַטן האַלטן נאָך פאַרדיסן די קעפּ און קוקן נאָך אַלץ אין הימל. פּלוצלונג רייסט איינער איבער די שטילקייט:

— פאַרשוואונדן... — זאָגט ער מיט באַדויערונג.

די שכערן אַטעמען שוין שאַרף און קאַלט. אַ פּראַסטיקער ווינטל הויבט אָן אַריינצובלאָזן דורך די אָפענע פענצטער. אין קאַזאַרמע ווערט גרוי, אומעטיק און קאַלט. די סאָלדאַטן פאַרהאַקן די פענצטער און הויבן אָן אומרואיק אַרומצובראָדיען איבער דער גרויסער, עפּעס ווי שטענדיק פּוסטער קאַזאַרמע.

אַנדערע קענען זיך נאָך אַלץ פון פענצטער ניט אָפּרייסן; שטייען זיי ביי די שויבן און קוקן זיך צו ווי אַ פינטלדיקער פּייערל פינקלט אויף זעלטן־ווען אויף אַ פישער שיפל און פאַר־שווינדט באַלד.

אין קאַזאַרמע איז שוין טונקל. ס'פאַרשווינדן די אויסגע־גלאָצטע אויגן פון די קיסרים און העלדן. די סאָלדאַטן צו־שטעלן זיך גרופּנווייז ביי די ניט־געהייצטע אויוונס און פרעסן זיך צו זיי מיט די פּלייצעס און אונטערגעלייגטע לאַדאָניעס, ווי ווינטער־צייט.

דער פאַרנאַכט, דוכט זיך, האָט אַלעמען צונויפגעטוליעט און אָפּגעזונדערט פון דער איבעריקער וועלט — ווערן די סאָל־דאַטן פריינטלאַכער, אינטימער צווישן זיך, הערט מען אויף זיך צו רופן ביי די פאַמיליעס, נאָר מיט די נעמען ווי מען האָט זיך געקענט אין דער היים.

טענה'ט מען וועגן דער היים, וועגן דער „ביטערער סלוזש־בע“, וועגן געליבטע, ווייב און קינדער און צוקינפטיקע האַפענונ־גען; מען דערציילט מעשיות און מען חכמה'ט זיך.

# געשפּרעכן

ווילסטו, איוואַניטש,ביים אויוון? — פרעגט מען אַן אַנגעקומענעם פון עפּעס אַן אַרבייט און מען רוקט זיך פאַנאַנדער, מאַכנדיק פּלאַץ.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — רייבט דער דורכגעפרארענער איוואַניטש די הענט און טאַפּט דעם אויוון.

— ער איז דאָך קאַלט! — שרייט ער אויס תמ׳עוואַטע און בלומרשט מיט פאַרדרוס, ווי ער וואָלט ניט געוואוסט, אַז מען הייצט שוין דעם אויוון ניט.

די איבעריקע שיסן אויס אין אַ געלעכטער.

— וואָס ווילסטו, איוואַניטש ? — רעדט איינער גוטמוטיק, — דער אויוון האָט אונז אַ גאַנצן ווינטער געוואַרעמט. איצט וועלן מיר אים אָנוואַרעמען.

— אויף אַלץ קאַרגן זיי, — רעדט שוין אַ צווייטער ערנסטער, — אַפילו אַ שטיקל האָלץ און דאָס אויך ניט, און די נעכט זיינען אַזוינע קאַלטע.

— און אַלץ אויפן חשבון פון סאָלדאַט, — גיט צו נאָך איינער, — אַליין ברענג נאָך פון וואַלד, צעהאַק און צעזעג, ברענג און צופיר און פאַרזאָרג נאָך פאַר אַלע אָפיצירלאָך. פאַרטאָג שטיי אויף, האָב ניט קיין רו מיטאָג־צייט, און איצט פריר, טפו !...

— אַז מען זאָל פאַר אונז ניט קאַרגן, וואָס וועט פאַר נא־

טשאַלסטוואַ בלייבן ?... — רופט זיך אָפּ איינער מיט איבערלייגונג.

— אָט דאָס איז דאָס... — כאַפּט זיך אָן איוואַניטש מיט אַזאַ צופרידענעם קול, ווי אַלץ וואָלט שוין ביי אים רעכט געוואָרן און ס'איז שוין אים מער ניט קאַלט.

— זע, איוואַניטש, וואָס הערט זיך עפּעס מיט דיין טשו־כאַנקע? — פרעגט אים איינער פלוצלונג.

— וואָס איז דיין עסק? — ווערט ער אין כעס. פילנדיק אָבער די אַלגעמיינע פריינטלאַכע שטימונג, גיט ער צו ווייכער:

— כ'האָב גאָר קיין טשוכאַנקע ניט...

— וואָס דען, אַ שווערקע? — לאַכט מען אַרום.

— וואָס איז דאָס אייער דאגה? — ווערט ער ווידער צאָרנדיק.

— כ'פרעג אַזוי, פאַרענטפערט זיך דער ערשטער, — ווייסט דאָך, כ'מיין דיין טובה. אין גיכן דאַרף מען פאָרן אַהיים, דאָרטן איז אַ ווייב מיט קינדער. און דאָ שלעפּסט זיך אַרום, קענסט נאָך קראַנק ווערן און כאַפּן דעם זעלבן אַפּשניט ווי באַשקאַוו, דו פאַרשטייסט ?

— דאָס איז ריכטיק, — גיבן צו אַנדערע.

— צדיקים מיינע, — ברוגז'ט זיך איוואַניטש, — אַט נאָכ'ן לאַגער, כ'וועל דאַרפן פאָרן אַהיים, וועט איר מיר באַ־פאַלן ווי בינען האָניק. דער: איוואַניטש, לאָז מיר זי איבער. און דער, איוואַניטש, לאָז מיר זי איבער. איר וועט נאָך ביר שטעלן און נאָך צוצאָלן, אַבי כ'זאָל אייך זי איבערלאָזן.

— אמת, — שטימט מען צו.

— אָט אַזוי רעדט, — ווערט איוואַניטש נאָך באַרעדעוו־דיקער, — פאַרשטייט אַליין, מיינסט אין דער היים וואָלט איך

דאָס געטאָן? קיינמאָל ניט, נאָר דאָ אַפּגעריסן פון אַלעמען. אויף סלוזשבע...

— אָבער ווי רעדסטו זיך מיט איר צונויף? — פרעגט איינער נייגעריק, — אַט איך האָב פּרובירט און ס'איז גאָרניט ארויסגעקומען, — איז יענער זיך מודה.

ווי קומסטו צו איוואַניטשן? — טרייבט מען פון אים שפּאַס.

איוואַניטש נעמט יענעם אונטער זיין שוץ: — וואָס מאַכט איר חוזק? דאָס איז טאַקי אַ קונץ!

— ווי פּאַרט רעדסטו זיך צוזאַמען? — פרעגט מען אים.

איוואַניטש קלערט אַ ווײַלע: ליבע, ברידערלאַך, האָט איר איינענע שפּראַך, וועלכע אפילו אַ טשוכאַנקע פאַרשטייט, יע!

— וועלכע ליבע דאַרטן?! — לאַכט מען, — ס'איז פאַרן טייוול אַ פּאָר, אַט וועסטו קומען אהיים, וועסט געפינען אַ געקרייזלטן מלאכ'ל פון אַ יאָר צוויי ביי דיין ווייבל אויף די הענט, וועלן מיר זען, וואָס דו וועסט דענסטמאָל זינגען?

איוואַניטש הויבט זיך אָן אומרואיק צו רירן ביים אויוון:

— מיינע איז ניט אזאַ...

— ניט אזאַ, ניט אזאַ, אָבער אַ מלאכ'ל קענסטו געפינען.

— רייצט מען זיך מיט אים.

איוואַניטש טאַפּטשעט זיך אַלץ אומרואיקער אויפן אָרט און בורטשעט עפּעס:

— ה'מ'ם . .

—און וואָס וואָלסטו טאַקי געטאָן, ווען דו טרעפסט אין דער היים אזיינעם, איוואַניטש? — לאָזט מען אים ניט אָפּ.

ביי איוואַניטשן בליצן די אויגן אויף אין דער טונקל. ער קוועטשט צונויף אַ פויסט:

— פאַר די צעפּ וואָלט איך זי אין שייער אריינגעשלעפּט און מיטן דרעשער איבער די ביינער, איבער די ביינער...

— נו, און מיטן מלאכ'ל? — לאזט מען אים אלץ ניט אפ.

— וואס מיטן מלאכ'ל? — מישן זיך אריין אנדערע, אויך באוויבטע.

— וואס קען מען טאן מיט א קינד? דאס קינד איז דאך ניט שולדיג . . .

— אזוי... — שטימט צו איוואניטש מיט א פארענדערטן קול.

— און וואס וועסטו טאן, אז זי וועט פון דיר איינגאנצן אנטלויפן? עפעס דערציילט דיין לאנדסמאן, אז זי איז א קראַ־סאוויצע און אז מען רעדט עפעס אין דארף...

— עך, מיט אייך, טייוואלים, וועסטו זיך ניט צוזאמענ־ריידן, — שארט זיך אוועק איוואניטש.

— איוואניטש! — רופט מען אים און מען לאכט גוט־מוטיק. — וואס האסטו זיך צעבייזערט? קום אהער, העלף וואַ־רימען דעם אויוון, מיר ריידן דאך אזוי זיך, פון צייט־פארטרייב...

די פאר שוסטער־סאלדאטן שלעפן ארויס די קעסטלאך מיט די קלאפערגעצייג פון אונטער די קויקעס, שמעלצן צו ליכט, לייגן ארויף שטיינער אויף די קני און נעמען זיך צו דער מלאכה. די אפטע הארטע קלעפ איבער די שטיינער און פאַ־דעשוועס מיט געשרייען: יעגאריטש, זע, אז מיינע כאליוועס זאלן שטיין ווי פלעשלאך, — הילכט אפ אין דער פינצטער ווי א קאמאנדע מיט א רעוואלווערן שיסעריי...

דער רויטער פייערל פון דער לאמפאדקע לייכט גארניט, ס'זעט זיך מער ניט אן ווי איין רויטער פינטעלע, ווי א בלוט'ס טראפן אין דער טונקלקייט.

— לאמיר עפעס זינגען, — זאגט איינער ביים אויוון.

— וואס אנהויבן? — פרעגט איינער פון די פאר־זינגער.

— הויב אן „יערמאַק“.

לאַנגזאַם און שטיל הויבט אײנער אָן:

„רעוועלאַ בוריאַ, דאַזשדוזש שומעל...“

באַלד כאַפּן אונטער אַנדערע מיטן זעלבן שטילן בײנקענדיקן טאָן:

„וואָ מראַקע באַלניצי טוערקאַלי...“

צעצויגן לאַנגזאַם זינגט מען דאָס ליד: אַלץ האַרציקער, שענער און אומעטיקער קלינגט די מעלאָדיע. אַ האַרמאָניק פּלעכט זיך פּלוצלונג אַרײַן מיט שטילע, פֿולע אַקאָרדן. ס'דוכט זיך, ס'ווערט אויסגעשפּרייט פֿאַר די אויגן: יערמאַקס לאַגער בײַ די „ווילדע ברעגעס פֿון אירטיש“, ווי דער שטורם בושעוועט און לעשט די שײַטערס. אַלע זײַנע העלדן, וועלכע האָבן סיביר אײַנגענומען, שלאָפֿן אַרום מיט אַ מידן האַרטן שלאָף; נאָר אײן יערמאַק קען ניט אײַנשלאָפֿן, ער זיצט פֿאַרזונקען אין מרה־שחורה'דיקע געדאַנקען; עפּעס זאָגט אים די האַרץ, אַז ס'איז די לעצטע נאַכט זײַנע. און דאָרטן, אין דער געדיכטער טײַגע גנבֿ'עט זיך שוין מאַמאַי מיט זײַן חיל. שטיל ווי שאָטנס שווינדלען זײ צווישן דער צעוואַקסענער ווילדעניש; בליצן באַלײַכטן זײ דעם וועג און די דונערן פֿאַרטויבן דעם גערויש...

אין גרויען באַגינען וועט מאַמאַי אָנפֿאַלן, אַלע וועט ער אויס'הרג'ענען שלאָפֿנדיקערהייד, נאָר אײן יערמאַק וועט זיך ראַטעווען אין די רוישיקע כוואַליעס פֿון אירטיש. אָבער מאָרגן, די מתנה פֿון צאַר פֿאַרן אײַנעמען סיביר, דער שווערער פּאַנציר, וועט אים, דעם העלד, ווי אַ שטײן אַראָפּשלעפּן צום גרונט...

די קאַזאַרמע ווערט פֿול מיט געזאַנג; אַלץ נײַע שטימען און האַרמאָניקעס קומען צו. די שוסטערס קלאַפּן צו אין טאַקט, פֿאַרזיכטיק, שטיל מיט די האַמערס. דאָס ליד פֿול בײַנקעדיש און שײַנקייט צאַפּלט ווי אַ לעבעדיקע, שוועבט דורכ

זיך אַרום אין דער טונקלקייט, זוכט זיך אַרויסצורייסן אויף דער פרייַ צו די ווילדע ברעגעס, נאָר געפינט קיין אויסגאַנג ניט, גיסט זיך צוריק אַריין ביי די סאָלדאַטן אין די הערצער און פון דאָרטן קומט זי ווידער אַרויס נאָך שטאַרקער, שענער און בייַנקענדער.

ס׳דערהערט זיך פּלוצלונג גאַנץ נאָענט דאָס שווערע טאָפּ־טשעריי פון פּאָדפּראָפּאָרשטשיק׳ס שטיוואַליעס, זיין שפּרייזן איבער דער קאַזאַרמע מיט אַ שפּאָרן קלינגערייַ. ער בלייבט שטיין ווי אַ לאַנגער אויסגעצויגענער שאָטן און צעבייזערט זיך:

— זעסט, האָבן זיך צעזונגען און צעשפּילט מיינע סאָלאָ־ווייען; זעסט פּוילענצער, האָבן זיך פאַנאַנדערגעלייגט ווי חזירים אין אַ גאָרטן! אומזיסט פרעסט דאָס דעם קאַזיאָנעם ברויט... גלייך זאָלט איר זיך מיר צוגרייטן גיין ראַמען דעם מיסט אויפן קאָניושניע!

באַלד ביי די ערשטע געשרייען האַקט זיך אָפּ דאָס זינגען; אימיצער פאַרהוסט זיך, ווי ער וואָלט זיך דערוואָרגן מיט אַ וואָרט. אין דער טונקל ווערט עפּעס מאָדנע שטיל און סטראַשנע...

— דניעוואַלנעס! — שרייט דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, און אַ פאַרבאָרגענער ציטער פילט זיך אין קול, — פאַרוואָס ציגדט איר קיין לאָמפּן ניט אָן? — און עפּעס אומנאַטירלאַך, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן אומצוקוקן, נאָר מיט געמאַכטע הילכיקע טריט, רוקט ער זיך אַרויס פון קאַזאַרמע.

כאָטש דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק איז שוין אַוועק, אָבער די סאָלדאַטן זיצן נאָך אַ ווייַלע שטום, ווי אונטער בלייענע געדאַנ־קען. ענדלאַך זאָגט איינער:

— אָט דאָס איז אַ גראַמאַכפּאָן, דער טייוול כאַפּט אים, סקריפּעט און סקריפּעט; דוכט זיך ניטאָ וואָס צו טאָן אויפן

קאָניושניע, נעכטן אַלץ אויפגעראַמט, אָבער אַ רואיקע מינוט וועט ער ניט לאָזן איינזיצן...

— מיט אַזעלכע, אין פינפטן יאָר, וואָלט מען זיך אַנדערש געספּראַוועט, — רעדט איינער אַרויס מיט אַ פאַרשטיקטן קול.

— נו, ער איז דאָך געווען אין פינפטן אויך?... — לאַכט אימיצער מיט פאַרדראָס, — מיר וואָלטן היינט פּטור געווען פון אַ צרה...

— ווער האָט געוואוסט, אַז ס'וועט אַרויסוואַקסן אַזאַ פּרי?

— פאַרענטפערט זיך יענער גאַנץ ערנסט, — דערנסטמאָל זיינען זיי אַלע געוואָרן „גוטינקע", ניט צו דערקענען; מיינט ניט, איינמאָל האָט מען אים אַ פּאַק געטאָן, אין לאַגער איז דאָס געווען, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט, זיך אָפּגעבעטן מיט ווייב און קינדער...

דער דערציילער ציט שווער אָפּ דעם אָטעם, ווי אַ משא וואָלט אים געלעגן אויפן האַרצן.

— נו, — פרעגט איינער אומגעדולדיק.

— גאָרניט, ווייסט דאָך אונזערע סאָלדאַטן, האָבן רחמנות געקראָגן, האָט עפּעס צוגעזאָגט, צום סוף זיינען נאָך איניקע אַוועק אויף קאַטאָרגע...

## אין אָוונט

שטורמיקער ווערן די שבערן מיטן אָנקומען פון דער פרײַ־לינגס־נאַכט. ס׳טראָגן זיך איבער די וואַסערן עפּעס משונה׳־דיקע קולות, אַן אויסגעצויגענער קרעכצן, ווי ערגעץ־וואו אין דער פינסטערניש זאָלן האָבן ריזיקע קריעס זיך אָנגערוקט איינע אויף דער אַנדערער און שטויסן זיך צונויף און ברעקלען זיך אין בלינדן צוזאַמענשטויס.

אין קאַזאַרמע איז איצט טומלדיק. העל לייכטן די הענגענדע בליץ־לאָמפּן. פון וועטשערע, פון דער אַרבעט קומען צוריק אַלץ מער סאָלדאַטן. ס׳איז די פרײַסטע צייט פון מעת־לעת. טוט יעדערער וואָס ער וויל — הודזשעט די קאַזאַרמע ווי אַרומגעכאַפּט פון אַ שטורמישער פרייד. מען פליט אַרום ווי באַפרײַטע חדר־אינגלאַך, מען ווייזט קונצן, מען שטופּט און מען ראַנגלט זיך.

ס׳קלייבן זיך צוזאַמען רעדלאַך: פון לאַנדסלײַט, — פון קליינרוסן, פּאָליאַקן, אידן. שפּאַסט מען, גוטמוטיק, איבער יע־דערנס אַקצענט און מנהגים — איין גובערניע פון דער צווייי־טער, איין אומה פון דער אַנדערער.

אַנדערע זעצן זיך ווידער בהרחבה, שוין צום דריטן מאָל אין טאָג, טרינקען טיי.

נאָר אין די טונקלסטע ווינקעלאַך זיצן שטום די פאַרנומענע און פאַריאָגטע „יונגע“. זיי פּוצן שוין די שווערדן, די רימענס, די קנעפּלאַך צום פאַרטאָגיקן סמאָטר.

עפּעס נאָך פאַר אַ בייטאָגיקן פאַלשן טראָט, פּייניקט אַ דיאַדקע אייגעם פון די יונגע און צווינגט אים שפּרינגען זיצנ־דיקערהייט, איבערן קאַזאַרמע, פון איין וואַנט צום דער אַנ־דערער:

— שפּרינג, שפּרינג... האָסטיקער, שנעלער, ווי אַ הינטל! אויף די הינטערשטע, אויף די הינטערשטע! — יאָגט אונטער דער דיאַדקע.

---

אַ פאַררוויטיגטער סאָלדאַט, מיטן היטל אונטערן אָרעם, קומט אַרויס פון קאַנצעלאַריע. פאַר זיך טראָגט ער זאָרגפול מיט צוויי פינגער אַ ריינעם בייגעלע פּאַפּיר און אַ פעדער, מיט דער פריי־ער האַנט צושטופּט ער דעם עולם:

— לאָז דורך!

— וואָס, קרושעווין, אַ בריוו שרייבן? — פרעגט אַ לאַנדס־מאַן.

— ניט שוין זשע...

— מיינסט צו באַקומען קלינגענדיקע פון דיינע אַלטע?

— כ'ווייס ניט, אפשר יע, און אפשר ניט...

— אומזיסט מאַכסטו פּאַפּיר קאַליע; פון דיינע אַלטע קענסטו פּונקט אַזוי פיל אַרויסבאַקומען, ווי פון אַ באָק מילך... פגר'ן דאַרף אַליין פון הונגער.

— וואָס מליצ'סטו? — פאַרדריסט דאָס קרושעווינען, — די פּאַפּיר, איז מיר אַזוי אויך ניט גרינג אָנגעקומען צו קריגן אין קאַנצעלאַריע, בעסער ביים זיך אָפּ דעם צונג.

— וואָס פאַרדריסט דיר, כ'טאָר דיר דעם אמת ניט זאָגן? כ'קען דאָך דיינע אַלטע... נאָר גיי צום געוועזענעם קאַנצעליאַרסקן שרייבער, אַז ער לייגט אַוועק אַ בריוו — העלפט...

— צום זשיד?
— יע.
— כ'גיי טאַקי צו אים.

---

— אַראָן יאַקאָוולעוויטש, — קומט צו חניפה'דיק קרושעווין, — האָט איר שוין וועטשערע געגעסן?

— יע, וואָס איז? — מאַכט זיך תמ'עוואַטע אַראָן.

— אפשר וואָלטן מיר אין בופעט א כוסה געמאַכט, א פּאָר ביר געטרונקען, אַ?...

— כ'דאַנק דיר, ווייסט דאָך, כ'טרינק נים.

— אָ! — גיט זיך א כאַפּ קרושעווין און א כיטרער, איראָני־שער פייערל שימערט אין די וואַסערדיקע אויגן, — ס'איז אונז גאָר פון זינען אַרויס, אַז אייערע זיינען ניכטערע, ווי נאָט לעבט, ס'איז גוט, מען שפּאָרט געלט....

— א בריוו דיר אָנשרייבן? — שלאָגט איבער דער אידי־שער סאָלדאַט.

קרושעווין פּלאָנטערט זיך פון דער פּלוצלונגער פראַגע:

— מיר'ן אייך זייער דאַנקבאַר זיין... עטלאַכע ווערטערלאַך צו אונזערע אַלטיטשקע... וועגן דאָס...

— זייץ און גיב דאָס פּאַפּיר!

קרושעווין פּאָלגט; פּאַרזיכטיק דערלאַנגט ער די פּעדער מיטן פּאַפּיר. אָן געוויש זעצט ער זיך אַוועק אַנטקעגן אויפן ברעג קויקע, לייגט אַרויף ביידע עלנבויגנס אויפן טישל און מיט קנאה קוקט ער נאָך, ווי דער איד האָט זיך צעפּאָרן איבערן פּאַ־פּיר, ווי שנעל ס'קומען אַרויס ווערטער און שורות...

אַראָן סקריפּעט מיטן פּעדער און פרעגט אים פון צייט צו צייט, ווי מען רופט זיינע הויזיגע. קרושעווין ענטפערט מיט גרויס דרך־ארץ און שמייכלט נאַרישעוואַטע.

אראָן לייגט אוועק די פּעדער און לייענט אים איבער דעם גרעסטן טייל פון בריוו:

„צו אונזערע ליבע און טייערע עלטערן, איוואַן וואַסיליטש קרושעווין און נאַסטאַסיאַ יעמיכאָוונאַ קרושעווינאַ, זאָל זיי ייסוס כריסטאָס און גאָט דער אויבערשטער אַרונטערשיקן געזונט און לאַנגע יאָר און אַ ברכה אין אַלע זייערע מעשים, אמן! אַ בריוו פון זייער געהאָרכזאַמען זון, פון דעם סאָלדאַט־קאַנאָניר פון דער דריטער באַטאַרייע, פּיאָטר איוואַניטש קרושעווין.

— אויפמערקזאַם, ס'הויבט זיך אָן... — וואַרפט אים צו אַ בליק אראָן.

„און מיר בוקן זיך נידעריק צו אונזער טייערן געליבטן פאָטער, איוואַן וואַסיליטש קרושעווין, זאָל ער לאַנג לעבן. און מיר בוקן זיך נידעריק צו אונזער ליבע און טייערע מוטער, נאַסטאַסיאַ יעמיכאָוונאַ, זאָל זי לאַנג לעבן, און מיר בוקן זיך נידעריק צו אונזער ליבן ברודער דעם עלטסטן, גריגאָרי איוואַניטש קרושעווין, זאָל ער לאַנג לעבן. און מיר בוקן זיך נידעריק צו אונזער ברודער פאַר דעם מיטלסטן, סטעפּאַן איוואַניטש קרושע־ווין, זאָל ער לאַנג לעבן. און מיר בוקען זיך נידעריק צו אונזער ליבען ברודער, דעם מיטעלסטען, סערגעי איוואַניטש קרושעווין, זאָל ער לאַנג לעבן. און מיר בוקן זיך נידעריק צו אונזער ברו־דער דעם אינגסטען, איוואַן איוואַניטש קרושעווין, זאָל ער לאַנג לעבן, און מיר דאַנקען אים פאַר זיין געלערנטן בריוו.

„און מיר בוקען זיך נידעריק צו אונזער עלטסטן זון, טיכאָן פּיעטראָוויטש קרושעווין, זאָל ער לאַנג לעבן. און מיר בוקען זיך נידעריק צו אונזער צוויי־יאָריגן זון, יעגאָר פּיעטראָוויטש קרושע־ווין, זאָל ער לאַנג לעבן.

„און מיר בוקען זיך נידעריק צו אונזער געטרייער געמאַלין, וואַסיליסאַ פּיעטראָוונאַ קרושעווינאַ, זאָל זי לאַנג לעבן".

קרושעווין קוועלט אַן פון לייענען, ביי יעדן נאָמען און ביי יעדן „און מיר בוקן זיך“ שיינען אויף ביי אים די אויגן און ער שלינגט די שפּייעכץ פון הנאה:

— אָ, ווי קונציק, — גיט ער אַ קנאַק מיט די פינגער, — דאָס איז געזונט!... איצט ווענן געלט. — זאָגט ער באַגייסטערט.

— גלייך, — נעמט זיך אַראָן ווידער צום פעדער.

— ניין, ברודערל, וואַרט, — דערשרעקט זיך קרושעווין, — כ׳וויל דיר עפּעס זאָגן...

אַראָן לייגט אַוועק די פעדער און קוקט פאַרדעכטיקט אויף קרושעווינען.

— שרייב, ליבינקער, גיב זיי אַ סטראַשע... אַז כ׳קען פאַר־פוילט ווערן אין טורמע, אַז כ׳האָב דעם שווערד פאַרלאָרן. פאַרשטאַנען?...

— פאַרשטאַנען האָב איך שוין פריער, נאָר שרייבן וועל איך ניט, דאָס קען איך ניט...

קרושעווין ווערט רויט. אַ פאַר׳חידוש׳טער צעפּירט ער די הענט:

— און איך בין געווען זיכער, אַז דו וועסט שרייבן.

— אומזיסט. אזוי בעטן אַז דו דאַרפסט האָבן — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, אָבער פאַלשעוועון וויל איך ניט...

ביי קרושעווינען ווערן די אויגן פול רציחה:

— דו מוזט! — משעפּעט ער זיך צו.

— קיין מוז איז נישטאָ, — פאַרלירט אַראָן אויך דעם גע־דולד. — כ׳וויל ניט באַשטראָפט ווערן צוליב דיר, ס׳לוינט מיר טאַקי...

— כ׳וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען, דו פאַסקודנער זשיד...

— ווייזט ער אַ פויסט.

— ווייסט דאָך, „אַז גאָט וועט ניט דערלאָזן, וועט דער חזיר ניט אויפפרעסן“, — ווערטלט זיך ביטער אַראָן.

— כ׳וועל דיר די ציינער אויסהאַקן...

— דאָס וועלן מיר זען, אַז דו וועסט נאָך אַ סך ריידן, דערציילן איך דעם קאָמאַנדיר...

— זשיד, יודאַ פאַררעטער... — קריצט ער מיט די ציין.

— מיין דאגה, ביל וויפיל דו ווילסט... — לאָזט אים אַראָן איבער אין דעם ברען און גייט זיך בלומרשט געלאַסן אַוועק.

# טענץ

אין א רעדל שרייט איינער:

— איצט, קינדערלאך, ביז פּאָווערקע, זיינען מיר פריי, לאָמיר א הוליע טאָן...

— מיט די האַרמאָניקעס אהערצו! — רופט מען.

דער רעדל ווערט גרעסער; די האַרמאָניקעס הויבן אָן.

— נו, איר פּסקאָווער, הויבט אָן א טאַנץ!

— זאָלן פריער סמאָלענסקער, וועלן מיר זען ווער קען בעסער.

— וואָס שפּאַרט איר זיך? איך וועל טאַנצן, — רייסט זיך אַרויס איינער אויפן מיטן קאראַד, און שפּרייזט זיך דורך מיט העוויות, ווי ער וואָלט בלומר'שט געטאַנצט מיט א מיידל. מען לאַכט. פאַר א האַנט שלעפּט מען אים אַרויס: — שטער ניט, וואו קריכסטו?...

די האַרמאָניקעס הויבן פּלוצלונג אָן א ראַשיקן טאַנץ.

— עך, די קאַמאַרינסקע! — גיט זיך א פּסקאָווער א צאַפּל אין דער זעלבער רגע גיט ער א פּליעסק מיט די הענט, א צוק מיט די אַקסלען, א דריי מיט די פּיס און מיט א קוויטש: „אוך, אוך!" לאָזט ער זיך אַוועק אין קאראַד — אין קאראַד, זיצנדי־קערהייט.

— אוך, אוך... — האַלטן אונטער די האַרמאָניקעס.

ביי אַלעמען בלישטשען די אויגן, מען טופּעט צו מיט די שטיוול, מען קנאַקט צו מיט די פינגער:

— אוך, אוף!...

אַ סמאַלענסקער שטייט איינגעגעסן מיט די אויגן אין טענ־צער, איינגאַנצן אַנגעצויגן ווי אויף אַ שפּרונג צו טאָן.

— סמאַליענסקער, סמאַליענסקער, וואַרט ניט, טרעט אַרויס!

— אוף!... — מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט, מיט אַ זייט

— מיט אַ זייט, גיט ער זיך אַ לאָז אַנטקעגן דעם פּסקאָווער. אויף די שפּיצן פון די שטיוול, טאַנצט ער אויס קונציקע דריידלאַך.

די קאַזאַרמע ווערט ווילד פון באַגייסטערונג:

— אוך, אוך... האַסטיקער, גיכער!

אַ הויכער, אַ צופרישטשעטער סאָלדאַט, מיט אַ פאַנאַנדער־געשפּיליעטן מונדיר, טענצלט אויף אַן אָרט; מאַכט מיט די הענט צו די האַרמאָניקעס, גיט פון צייט צו צייט אַ טופּ מיטן פּאַדקאָווע: האַסטיקער! און אויף אַ געמאַכטן מיידלשן קול קוויטשעט ער באַגייסטערט־אומזיניק:

„טאָפּאָר, רוקאַוויצי,

רוקאַוויצי אי טאָפּאָר!...“

---

אָן אַ היטל, מיטן פעדער אונטערן אויער, קומט אַריין דער שרייבער פון קאַנצעלאַריע. אַ רגע בלייבט ער שטיין אויפן שוועל. אַ קליינינקער, הויבט ער זיך אונטער אויף די שפּיץ פינגער און באַטראַכט די קאַזאַרמע מיט אַן ערנסטער מינע, ווי אַ נאַטשאַלניק.

זעענדיק אַז מען טאַנצט, צעגיסט זיך אַ שמייכל אויפן אויס־געפּאַשעטן, פאַרשלאָפענעם פּנים. אַ קיילעכדיקער, אַ פעטינקער, מיט שופן אויפן קאָלנער פונם שוואַרצן מונדיר, שאַרט ער זיך מיט דראַבנינקע טריטעלאַך צום רעדל, קוקט זיך צו אַ ווײַלע:

— אַך, גוט!

— אַ, קושקין יעפימיטש, — רינגלען אים אַרום סאָלדאַטן.

— וואָס עפּעס נייעס? אפשר גיט מען שוין אָטפּוסק?!

— נאָך ניט... — מאַכט ער אַ שטרענגן, געהיימניספולן פּנים און קוקט ווייטער אויף די טענץ.

— צוליב וואָס איז דאָס? נאָך אַלץ עסקים מיט טשוכנעס, אָדער נאַטשאַלסטוואָ רעכנט גאָר מלחמה האַלטן?

— טשעפּעט זיך אָפּ, — ווערט ער נאָך שטרענגער, — איר זייט מענטשן פּראָסטע, אָן אַ ברעקל פאַרשטאַנד...

— קושקין יעפימיטש, — כאַפּט אים איינער אָן היציק פאַרן האַנט, — ווי גאָט לעבט, אויב דו סטאַרעסט זיך אויס פאַר מיר אָטפּוסק, גיי איך מיט דיר באַלד אַ טענצל, פאַר די גאַנצע געלט מיינע וואָלט איך אַ הוליע טאָן... ווייסט דאָך, מיר פעלט ניט, אויף אַ גאַנצע נאַכט... און פון דערהיים וואָלט איך אויך אַ מתנה'לע געבראַכט, וואָלסט הנאה געהאַט! די ווייבל מיינע וואָלט זיך שוין אַ סטאַרע געטאָן פאַר דיר. עך, ברודערקע, אָטפּוסק... כ'וואָלט אַלץ אַוועקגעגעבן, ווי גאָט לעבט!

דער שרייבער מאַכט אַ מינע ווי אַלץ וואָלט זיך געווענדט אָן אים:

— שטיי ניט צו, מירן זען...

— וואָס פאַר אַ נאַר דו ביזט, — ריידן שוין צום סאָלדאַט אַנדערע, — זעסט דאָך: ביי טראָפימאָוון איז די מאַמע קראַנק, פון דערהיים האָט מען געבעטן, און מען לאָזט אים ניט אָפּ.

— וואו איז טראָפימאָוו? — מישט זיך אריין דער שרייבער.

— איך דאַרף אים טאַקי נויטיק האָבן.

— וואָס, אָטפּוסק פאַר אים? — גיבן זיך אַ סך אַ כאַפּ.

— אפשר אָטפּוסק, — בורטשעט דער שרייבער, — וואָס איז אייער דאגה?

— טראַפּימאָוו! טראַפּימאָוו! — הויבט זיך אויף אַ גע־שריי איבערן קאַזאַרמע.

— ער איז נאָך אין בופעט, ער איז נאָך פון וועטשערע ניט געקומען; ער שכורט דאָרטן מיט גרישקינען, — קומט איינער צו.

— כאַפּט אים דער טייוול, — וויל אוועקגייז דער שרייבער.

— וואַרט, קושקין יעפּימיטש, — איילן זיך די סאָלדאַטן.

— מירן שיקן נאָך אים דעם דניעוואַלנעם.

דערווייל טענהט מען אַלץ מיטן שרייבער:

— וואָס, צייטן געוואָרן, מען לאָזט גאָרניט אין אָטפּוסק... וועט הייגט זיין אַ פּרִיקאַז? — פאָרשט מען ביי אים.

נאָך היגטערן טיר, דערהערט זיך אַ שכור'ער זינגען פון אַ רעקרוטן־לידל:

„פּאָסליעדני, ניניעשני דיעניאָטשעק
גוליאיו ס'וואַמי יאַ דרוזיאַ,
אַ זאַווטראַ ראַנאָ משוט סוויעטאָטשעק,
זאַפּלאַטשעט וסיאַ מאָיאַ סעמיאַ...“

אין טיר שפּאַרן זיך אַריין טראַפּימאָוו מיט גרִישקינען. פאַר־לייגט די הענט, מעשה־חבר, איינער ביים אַנדערן אויפן אַקסל, פאַלן זיי פון די פיס.

— סטיאָפּאַ, לאָמיר זיך צוקושן... — שרייט שכור'ערהייט גרישקין.

טראַפּימאָוו לייגט צו די האַנט צו דער איבערגעדרייטער היטל און פּלאַפּלט אונטערן נאָז:

— ווער דאַרף מיר?... כ'האָב די עהרע... אין קאַנצעלאַריע? זאָל זיין אין קאַנצעלאַריע... „פּאָד סוד“, זאָל זיין „פּאָד סוד“...

— ער שרייט זיך פלוצלונג פאַנאַנדער : — איך דאַרף ניט קיין אָטפּוסק, כ'וועל אַליין פאָרן... קום ברודערל... — וויל

ער אַרומנעמען דעם שרייבער, — כ'וועל ביר שטעלן, ווי גאָט לעבט, כ'וועל ביר שטעלן...

— לאָז, לאָמיר זיך צוקושן... — פּלאָנטערט זיך אַריין גרישקין, און שאָקלט זיך ווי אַ גרעזל פון ווינט.

— שווייג! — שרייט אויף אים טראָפימאָוו. — דו, ברודערל, בעסער רייד מיט מיר... — קריכט ער אין גאַנצן אַרויף אויפן שרייבער. — אָטפּוסק גיב מיר, כ'מוז! אויב ניט, וועל איך דיר דערשטיקן, כ'וועל דיר צעקוועטשן, „פּאָד סוד" — זאָל זיין „פּאָד סוד"... — מאַכט ער דערביי אַ פּאָר סטראַשנע אויגן.

דער שרייבער דרייט זיך פון אים אַרויס.

— האָסט שוין ניט צו וואָס צו פאָרן... — זאָגט ער גלייכגילטיק — דיין מאַמע איז שוין געשטאָרבן...

טראָפימאָוו גיט זיך אַ שאָקל און צעשמייכלט זיך אונגלויביק נאַריש:

— צי אין דער אמת'ן?

— אין קאַנצעלאַריע ליגט דער בריוו, קענסט אים קריגן.

פול מיט גרויל, רייסן זיך ברייט פאַנאַנדער די פאַר'שכור'טע אויגן ביים סאָלדאַט און ווערן ווי אויסגעניכטערט; ווי אַן אונטערגעשאָסענער פאַלט ער אויף אַ קויקע און הויבט זיך אַן שטיקן מיט געוויין:

— מאַמע, מאַמע מיינע...

גרישקין קריכט צו אים צו און פּלאָנטערט מיטן צונג:

— סטיאָפּאַ, הא סטעפּאַן, נאָך ביר געבליבן... שטיי אויף... לאָמיר טרינקען פאַרן געזונט פון מיין מאַמען, פון דיין מאַמען... לאָמיר זיך צוקושן...

— גיי בעסער, שלאָף זיך אויס, — מישן זיך אַריין אַנדערע.

— אים לאָז צורו.

— אַוועק! כ"וועל ניט גיין... — ווערט ער זיך — סטיאָפּאַ,

דו ביזט מיר א חבר... דו לאָזט דאָס... זעסט, זיי שלעפּן מיר...
ביזט מיר קיין חבר ניט... כ'וועל אַלעמען צוברעכן..

מיט גוואַלד שלעפּט מען אים אַוועק. אין אַ מינוט אַרום
הערט זיך ווייטער די טאַפּטשערײַ און דער באַגײַסטערטער :

„טאַפּאַר, רוקאַוויצי“...

טראָפימאָוו ליגט און כליפּעט אַלץ:

— מאַמע, מאַמע מײַנע...

# פאַווערקע

„טרו־טו־טו, טרו־טו־טו“...

צעצווינגענע, קלאַנגנדיקע סיגנאַלן צעטראָגן זיך אין דער נאַכט.

אין קאַזאַרמע ווערט אַ געשריי, אַ געפּילדער: — אויף פאַ־ווערקע, אויף פאַווערקע!

די סאָלדאַטן רייסן אַלץ איבער, טוען זיך אָן אין די שי־נעלן און גייען זיך אוועקשטעלן אין צוויי רייען.

— יעדער אויף זיין אָרט... זיך אויסגלייכן... איינער דעם אַנדערן קוק אין קאַרק אַריין! — קאָמאַנדעווען די וווואָרנע.

אַ סאָלדאַט, אַ ראַזוויעדטשיק, פון דער הינטערשטער רייע ווענדט זיך צום פאַדערשטן:

— פון דיין קאַרק קען איך שוין אַראָפּנעמען אויף אויסנווייניק אַ טאָפּאָגראַפישע צייכענונג...

— רואיק! — שרייען די וווואָרנע.

דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק קומט אָן. וואַזשנע האַלט ער אַ צע־נויפנעראָלטן פּריקאַז. געלאַסן צעעפנט ער דעם רעיעסטער פון די סאָלדאַטן און רופט אויס יעדערן ביים נאָמען:

— גראָמאָוו...

— איך! — שרייט אויס איינער פון רעכטן פלאַנג שוין מיט אַ צו שטאַרקער באַסאָווער שטימע.

— פעטוכאָוו...

— איך! — קוויטשעט איינער פון מיטן.

דער פּאַדפּראָפּאָרשטשיק רייסט זיך אָפּ פון פּאַפּיר און קוקט ווי אַ גזלן אויף די סאָלדאַטן...

— ניקיטין...

— איך! — רופט זיך דער אָפּ מיט אַ ניגון.

— גריבקאָוו!

—איך! — ענטפערט יענער שטיל, ווי אַ סוד.

דעם פּאָדפּראַפּאָרשטשיק קאָכט. אַז מ׳ענטפערט נאַטירלאַך, קומט אויך אויס ווי אויף חוזק... צעבייזערט ער זיך: — „נאַ־ריאַדן" וועל איך אייך געבן, ניט אין סדר, ס׳איז אייך אַ געלעכטערל...

אָפּגע׳פּטר׳ט מיטן אויסרופן, וויקלט ער פאַנאַנדער מיט נאָך אַ וואַזשנערע מינע דעם פּריקאַז און לייענט אים מאַנאַטאָן, האַלב־גראַמאַטנע פון ערשטן אות ביזן לעצטן. ער הויבט אָן:

„פאָרמע 203. פּריקאַז נומער 2043.

„אויפן גרונט פון פּריקאַז איבער דער בריגאַדע, באַפעל איך, אַז שטענדיק זאָל, נאָכן סדר נאָך, אַ האַלבע באַטאַריע שלאָפן אין אַמוניציע מיט די שווערדן און געלאַדענע רעוואָלווערן ביז אַ וויטערדיקע פאַראָרדענונג. פון אינאַראַרצעם און בייזוויליקע שטייט פאַר אַ געפאַר. סאָלדאַטן, זייט אויף דער וואַך! היט די ערע פון אייערע מונדירן! הערט זיך ניט איין צו די רייד פון „ניעבלאַגאַנאַדיאָזשנע" און אַגיטאַטאָרס. האַלט זיך טריי ביי אייער שבועה צו אונזער פאַרגעטערטן מאַנאַרך!...

דער קאָמאַנדיר..." א. ז. וו.

אָפּגעלייענט, ווענדט זיך דער פּאָדפּראַפּאָרשטשיק צו די סאָלדאַטן מיט אַ פאַרטייטשונג:

— ס׳קען זיין אימיצער האָט ניט פאַרשטאַנען, וועל איך אייך איבער׳חזר׳ן וואָס אין פּריקאַז שטייט — און קלאַפּט זיך דאָס אריין אין מוח! ס׳איז ניט קיין געלעכטערל.. — גייט ער

אריבער צו זיין נוסח — מען דאַרף זיך איינשטעלן פאַר נאַ־טשאַלסטוואָ ביז אַהער... — ווייזט ער אַן מיטן פינגער זיך אויפן גאַרגל; — ס'איז פאַרזאָגט געוואָרן שלאָפן אין די זאַכן. נאַטשאַלסטוואָ וויים... — דאָ שטעלט ער זיך אָפּ, טראַכט אַ ווײַלע און זעצט פאַר: — נאַטשאַלסטוואָ וויים, ס'איז וויכטיק! נאָר זעט ניט צוקנייטשן די מונדירן! ווי איר לייגט זיך אויף אַ זייט, אַזוי שלאָפט אָפּ... — גיט ער אַן עצה, — אויב ניט, וועט איר ביי מיר אויסגעפליקט ווערן... ס'איז צווייטער „סראַק". קיין אַנדערע וועל איך ניט געבן איר זאָלט אפילו אַרויסשטעקן די צינגער... איבערגעפירט אַ מונדיר — טאָ גיב אָפּ דין וחשבון. און די קנעפּלאַך זאָלן זיין געפּוצט, אַז דער קאָמאַנדיר וועט קומען זאָל אים די אויגן פאַרבלאַסקען...

— אַנגעדרייט די קאַטערינקע, ער וועט זיך שוין איצט ניט אָפּשטעלן... — לאַכן אין דער שטיל די סאָלדאַטן.

דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק דערפילט, אַז די סאָלדאַטן שטייען עפּעס ניט ווי ס'דאַרף צו זיין — שרייט ער העכער: — און דיסציפּלין דאַרף מען האַלטן — ס'איז ניט קיין געלעכטערל. אָט וואָס דער פּריקאַז זאָגט...

— ריכטיק אַזוי, הערר פּאָדפּראָפּאָרשטשיק! — הילכט אָפּ ווי אויף חוזק די קאַזאַרמע.

נאָך דער פּאָווערקע בלייבן נאָך שטיין רעדלאַך און מען שמועסט זיך דורך אין דער שטיל:

— וואָס זאָגט איר צום פּריקאַז? זאָל זיין אמת, דאָס וואָס דער שרייבער פון שטאַב האָט איבערגעגעבן, אַז די טשוכנעס ווילן ווארפן באָמבעס אין אונזערע קאַזאַרמעס?...

— לאַך זיך אויס, כאַפּט זיך שפּאַרן אַ צווייטער, — דאָס איז נאָר אַזוי זיך, די סאָלדאַטן מער אויסצומאַטערן.

דאַנה'ט אַן „אַלטער" מיט אַ פאַרזאָרגט פּנים:

— אין אָפּגעלאָזט, לאָזט מען ניט. כ'האָב מורא מען וועט נאָכ'ן לאַגער אין דער היים אויך ניט אָפּלאָזן...

— ביי דיר וועט שטענדיק בלײַבן דער נאָז... — לאַכן פון אים אַנדערע „סטאַריקעס". — וואָס הייסט פאַרהאַלטן... אַהיים פאָרן מיר!... — שרייען אויס אַלע ווי אויף צו להכעיס.

— שטיל זאָל זיין, ס'איז נאָך פאַרווערקע! — שרייען די דניעוואַלנעס. — לייגט זיך שלאָפן, מיר לעשן אויס די לאָמפּן.

# פאַר'ן שלאָף

פינצטער אין קאַזאַרמע. נאָר אַ פּאָר קאַפּטילניקעס רויכערן ביים אריינגאַנג און מאַכן דעם חושך נאָך שוואַרצער.

דער עולם איז שוין אויף די קויקעס. וואו ניט וואו זיצט נאָך אַ צונויפגעבויגענער סילועט און צלם'ט זיך פאַר'ן שלאָף.

די בעטלאַך שטייען געדיכט. די נאַכט מאַכט נאָענט. ריידן נאָך די שכנים שטילערהייט צווישן זיך פון דאָס אינטימ־סטע. אַ מאַהילעווער שנץ גיסט אויס די האַרץ פאַר זיין שכן דעם אידן, אויך אַ מאַהילעוון.

קלינגען שפּאָרן דורכן קאַזאַרמע, הערט ער אויף, דערנאָך דערציילט ער ווייטער:

— הער זיך איין, בערעק — דערציילט דער מאַהילעווער, — כ'האָב אין מיין לעבן קיין פרייד ניט געהאַט. אונזער דאָרף אַן אָרימער און מיר די אָרימסטע — ניט געוועזן פון וואַנען צו לעבן. כ'בין געוואָרן אַ לאַטוטניק, פלעג איך ווינטער־צייט אַרומקריכן איבער די דערפער אין טיפן שניי, אין זאַווערוכעס. אַ דערפראָ־רענער פלעג איך קלאַפּן אין די שייבלאַך:

— „קראַווצי טרעבאַ" 1)

— וואו ניט, פלעג איך קריגן וואָס אויסצולאַטען, דער גרעס־טער טייל פלעגט ניט ענטפערן, און אַנדערע פלעגן נאָך אָפּלאַכן:

---

1) דאַרפט איר אַ שניידער?

— „קריאכצי ניע טרעבא" (2 כ'בין געווען ווי א פארשאל־טענער, אפילו אין דארף האט מען זיך געשעמט מיט מיר, — פאר א מיידל אויסריידן מיט מיר א ווארט איז געווען א חרפה, און איך אליין בין אויך געווען ווי א וואלף.

„כ'האב זיך איינמאל אנגעדונגען אויף א שטיקל צייט צו ארבעטן אויפן פעלד פאר א שכן; די ארבעט איז געווען שווער און פון פריען באגינען אן, די היץ גוואלטיק; כ'האב זיך צוגע־שפארט מיטאג־צייט אין אן אפגעזונדערט ערטל, און ווייסט דאך: א מידער — איינגעדרעמלט. פלוצלונג כ'פיל, א פליג קריכט מיר אויפן האלז. כ'טרייב אוועק און ס'קומט ווידער, כ'טרייב אוועק — און ס'קריכט מיר אלץ איבערן פנים, אין אויער, אין נאז... כ'עפן די אויגן, ערשט כ'זע — דעם שכנ'ס מיידל, טאקי, האט זיך צוגע'גנב'עט מיט א שטרייעלע און פירט אים ארום איבער מיין פנים...

א צעריצטער האב איך זיך אויף איר א ווארף געטאן. זי האט זיך געוואלט ארויסדרייען, פאר'ן צאפ האב איך זי א פאק געטאן און טאקי דערלאנגט...

זי האט זיך ניט געווערט, ניט געשריען, גאר ווען די ערשטע היציגע רגע איז אריבער, און כ'האב איר א קוק געטאן אין פנים, האב איך זיך פארשעמט, די הארץ האט מיר א ציטער געטאן... זי האט געקוקט אויף מיר מיט צעשראקענע אויגן, און טרערן האבן געקאפעט.

„בערעק, וואס זאל איך דיר זאגן, כ'האב איר ליב געקראגן ביז צום טויט, נאר כ'האב מורא געהאט פאר איר, כ'האב נאכדעם מיט איר קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט. כ'פלעג איר ווייכן און זי פלעגט דוקא מיר אנקומען אנטקעגן און עפעס שמייכלען

---

(2 קיין קרעכצער דארפן מיר ניט)

צו מיר אזוי צעשראָקן ווי ס'וואָלט גאָר ניט געווען... כ'האָב געפילט, אַז זי איז צו מיר צוגעבונדן, נאָר מיר האָט זיך עפּעס ניט געגלויבט. אזוי האָב איך זיך גענוג אָפּגעמוטשעט...

„דער יעשען איז אָנגעקומען. ס'איז געווען מיין פּריזיוו, מען האָט מיך אָפּגעגעבן. כ'בין געווען צופרידן. די צייט אוועק־צופאָרן איז שוין געווען נאָענט. זי פלעגט אַלץ אָפטער זיך ארומדרייען אַרום אונזער הייזל.

„אַ טאָג פאַרן אוועקפאָרן, האָבן מיר זיך אַלע רעקרוטן פון דאָרף אָנגעשכור'ט און ארומגעבראָדיעט מיט קולות און לידער. כ'האָב באַדאַרפט זיין צופרידן, ווייל איצט בין איך געווען גלייך מיט אַלעמען, אַלע נאָוואָבראַנצעס און אַלע האָבן טאַקי אויף מיר געקוקט ווי אויף זייער גלייכן; נאָר ס'איז מיר געווען אַזוי אומעטיק, אַז אפילו די שכרות האָט מיר ניט צענומען. די לעצטע נאַכט האָב איך ניט געקענט שלאָפן און בין אַרויס פון שטיבל. אַ פינצטערע נאַכט געווען, נאָר כ'זע עמיצער דרייט זיך עפּעס פאַר די פענצטערלאַך. אין האַרצן האָט מיר אַ צאַפּל געטאָן, כ'האָב זי אין דער פינצטער דערקענט.

כ'האָב אַ הוסט געטאָן, זי זאָל מיר באַמערקן.

— זאַכאַר? — פרעגט זי שטיל.

— איך...

זי גייט צו מיר צו און נעמט מיר אַן פאַרן אָרבל:

— פאָרסט אוועק?

— יע...

— פאָר ניט, — גיט זי מיר אַ צופּ פאַר'ן אָרבל.

— פאַרשטייסט, בערעק, אַ נאַרישער קאָפּ — „פאָר ניט"!.

ווי אזוי קען מען ניט פאָרן? אָבער אין האַרצן האָט מיר אויך אַ צופּ געטאָן... כ'האָב אויך אַ קלער געטאָן, אפשר... כ'בין געווען גרייט אין דער מינוט אויף אַלץ... עך, בערעק, די סלוזשבע

האט קאליע געמאכט מיין לעבן... בערעק, דו שלאפסט?

— ניין. נאר דאגה ניט. וועסט קומען אהיים, וועסטו מיט איר חתונה האבן. — טרייסט אים דער איד.

— ניין, ברודערל, שוין פארפאלן! כ'האב זיך דערוואוסט: זיי זיינען אוועק אין פאסעליענצעס ערגעץ אין סיביר. איר האט מען שוין חתונה געמאכט, זי האט דאך ניט געקענט בלייבן זיצן אויפן טאטנס קארק ווי א איבעריקע מויל.... שלאפסט?

— ניין, נאר ס'איז שוין באלד צייט, מארגן, ברודערל, דארף איך זיין פרי אויף, באלד באגינען...

די קאזארמע שלאפט איין. אין דער שטילקייט הערט זיך דייטלאך הינטער די פענצטער דער גערויש פון די כוואליעס. וועלכע שווינקען אונטן דעם גראניט, און ס'דוכט זיך, אז זיי פארקייקלען זיך צו די סאמע פענצטער צוזאמען מיט דער נאכט.

# אין אַקאַלאַדאַס
# פּסח און פּאַסכע
# אויפֿן קאַניושניע

# אין אַקאַלאַדאַק

— ווער עס דאַרף אין אַקאַלאַדאַק צום דעזשורנעם זיך פאַר־שרייבן! — שרייען איבערן קאַזאַרמע די דניעוואַלנעס.

ביי א סך טישלאַך ווערט א באַוועגונג.

דערזען דאָס, צעשמייכלט זיך סאַרקאַסטיש דער אויסגע־צויגענער צופרישטשעטער פּנים ביים דעזשורנעם, ער פאַכעט מיטן פאַרשרייב־בוך איבערן קאָפּ און ער רופט אויפן קול:

— אַלע לאָמע און קרומע אהערצו צו מיר! אַלע לאָמע און קרומע און געזונטיטשקע אהער, ווי גאָט לעבט, דער פאַד־פּראַפּאַרשטשיק וועט היינט ניט נאָכקוקן!...

— הערסט, דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק וועט איצט ניט זיין.

— וואַרפט מען זיך דורך ביי די טישלאַך מיט ווערטער, — אפשר א גיי טאָן אין אַקאַלאַדאַק, פּרובירן כאַפּן א טאָג פריי?...

— גלויב אים ניט, דאָס זאָגט ער נאַר אַזוי...

— דער הויכער וואַסילי, איז א טייערער פויגל, ווען ער איז דעזשורנער...

— אַלע, אַלע אהער, שעמט זיך ניט, — רופט אַלץ דער דעזשורנער, — דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק וועט ניט זיין. ווער עס וויל זיך אַרויסדרייען פון אַרבעט און קריגן „פריי" פון „דאָכטאַר", זייט מוחל צו מיר!...

— וועט טאַקע דער פּאָדפּראַפּאַרשטשיק ניט אריינקומען?

— פרעגט גוט־ברודעריש דעם דעזשורנעם דער דיקער יעפימאַוו מיט די רויטע באַקן און ביטרע ברוינע אויגעלאַך.

— יעפימאָוו! — שרייט אויס אויפן קול דער דעזשורנער און מיט אַ שמייכעלע פאַרשרייבט ער אים גלייך אין בוך... — איינער איז שוין דאָ!...

— וואָרט, ווער האָט דיר געבעטן?... — צאַפּלט זיך אויף יעפימאָוו, — וואָס שרייבסטו! כ'האָב דיר נאָר געפרעגט...

— וואָס ווילסטו? כ'ווייס ניט... יע זיין, ניט זיין . . .

— האָסט דאָך געזאָגט...

— מיר זיינען ניט זיכער...

— איך בין דאָך, גאָט צו דאַנקען, ניט קיין „גרויער"... — באַליידיגט זיך דער דיקער יעפימאָוו.

— הא, הא, ציטערסט פאַר'ן פּאַדפּראַפּאָרשטשיק... — רייצט זיך מיט אים דער דעזשורנער.

— איך? ניין, ברודערל, פאַרשרייב...

— שוין פאַרשריבן... — כאַפּט אונטער דער דעזשורנער און די פינקעלאַך אין די גרינע אויגן קוועלן אַז: „אונטער־געשטעלט אַ פיסל"...

ביי די סאָלדאַטן גייט דערווייל אַן אַ שמועס און אַ ישוב'ן זיך: דער פּאַדפּראַפּאָרשטשיק וועט איצט ניט זיין... אויספּרואוון אַ געלעגנהייט?

— אַ ליגן, אין דער לעצטער מינוט וועט ער אריינ־קומען. אַן אָפּגערעדטע זאַך!

— זיי ווייסן, אַז נאָך נעכטיקע מאַניעוורעס און האַרעוואַ־ניע, דאַרף די גאַנצע באַטאַרייע גיין אין אַקאַלאַדאַק. האָט מען דאָס אונז אויסגעמאַטערט אביסל!

— מיר זיינען אויף אַן אמת צעבראָכן... — היצט מען זיך שוין. — מירן זיך פאַרשרייבן... — קענען אַ סך ניט ביישטיין דעם נסיון.

— אָבער דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק?

— מירן זען...

פון די קויקעס, פון טויי־טרינקען, הויבן זיך אויף סאָל־דאַטן און קומען צו צום דעזשורנעם.

— וואָס עפּעס אַזוי ווייניג? — פרעגט ער סאַרקאַסטיש די היבשע צאָל סאָלדאַטן אַרום אים, — דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק וועט דאָך ניט זיין!...

— האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די „גרויע באַראַנעס", ס'ווילט זיך זיי ניט דינען... — פאַלט אַריין אין די רייד דער דניעוואַל־נער — אַ שגץ מיט אַ פאַרביסענעם פּנים.

דער דעזשורנער פאַרשרייבט דערווייל און חזר'ט איבער יעדן נאָמען אויפן קול:

„באַרסוק, יאַנאָוו, מאַלינאָווסקי, איוואַנאָוו דער ערשטער. פּיעטראָוו דער דריטער..." — זעסט, וויפיל גרויע, — קען ער זיך ניט איינהאַלטן און רייסט איבער דעם פאַרשרייבן — אַט איצט נעמען און אַריינרופן דעם פּאָדפּראָפּאָרשטשיק, ער וואָלט אייך שוין אויסגעהיילט אַן אַ „דאָקטער" און אַן אַ „כוועלדשער" . . .

„עס וועט קומען דער פּאָדפּראָפּאַראָשטשיק", פאַלט אַיין דאָס האַרץ ביי די „יונגע".

„זאַרעמבאַ"... פאַרשרייבט ער ווייטער. — אַ פּאָליאַק? — פרעגט ער מיט פאַראַכטונג, ביי אַ הויכן, געזונטן שגץ ווי אַ דעמב, וואָס שטייט מיט אַרונטערגעלאָזטע ברעמען ווי אַ שע־מעוודיקע מיידל.

— טאַק טאָשנאָ!... — ענטפערט אויף זיין פּאַר פאַר־גרייזטן רוסיש־פּוילישן אַקצענט מיט הכנעה דער שגץ.

— אַ באַראַן?

— טאַק טאַשנאַ... — ענטפערט אַלץ מיטן זעלבן הכנעה'־

דיקן קול דער דעמבענער שגץ מיט די אַרונטערגעלאָזטע ברעמען.

— ער זאָגט: ס'איז אים שווער געוואָרן צו זען. — קומט צו זיין ווזוואָדנער, קלינגט מיט די שפּאָרן און ווינקט מיט די אויגן.

— דו, פּיעטראָוו, האָסט שוין געקראָגן פון אים אין לאַפּע... לאָזט אים זיך פאַרשרייבן... — ווינקט אָפּ דער דעזשורנער. — פּאַן, איר זעט ניט? אפשר אַ באַגלייטער אייך געבן?

— טאַק טאַשנאַ...

— נשקשה, אַ טשוכאָנעטשקע, אָדער שוועדישע „פליקאַרנע". אזוי זיך, אַ שיינס, וואָלסטו שוין דערזען...

דער ווזוואָדנער ווינקט מיט די אויגן: — „לאַדנאַ", לאַז...

— און סוד'עט אים אין אויער: — ער האָט צוגעזאָגט אַ כוסה...

„טראַפּימאָוו", — הויבט ווידער אָן פאַרשרייבן דער דעזשורנער, „בערעלעוו"... — זעסט אַ זשיד אויך און נאָך פון די „באַראַנעס", — רייסט ער ווידער איבער דעם פאַרשרייבן און עסט זיך איין מיטן קוק אין אויסגעקוואָרטן פּנים פון אידישן סאָלדאַט מיט די גרויסע אויגן און אָנגעשטעלטע אויערן.

— ביי אים איז אויף אָן אמת געשוואָלן אַ פוס — מישט זיך אריין אַ שכן אַ שגץ.

— דיר פרעגט מען ניט.

— געשוואָלן אַ פוס... — רעדט צעטומלט בערעלעוו.

— גוט, גוט, דערציילן, איר זייט אַלע מיידימס אויף ארויסצודרייען זיך.

— נאַט, זעט, העט דעזשורנער, — פאַרקאַשערט דעם הויז בערעלעוו אויף דער געשוואָלענער פוס.

— אין אַקאַלאָדאַק וועט מען שוין זען, — כאַפּט אַ קוק דער דעזשורנער אויף דער אָנגעדראָלענער פוס. — קוקט אויס

געשוואָלן, אָבער ווער ווייס אייך? אַלע איר קענט מאַכן קונצן...

דערווייל, אין מיטן טיי־טרינקען זאָגט אַ „יונגער" אידי־שער סאָלדאַט צו זיין לאַנדסמאַן אַז „אַלטן":

— איך וויל גיין אין אַקאַלאַדאַק.

— וואָסי?

שוין אַ פּאָר טאָג פּאַרקילט, זיך פּאַרשוויצט און גע־כאַפּט אַ צוק. כ'קען ניט שלינגען און ס'שטעכט.

— גיי ניט, — רעדט אָפּ דער צווייטער, דער פּאַדפּראַפּאָר־שטשיק קען נאָך אָנקומען און וועט זיך צעשרייען: „זשידעס, איר מאַכט זיך", וואָס דאַרפסטו עס... הערסט, — כאַפּט ער זיך, — בערעלעוו פּאַרשרייבט זיך אויך, צוויי אידן מיט אַמאָל, בעסער ניט.

— כ'האָב זיי אין דר'ערד, ווייסט דאָך, אַז איך מאַך זיך ניט, — ווערט פּאַר'עקשנ'ט דער פּנים ביים אידישן סאָל־דאַט.

— בעסער ניט, — האַלט זיך ביי זיינס דער „אַלטער" — מיינסט, אַז דו וועסט גיין, וועט דער דאָקטאָרל אונזערער. דער „הענדעלע" דיר צונעמען אין אַקאַלאַדאַק? ער איז אַ שונא ישראל, ער וועט זיך נאָר מאַכן לוסטיג איבער דיר און דער פּאַדפּראַפּאָרשטשיק וועט דיר דערנאָך דערגיין די יאָרן...

דער „יונגער" וויל עפּעס ענטפערן, זיין פּאַר'עקשנ'טער פּנים רעדט ווערטער, אָבער ער פּאַרגייט זיך אין אַ רייסיקן הוסט.

— ביזט דאָך קראַנק, — דערשרעקט זיך דער לאַנדסמאַן און טאַפּט אים דעם שטערן. — גיי, וואָרט, איך וועל מיט דיר צוגיין.

— וואַסילי וואַסיליטש, — זאָגט דער „אַלטער" הניימיש

צום דעזשורנעם, — פארשרייב גרינבערגן אין אקאלאדאק, ער האט פיבער.

— נאך א זשיד! — רופט אוים דער דעזשורנער.

— וואס האבן דיר די זשידעס געטאן? — רעדט האלב־שפאסיג, האלב־ערנסט דער „אלטער". — האבן דיין טאטע־מאמע אויפגעגעסן? וואס? אז „אלטער" זאגט דיר, ער איז קראנק, איז ער קראנק.

— כ'וויל ניט פארשרייבן, כ'וועל אים שיקן צום פאר־פראפארשטשיק.

— שיק צו וועמען דו ווילסט, גרינבערג איז אבער קראנק, און מען זאגט דיר פארשרייבן — פארשרייב! ניט דיין געשעפט...

— לאז זיין, — מישט זיך אריין דער „יונגער" גרינבערג.

— כ'וועל שוין ניט גיין אין אקאלאדאק...

— זעסט, ער באליידיגט זיך, — ווערט בייז דער דע־זשורנער, — כ'וועל דיר שוין איצט גראד פארשרייבן. כ'וויים. אז דו מאכסט זיך...

— אוי! די גאנצע באטארעע גייט אין אקאלאדאק... — קומט צו דער דרייעוודיקער, וויצלדיקער און לאבנדיקער גוסיעוו, — מאך א „פערעקליטשקע", ווער פעלט נאך פון די „באראנעס"?!

— אלע האבן זיי זיך פארשריבן די טייוואלים, זיי מיינען דער פאדפראפארשאטשיק וועט ניט זיין, — ענטפערט פאר־ביסן דער דעזשורנער, — אלע זיך פארשריבן און דערנאך לויף ארום, קליב צונויף א „נאריאד" אויף מארגן, זוך מענטשן...

— זיי רואיק, — צערעדט זיך גוסיעוו, — זיי זיינען נאך גרוי, זיי מיינען, מעןווארט אויף זיי דארטן אין אקאלאדאק מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס: מיר בעטן אייך זייער... איר זייט ביי אונז אנגעלעגטע געסט, אפשר ווילט איר „פריי זיין".

„סוואַבאָדאַטשקו“ אויף אַ פּאָר טעג, צו אויף אַ וואָך אַ גאַנצע... אין לאַזאַרעט אויף אַ פּאָר חדשים, אָדער גאָר אַ היים... איר קענט דאָס ביי אונז קריגן, וויפיל נאָר אייער האַרץ גלוסט...

— אונזער „הענדעלע“ וועט זיי אויסהיילן, — כאַפּן אונטער מיט אַ געלעכטער די אַרומיקע.

— אָ, וועט ער זיי אויסהיילן, — פּייערט דער באַרייַדעוודיקער גוסיעוו. — צו דען נאָר אונזער דאָקטאָרל — דער הענדעלע און וואו איז אונזער הערר פעלדשער טרעטיאַקאָוו מיט די וואָנצעס? ער דערשמעקט דאָך מיט די וואָנצעס פון וויטן ווי אַ טאַראַקאַן... כאַ־כאַ־כאַ, — צעלאַכט ער זיך פּלוצלונג, — זעסט, בערעליעוו אויך, ווי גאָט לעבט, אַ גאַרטשיצע, גלייך אַ גאַרטשיצע...

פּלוצלונג דערהערן זיך שפּאַסיגע קולות:

— מיט מוזיק פירט אים! מיט מוזיק דעם סימבירסקן! אָבער פאַרמאַכט די נעזער!...

אין מיטן פון אַ כאַפּטע סאָלדאַטן, וואָס שרייען און ליאַרמען טרעט אַ סאָלדאַט און סקריפּעט ביים גאַנג ווי אַ צוזאַמענגעשטעלטער פון באַזונדערע שטיקער. די פיס אין שטיוואַלעס אויסגעדרייט אויף דרויסן, די שמוציקע הויזן פאַנאַנדערגעשפּיליעט. די סאָלדאַטסקע היטל האַלב אַרונטערגעלאָזן איבער די פאַרשלאָפענע, טיפע אידיאָטיש־כיטרע אויגעלאַך. האַצקעט ער זיך אונטער ביי יעדן טראָט, ווי ס׳וואָלט אים אויפגעטרייסלט. ער מאַכט זיך גאָרניט פון דעם טומל אַרום אים. ער טרעט צו צום דעזשורנעם:

— פאַרשרייב!

דער דעזשורנער קוקט אים מיט רציחה אָן:

— קאַזול, שוין ווידער די מיאוסע שטיק... — אַוועק פון מיר! דו פאַר׳עיפּוש׳ט דאָ די לופט!

— צו זיין קויקע קען מען ניט צוגיין... — דערציילן די ארומיקע, — אונטער איר איז א גאנצער טייך, כאטש לאז שווי־מען א פאנציר־שיף... זעסט פון די הויזן קאפעט... ער מאכט זיך דער טייוול, מיינט, מען וועט אים שיקן אהיים...

קאזול פארשטשירעט די ציין. זיין אומבאוועגלאכער פנים מיט די פארשפיצטע קין־באקן ווערט פארשטיינערט־בייז. די שווארצע אויגעלאך ווערן שפילקעלאך, וואס שטעכן דורך דעם דעזשורנעם:

— ניט דיין דאגה, פארשרייב!

— דו... — זידלט זיך אוים מיטן עכטן רוסישן נוסח דער דעזשורנער, — גיי צום טייוול אין אקאלאדאק, אבי לאמיר פון דיר דעם ריח ניט הערן...

— זאל ער גיין אויף פריער אליין... — מישן זיך אריין די סאלדאטן.

— זאל ער גיין!...

סקריפענדיג און זיך אונטערהאצקענדיג דרייט זיך קאזול אוים און לאזט זיך פון קאזארמע אין אקאלאדאק.

— די שינעלן אויף די אקסלען! — הויבט זיך אויף דער דעזשורנער פון ארט.

— וואלט ער שוין געפירט דעם טייוול, — איז מען אומ־צופרידן, — דער פאדפראפארשטשיק קען נאך אנקומען.

— וואס איז אייך דארטן? — דערפילט די אומצופרידנהייט דער דעזשורנער, — אז קראנק, איז קראנק...

— אלע אין דער רייע!

— שטעל זיך אוים!

— גלייך זיך אוים!

— ווי איז דארטן ביי דיר די גימנאסטיארקע? — רייסט דער דעזשורנער איבער זיין קאמאנדע און שמייט צו צו א

„יונגן" הלמאי זיין גימנאסטיש־העמדל איז עפעס ניט גוט פאר־צויגן אונטערן פאסעק.

„וואס ציט ער די עצמות?" טראכטן די סאלדאטן, „ניט אנדערש, ער וויל דער פאדפראפארשטשיק זאל אנקומען און זיך נעמען אויף דאס גיי צו יעדן איינעם".

— פיר שוין אמאל! — האלט ניט אויס אז „אלטער".

— האסט קיין צייט ניט? איך האב צייט... מען דארף נאך א קוק טאן.

„זעסט טייוול" — טראכטן די סאלדאטן און צעווייגן זיך פון אויפרעגונג.

— סמירנא!

פארשטיינערט בלייבן אלע.

— נו, ווי מיינט איר, — ווענדט זיך דער דעזשורנער מיט זיין סארקאסטישן שמייכעלע, — איצט אייך אריינרופן דעם פאדפראפארשטשיק?

קיינער ענטפערט קיין ווארט ניט, מען טאר ניט: נאר אין די אויגן, אן די פנים'ער זעט ער דעם ענטפער. זייער בייז־קייט טוט אים הנאה, קאמאנדעוועט ער מיט א צופרידענער שטי־מע:

— שאגאם מארש!

— די סאלדאטן אטעמען אפ און הערן זיך שוין גארניט צו, ווי ער שרייט:

— בערעלעוו, פאנפילאוו, גייסט ניט אין פוס... טייוואלים, אן אפיציר קען נאך דערזען...

די סאלדאטן גייען פרייליכע ארויס: דער פאדפראפאר־שטשיק איז דאך ניט געקומען.

---

א לאנגער, אויסגעקאַלכטער צימער פול מיטן ריח פון יאָדאָפאָרמע.

אויף די ראַנדן פון די פּאָר פענסטער זיינען אנגעשטעלט פלעשלאך מיט גלעזערנע באַנקעס.

ביים וואַנט, אויף א שמאָלער באַנק, זיצן אין דער לענג פון אַקאַלאַדאַק די סאָלדאַטן. ביי אַלע איין אָרבל אויסגעטאָן. ביי וועמען א טערמאָמעטער אונטערן פּאַכווע. די סאָלדאַטן זשמו־רען זיך פון דער מאָרגן־זון, וואָס שיינט אַריין דורך אַלערליי קאָלירטע פלעשלאך אויף די פענצטער, און צעשפּריצט פאַר־שידענע פאַרבן אין ווינקל, אויפן באַנק, אויף דער ברודיקער פאָדלאָגע, ביי א סאָלדאַט אויף דער נאָז און מאַכט זי פיל קאָליריג. שטילערהייט שטעלן די סאָלדאַטן אַליין אונטער א האַנט, א קני, א שטיוול און שפּילן זיך ווי קינדער מיט דער זון און קאָלירן.

דער מיליטער־פעלדשער טרעטיאַקאָוו מיט די גרויסע וואָנ־צעס און נאַריש־קעציגע אויגן, שטייט ביי א באַזונדערן טיש און גרייט צו מעדיצינישן מאַטעריאַל: ער שפּאַלט אָפּ מיט א העקעלע שפּענער פון א קורצער הילצערנער קלעצל און פאַר־שניצט זיי. דאָס גרייט ער צו ברעטלאך מיט שטעקעלאך פאַר די סאָלדאַטסקע העלזער.

די סאָלדאַטן זיצן מיט די אַרונטערגעלאָזטע אָרבלען. מיט טערמאָמעטערס אונטער די פּאַכוועס, קוקן זיי נאָך יעדע באַ־וועגונג פון פעלדשער מיט די גרויסע וואָנצעס און האַלטן איין דעם אָטעם: ער, מיט די וואָנצעס, איז זייער א שטרענגער. ער גרייט צו די שטעקעלאך און ברעטלאך מיט גרויס וויכטיג־קייט, יעדע ברעטעלע, יעדן פאַרשניצטן שטעקעלע לייגט ער מיט פאַרזיכט אוועק לעבן א גרויס פלאַש טונקל־גרינעם יאָד־גליצע־רין און ביז ער הויבט אָן א צווייט שטעקעלע אָדער ברעטעלע.

פארנעמט ער זיך מיט די וואנצעס. ער גלעט זיי פאנאנדער מיט ביידע הענט, פארדריידלט די שפיצן און הויבט זיי נאכדעם אונטער מיטן מויל מיט א מינע ווי צום ניסן. אבער איז דער אמתן מיינט עס: „איר זעט א פאר וואנצעס"...

האט זיך א סאלדאט צו רווישיג א ריר געטאן, צערודערן זיך ביים פעלדשער די וואנצעס און זיי באוועגן זיך און וואר־נען:

„שטילער דארט, דו איינער־אזוינער!"

זיצן די סאלדאטן און האלטן איין דעם אטעם. פונדעסט־וועגן סוד'עט מען איינער צום אנדערן:

— האסט שוין אנגעפיקט דעם „גראדוסניק"?

— ער איז שוין ביי מיר הויך...

— ער, איוואנאוו, ווייס נים ווי מען טוט... זאג אים ער זאל אנפיקן די קוועק־זילבער, וועט ער האבן היץ...

— נא דיר, איוואנאוו ווייס נים! כ'האב אים נאך איז באטארעע דערציילט.

דער פעלדשער פארענדיגט זיינע שטעקעלאך און ברע־טעלאך. ער נעמט ארויס פון א שאפע א שטיק וואטע און ליינט עס לעבן דעם יאד און די העלצלאך.

די סאלדאטן קוקן קרום אויף דעם... זיי ווייסן וואס מען טוט דערמיט. אבער וויל מען זיך דערשלאגן צו „פרייהייט", מוז מען אביסל ליידן.

דער פעלדשער נעמט זיך צום ערשטן:

— ווייז דיין גראדוסניק!

באלד צעפעפענען זיך שארף די ביסטרע קעצישע אויגן. ווערן גרינער פון גרין, די וואנצעס הויבן אן שפרינגען. ער קוקט דא אויפן בלייך־געווארענעם סאלדאט, דא אויפן גראדוסניק:

— וואס, דכיי און פערציג?!

„ביטער“, רירן זיך אנדערע אומרואיק אויף די ערטער. „ער האט צופיל אנגעפיקט, שלעכט“...

— נאכאמאל אונטערן פאכווע! — שלאגט ארונטער דעם טערמאמעטער דער פעלדשער.

עס עפנט זיך די טיר.

— „סמירנא!“ — שרייט דער פעלדשער.

אלע שפרינגען אויף. דער דאקטאר קומט אריין. א קליינטשיקער, א דארינקער, אין א צו לאנגן שינעל, פלאנטערט ער פארביי מיט גיכע טריטלאך צו א זייטיקן צימער. גייענדיק גיט ער א מאך מיטן האנט:

— „וואלנא!“...

— זעץ זיך! — באפעלט דער פעלדשער.

מען זעצט זיך.

— דיין גראדוסניק, — נעמט דער פעלדשער ביי א צווייטן סאלדאט.

— „סמירנא!“ — שרייט ער אין מיטן ווידער אויס.

אלע שפרינגען אויף.

— „וואלנא!“ — מאכט ווידער מיטן האנט דער דאקטאר. וואס איז ארויס פון זייטיקן צימער שוין אן א שינעל אין א קורצינקן מונדירל און אן דער היטל.

—„וואלנא“, זעצט זיך! — חזר'ט איבער טרעטיאקאוו.

מען צעזעצט זיך. דער דאקטאר פרעגט עפעס ביי טרע־טיאקאוון און גייט צוריק אריין אין זייטיקן צימער.

— צוויי און פערציק?! — כאפט ער א קוק אויפן גראדוסניק.

— איך קען ניט וויסן... — שטאמלט דער סאלדאט.

— „סמירנא!“ — ניט אויף דאס ניי א געשריי דער פעלדשער.

אַלע הויבן זיך ווידער אויף.

— „וואָלנאָ!“ — מאַכט מיטן האַנט דער דאָקטאָר, וואָס גייט צו צו זיין שטענדיקן פּלאַץ ביים טישל און כאַפּט אַ קוק אויף די סאָלדאַטן.

— „וואָלנאָ!“ זיך זעצן! — קאָמאַנדעוועט טרעטיאַקאָוו.

— אין אַקאַלאַדאַק דאַרף מען נאָכן אוסטאַוווטשיק ניט קאָמאַנדעווען „סמירנאָ“, דאָ אייערנעכטן אַליין געלערנט... — רעדט אַ „יונגער“ אַן „אַלטן“ שטיל אין אויער.

— שווייג, וואָס מיר אוסטאַוווטשיק? אַלע „ציען זיך פאַר נאַטשאַלסטוואָ“.

דער דאָקטאָר, איינגעגעסן מיט די שאַרפע אויגעלאַך אין די סאָלדאַטן, מיטן צוגעבויגן שפּיציק נעזל, מיטן גלאַט צוגע־קאַמטן קאָפּ, וואו עטלאַכע הערלאַך שטייען אָפּ אין אַ טשוב, מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַן אמתן הענדלער.

— וואָס אַזוי פיל? — פרעגט ער דעם פעלדשער.

— עפּעס אַ מגפה... — וויצלען זיך די וואָנצעס ביים פעלד־שער.

— וואָס איז די טעמפּעראַטור?

— ביי אַלע פערציג, צוויי און פערציג, דריי און פערציג...

— ה־ם, ה־מ־ם, אַזוי גאָר? — ברומט דער דאָקטאָר.

— הויב אָן!

— טרעט צו! באַפעלט דער פעלדשער. — ווי רופט מען דיך? איוואַנאָוו?

— וואָס איז דיר?

— אַ־טאַ־דאַ־אַ... — ווייזט אָן איוואַנאָוו אויפן האַלז.

— עפן די „גלאָטקע“!

— וויפיל די טעמפּעראַטור? — גיט אַ פרעג דער דאָק־טאָר.

— דריי און פערציק...

— אויסקאָלכן.

— בעסער עפן אויף! — בייזערן זיך די וואָנצעס ביים פעלדשער.

א ברעטל קריכט אין מויל אריין, דריקט אראָפּ דעם האַרב ביים צונג, נאָך איר קריכט טיף אין האַלז דאָס שטעקעלע מיט אַ שטיק איינגעטונקט וואַטע אויפן שפּיץ.

דער סאָלדאַט הויבט זיך אַן פאַרגיין פון דער שאַרפער בייסיקער פּליסיגקייט, שטויסט אָפּ פון זיך דעם פעלדשערס האַנט, און רוקט זיך אינטערוויילאַכטס ווי ער וואָלט זיך גע־וואָלט ראַטעווען. מיט פאַרבלענדטע אויגן פון טרערן, שאַרט ער זיך אַן אָטעם צוריק צו דער באַנק.

— וואָס גוט צו גיין אין אַקאַלאַדאַק? — חוזק'ט פון אים דער שכן, — וועסט קיין „פּרייהייט" אויך ניט קריגן. אומ־זיסט דעם „פּונש" פאַרזוכט און דער פּאַדפּראַפּאַרשטשיק וועט היינט פאַרמוטשען.

איוואַנאָוו, וואָס האַלט נאָך אַלץ אין איין הוסטן, פאַרשקען און ניסן, זידלט זיך אויס שטיל, אָבער מיט האַרץ:

— אין זייער טאַטן... גיי וויים, עס גליקט מיר ניט...

— טרעט צו! — רופט דער פעלדשער, — וואָס טוט ווי?

— אַ־טאַ־דאַ־אַ... — ווייזט דער צווייטער דאָס איינענע.

—וויפיל די טעמפּעראַטור? — ניט אַ פרעג דער דאָק־טאָר פון בוך אַרויס.

— איין און פערציג...

—אויספאַרבן!

—עפן די גלאָטקע! — טרעט צו דער פעלדשער מיט׳ן העלצל. — שטיי מיין ליבינקער, — באַפט אַן מיט חוזק דע־

פעלדשער דעם סאַלדאַט, ווען אים דוכט, אַז יענער מאַכט אַ באַוועגונג ווי צו אַנטלויפן, — זייט מוחל, מען בעט אייך. עפנט דאָס פּיסקעלע...

אַ פּאַרקייכטער שלייכט זיך אַוועק צום באַנק דער סאַל־דאַט.

— גרינבערג ! — רופן די וואָנצעס ביים פעלדשער.

דער דאָקטאָר רייסט אָפּ די אויגן פון בוך און קוקט זיך איין אין אידישן סאַלדאַט. — וויפיל די טעמפּעראַטור ?

— געגנויע ניין און דרייסיק.

— אויסשמירן !

ווען גרינבערג פאַרגייט זיך אין אַ מאָדנעם הייזעריקן הוסט, ברומט דער דאָקטאָר פון בוך : — טרעטיאַקאָוו, פאַרשרייב „פריי" מען זאָל אים מאָרגן ווידער שיקן...

— בערעליעוו ! — רופט דער פעלדשער.

— הא ! — כאַפּט זיך אויף דער דאָקטאָר.

— אַ געשוואָלן פוס. — זאָגט דער פעלדשער.

— אין אַקאַלאַדאַק צונעמען ! — רעדט ווי אומצופרידן דער דאָקטאָר און קוקט בייז אין בוך אריין.

— זאַרעמבאַ ! — רופט דער פעלדשער.

פון עק באַנק, וואָס ביי דער סאַמער טיר, הויבט זיך אויף ווי אַ דעמב דער סאַלדאַט, הויבט זיך אויף און רירט זיך ניט פון אָרט.

אַלע וואַרטן... דער הויכער סאַלדאַט שטייט מיט אַרונ־טערגעלאָזטע האַלב־צוגעמאַכטע אויגן, ווי אַ שעמעוודיגע מיידל און רירט זיך פון אָרט ניט.

— קום אַהער !... — פאַרלירט פון פאַרוואונדערונג דער פעלדשער זיין בייזן טאָן.

— ניע ווידזשו!... — ענטפערט האַלב רוסיש, האַלב פּויליש דער סאָלדאַט.

ביים „הענדעלע“ האָט זיך דער טשוב אָנגעשטעלט. די פּאָר שטייענדיקע הערעלאַך האָבן זיך אויסגעבויגן ווי צום קאַמף. ער הויבט זיך האַסטיק אויף פון אָרט.

— קום אהער! — רופט ער דעם סאָלדאַט מער מיטן פינגער ווי מיטן קול.

— ניע ווידזשו... — ענטפערט יענער זיינס ביים טיר.

די סאָלדאַטן זיינען געוואָרן גאָר אַנדערע, מען פאַרגעסט אָן זיך: וואָס וועט זיך דאָ אויסשפּילן.

אַ פּלוצלונגער הילכיקער קוויטש רייסט זיך אַרויס ביים „הענדעלע“:

— אהער גיי!

דער שאַרפער קוויטש האָט מיט באַפעל און דראָהונג אַ שניט געטאָן אין די אויערן. די הערצער האָבן אַ צאַפּל געטאָן פון פּלוצלינגן געשריי. דער דעמבענער סאָלדאַט, ווי געשטויסן פון אַן אומגעזעענער האַנט, הויבט אָן צוגיין מיט אַרונטערגעלאָזטע ברעמען און קומט צו צום דאָקטאָר.

— הא, זעסט שוין?... — שרייט אין צופרידענעם צאָרן דער דאָקטאָר, — אויב דו עפענסט ניט באַלד די אויגן, וועל איך זיי עפענען און דיר אָפּגעבן „פּאָד סוד“.

אַ צעטומלטער, אַ צעשראָקענער פינטלט דער דעמבענער סאָלדאַט מיט די אויגן און עפנט זיי אויף.

— גאָט צו דאַנקען... זעסט אַ נס! — רעדט דער „הענ־דעלע“ סאַרקאַסטיש, — ווייז זיך פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען...

— דרייט ער אים אום מיטן פּנים צו די סאָלדאַטן.

יענע פּלאַצן אויס אין אַ איבערטריבענעם געלעכטער. עס

טוט הנאה די קונצשטיק פון פוילישן סאלדאט און די תּימישקייט פון נאטשאלניק — פון „הענדרעלע".

— אַ, אַ פּאַליאַק! — האַלט זיך ניט איין איינער.

יענער שטייט און פינטלט נאָך אַלץ מיט די אויגן.

— פינטל ניט! — שרייט שוין בייז דער פעלדשער. — מיינסט אַפּנאַרן? מען וועט דיר „פּאַד סוד" אָפּגעבן... — חזר'ט ער איבער דעם דאָקטאָרס ווערטער.

דער דעמבענער, נאַריש כיטרער זאַרעמבאַ הויבט זיך אָן צו קלאָגן: ער מיינט ניט אַפּצונאַרן... ביי דער הייליגער מוטער. ער מיינט ניט אַפּצונאַרן, נאָר אין זייט טוט אים וויי... אויף אַן אמת אין זייט טוט אים וויי...

— און בלינד ביסטו שוין ניט? — לאַכט אויפגעלייגט דער דאָקטאָר, — ווייז וואו טוט וויי?

זאַרעמבאַ ווייזט אָן אויפן זייט און ווײנט אַרוים אויף זיין פּוילישן רוסיש:

— טאַם זערוואַנע יעסט, — דאָרטן איז איינגעריסן.

— אַזוי גאָר „טאַם זערוואַנע יעסט"... — גיט אים אַ קריך אין זייט מיט דער ביינערדיקער דאַרער הענטל דער דאָקטאָר.

זאַרעמבאַ גיט אַ געשריי: „אוה!"

— אוה, טאַם זערוואַנע יעסט"... — חזרט איבער און חוזק'ט אָפּ דער דאָקטאָר — ווי אַזוי? וואָס?

— ז'פורי סוואַלילסיאַ — אַראָפּגעפאַלן פון אַ פור... — ווײנט אַלץ האַלב רוסיש, האַלב פּויליש זאַרעמבאַ.

— ווען האָט עס געטראָפן?

— יאַק דיטיאַ בילעם — ווען איך בין געווען אַ קינד...

— און נאָך ביז היינט ניט געשטאָרבן? כ'מיין, ניט גע'פגר'ט? — ווערט ווידער בייז דער דאָקטאָר.

די סאָלדאַטן לאַכן.

— טרעטיאַקאָוו, — זייט דער דאָקטאָר די ווערטער דורך די ציין, — „טאָם זערוואַנע יעסט", „ניע ווידזשו"... שטעל אים נאָר אַ גאָרטשיצע, אָבער אַזוי אַ היבשן פּלאַסטער. עס זאָל אים ווערן ליכטיג אין די אויגן...

אונטער אַלעמענס געלעכטער שלעפּט אים אַריין טרעטיאַקאָוו אין זייטיקן צימער ווי אַן אָקס צו דער שחיטה.

„הענדעלע" נעמט זיך איצט אַליין עקזאַמענירן די סאָלדאַטן. פון זייטיקן צימער דערהערט זיך אַלץ אַ שטאַרקערע האָכצעניש און קרעכצעניש און טרעטיאַקאָווס שטריינגער קול: „רואיק, שוויינ!"

— אידעלאַך און פּאָליאַקעלאַך... — רעדט דערווייל דער דאָקטאָר אין דער וועלט אַריין, — שטענדיק אָפּנאַרן, שטענדיק זיך אַרויסדרייען.

— קאַזול... — לייענט ער מעכאַניש אַרויס פון בוך און וויל זיך ווי פאַרכאַפּן.

קאַזול מיטן עקשנות'דיקן פּנים, מיט די נאָך מער צעשפּיליעטע הויזן און מיטן סקריפּענדיקן, טרייסלענדיקן גאַנג קומט צו צום דאָקטאָר.

— וואָס איז דאָס היינט אַזוינס? — בלייבט אַ מינוט שטום דער דאָקטאָר און פּלוצלונג צעקוויטשעט ער זיך אויסער זיך פון ווילדקייט:

— דו ביזט שוין ווידער דאָ, דו שטיק... אַרעסטירן! אַ וואָך אונטער אַרעסט! ראַפּאָרטירן דעם קאָמאַנדיר!

אָבער אַ רוסישער אויך... ניט נאָר „אידעלאַך און פּאָליאַקעלאַך" — מורמלט צו בערעליעוון גרינבערג.

---

שפּעטער, אין באַטאַרעע, אין דער אָפּרו צייט נאָך מיטאָג,

שטייט דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק איבערן ליגנדיקן גרינבערג און רעדט:

— דער טייוול ווייס זיי דאָרטן אין אָקאָלאָדאָק וואָס זיי טוען. זיי נעמען ביי מיר צו אַלע סאָלדאַטן. „פּריי" און „פּריי". נו, גרינבערג, גיי האַלץ האַקן, נשקשה וועסט ניט פּגרן, מאָרגן וועסט דאָך ווידער גיין אין אָקאָלאָדאָק, וועט מען דיר שוין פאַר היינט אויך אויסהיילן. גיי, ניטאָ קיין סאָלדאַטן. וואָס וועסטו זיך אַרומוואַלגערן, וועסט נאָך מער קראַנק ווערן. נו, גיי, מען רעדט דאָך צו דיר ווי אַ מענש, אין דיין טאַטן אַריין...

מיט אַ בלייענעם קאָפּ הויבט זיך גרינבערג אויף פון געלעגער און לאָזט זיך אין הויף אַריין.

# פסח און פאַסכע

— קער איבער!

מיט אַ פליוך ווערן צעבעדס וואַסער איבערגעקערט אויפן צעמענטענעם דיל פון קאַזאַרמע.

— קער איבער!

— גיס אויס!

די קאַזאַרמע איז פריילאַך, פול מיט פריילאַכע געשרייען. טיר און פענסטער זיינען ברייט און פריי פאַנאַנדערגעעפנט. די בעטלאַך, די טישלאַך, די קעסטלאַך — אַלץ אַרויסגעטראָגן אויפן פּלאַץ. אויס קאַזאַרמע — דורכאויס דרויסן. און דער דרויסן שפּאַנט פריי אין דער אויסגעליידיקטער קאַזאַרמע מיט פרימאָרגן, מיט זון, מיט יונגער פרישקייט.

— נאָך!

— האַלט!

— צופיל!

די סאָלדאַטן איז ליב צו איבערקערן אַ צעבער וואַסער און זען, ווי ער צעשפּריצט זיך אינגאַנצן.

זיי ראַמען, סקראָבען, רודערן פריילאַכע, צעשטיפטע.

מיטן נאַסן זעגאַכץ־שטויב, מיט די „אַפּילקעס" אויף די שטיוול, שטייט אין מיטן פון דער ליידיקער קאַזאַרמע, אין זון און אין נעץ, דער הויכער אויסגעצויגענער קוזנעצאָוו, כאַפּט

פון צייט צו צייט א טענצל, זינגט צו מיט א געמאכטן קוויטש און באפעלט:

— די צעבערס, אהערצו, די „שוואבעס", אהינצו!

— הא, ווי מיינסטו, ווען היינט ביינאכט, ביים אפפאסטן, וואלט געווען אזויפיל בראנפן ביי אונז, ווי דא — וואסער אויפן פאדלאגע, וואלט געווען גוט, נישט אמת?

— מיינסט, ס'וועט פעלן?

— כ'וויים...

— ניט ביי מיר! — כאפט זיך שטאלץ גאלוביעוו, א שנץ מיט בלוט־אדערלאך אויף די סקולעס און א נאז, ווי צונ־טער, — כ'קאן דיר שוין ווייזן א גאנצן טאפ — א גאנצע „פעניע", ערשטן סארט! —

— אמת? ווייז נאר... — גלאנצן אויף אויגן.

— ביי מיר האט איר גע'פועל'ט, — לאזט זיך גאלוביעוו שטאלץ און העלדיש צום טיר.

— גאלוביעוו! מען דארף נישט, נאטשאלסטווא קאן נאך אנקומען, — ווארענען פארזיכטיקערע, — ווייסט דאך, אין קאזארמע טאר מען ניט.

— ברענג! — באשטייען די מערסטע. — וואס מיר נאטשאלסטווא, ביזן גיין אין צערקווע וועט קיינער היינט נישט ארייננשמעקן...

מען רייסט איבער דאס ראמען. דער הויכער קוזנעצאוו קאמאנדעוועט מיטן געמאכטן קוויטש:

— אלע נאך די „פעניעס", שאגאם מא־א־רש!

די בערשט, די בעזימער, די שוואבעס פאלן מיט א טראסק צו דער ערד. א סך צעלויפן זיך ברענגען די פלעשער בראנפן, די פלעשלאך פונש און קאניאק. די איבעריקעווארטן מיט אומגעדולד. רייסט זיך ארויס א קרעכציקער וואונש:

— וואָלט שוין גיכער נאַכט געוואָרן...

— זעט מיין פונש! — שרייט מיט פרייד א צוריקגע־קומענער, — איר האָט גאָר אַזוינס אין אייער לעבן נישט געזען!

כאָטש ער האָט מורא דאָס רויטע פלעשל ארויסלאָזן פון האַנט, גייט זי פּאָרט דורך די צערטלאַכע הענט פון די סאָל־דאַטן.

— וואָס זאָגט איר צו דעם? — גיט א הויב איינער א גרויסע טאָפּיקע דורכזיכטיקע „פעניע“, — איר מיינט נאָר גאָלוביעוו איז א מאַידים?...

— אוך! — וואונדערט מען זיך ארום.

— ווען מיר דאָס א טרונק טאָן, ברודערל... — געפינען זיך בעלנים, וואָס קוקן אויף אים מיט כיטרע צערטלאַכע אויגן.

— ווי גאָט לעבט, כ'וועל ניט אָפּזאָגן. — איז ער פול מיט באַגייסטערטער גוטסקייט.

קוזנעצאָוו אליין באַטראַכט די גרויסע „פעניע“. פּלוצלינג גיט ער זי א קער פאַרן העלזל אין א פאַס זון מיטן דעק אַרויף און צעזינגט זיך מיטן קווימש טענצלענדיק:

„עך, טי, פעניא־פעניא, פעניא נאָוואיא מאיא!“

דער עולם ווערט לוסטיק, נאָר דעם סאָלדאַט פון דער „פעניע“ פאַלט איין אַן האַרצן און ער בעט זיך ביי קוזנע־צאָוון:

— פאַרזיכטיג, פאַרזיכטיג... זאָל גאָט אויסהיטן, קענסט זיך נאָך אויסגלימשן...

— אָט איז גאָלוביעוו!

ער באַווייזט זיך אין טיר, גלייך הויבט מען אָן מיט בטול צו פּאַכן אויף אים מיט די הענט:

— ביזט ניט דער איינציקער!

— וואָסי? — בלייבט ער שטיין.

— יאַקאָווליעוו האָט אויך אַ „פעניע".

— אַ „פעניע" איז ביי מיר נאָך גאָרנים... זעט וואָס איך טראָג נאָך. איר זייט בלינד אויף דער עלטער!

אַ חוץ דער „פעניע", וואָס ער שלעפּט אין האַנט פאַר'ן העלזל, שלעפּט ער נאָך אונטער די אָרעמס צוויי גרויסע פלע־שער — רויטע, טונקעלע.

— זע נאַר! — רינגלען אים אַרום די סאָלדאַטן.

— האַלט צו! — רעדט ער מיט געמאַכטער רואיגקייט און גיט איבער אַ סאָלדאַט די פלאַשן — איך האָב נאָר עפּעס אין די הויזן־קעשענעס...

פון די ברייטע סאָלדאַטישע קעשענעס קוקן טאַקע אַרויס שמאָלע העלזלאַך פאַרקלעפּטע מיט גאָלד־פּאַפּיר.

און באַלד הויבט זיך אָן אַ שפּאַרעניש:

— מיין פּונש איז בעסער!

— ניין, גאַלוביעוו, מיינער!

— גיב אַ קער מיטן דעק אַרויף, זעסט וויפיל בלעזלאַך ביי מיר, שטאַרקער פון דיינס.

— דיר דוכט זיך, מיינס איז שטאַרקער און טייערער...

— אַז דו רעדסט אַזוי, טו לאָמיר פאַרזוכן... — איז גאַלוביעוו באַליידיקט.

— אָ, דו שכור'ניק, — הויבט מען אים אָן מוסר'ן — ווילסט די נשמה פאַרטרינקען...

גאַלוביעוו פאַרענטפערט זיך מיט איבערצייגונג:

— איך ווייז אים די בלעזלאַך און ער האַלט זיך ביי זיינס.

— אויך! ווען מיר דאָס היינטיקן „פאַסט" אָפּפאַסטן!

— שרייט איינער אוים, און נעמט זיך מיט האסט פארן בעזים.

---

צום קאנצעלאריע און פון קאנצעלאריע לויפן דערווייל די עטלאכע אידישע סאלדאטן. קומט איינער ארויס — רינגלען אים ארום די איבעריגע:

— שוין דא דער פאדפראפארשטשיק? מען וועט אונז היינט אפלאזן צום סדר?

— נאך ניטא אים.

— וואס זאגט דער שרייבער?

— ער וויים ניט.

— ער האט דאך געקראגן אין „יד"... — היצט זיך איינער.

— נו, האט ער דערציילט, אז דער „פריקאז" אפצולאזן ליגט שוין פיר טעג, נאר דער קאמאנדיר האט ניט געהייסן.

— דאס האט אונז דער פאדפראפארשטשיק צוגעדינט. ס'איז אים ווייניג די „סקלאדטשינע", וואס מיר האבן פאר אים געמאכט, דערפאר האט ער גאר ניט גענומען.

— מען האט טאקע באדארפט געבן מער...

— צו זיין קאפ... איך גיי אין צעריסענע שטיוול. אים אפגעבן דעם לעצטן גראשן... — היצט זיך גרינבערג.

— זעסט דאך אויף צו־להכעים איז אויסגעפאלן אונזער פסח מיט זייער פאסכע, האט ער א תירוץ: ער דארף אונז אין קאזארמע.

— מען מוז אויפזוכן דעם פאדפראפארשטשיק.

— עס וועט גאר ניט העלפן, איך פיל שוין...

— ווי, מען וועט אונז טאקע ניט אפלאזן? — צאפלט זיך אויף כאווקין — ביי מיין כלה אין שטוב וועט מען ניט וויסן וואס איבערצוקלערן... מעןווארט דארט אויף מיר.

— ווי איז געווען פאר־א־יארן? — פרעגט א „יונגער“.

— ווי אלע יאר, מען האט אפגעלאזט.

— מען זעט, אז דאס איז א צו־להכעיס, מען האט אונז אלעמען באשטימט אין „נאריאד“, מיר וועלן מוזן שטיין אויף די פאסטנס, אויב מען וועט אונז ביז עלף ניט ארונטערנעמען פון צעטל — איז פארפאלן, בלייבן מיר אין קאזארמע.

שטייען מיט שווערע הערצער די עטלאכע אידישע סאל־דאטן און שווייגן.

— וואס שטייט איר אזוינע אומעטיקע? מען וועט אייך ניט אפלאזן? — קומען צו די רוסישע.

— מיר ווייסן ניט...

— מען וועט אייך אפלאזן, — טרייסט קוזנעצאוו, — דאגה'ט ניט!

— ער זאגט, אז איר גייט אין צערקווע, מוז מען אונז האבן אין קאזארמע, אונז שיקן אין „נאריאד“.

— אין זיין טאטן... מען האט דאך גערעדט, אז די פאליאקן זאל מען היינט שיקן. אין זייער יום־טוב האבן מיר זיי דאך פארביטן.

דאס רעדל ווערט גרעסער. די רוסישע שטייען און בא־דויערן די אידישע. איינער שאקלט אין פארדרוס מיטן קאפ:

— דאס איז דאך דאס אייגענע, ווי מען וואלט אונז ניט געלאזט גיין היינט אין צערקווע.

— וואס זאל מען מאן? ס'איז „סלוזשבע“ — שטעלט אריין א פוילישער בלומר'שט מיט באדויערן.

— כ'האב געזען דעם פאדפראפארשטשיק גיין אין קאנ־צעלאריע, — קומט צולויפן א אידישער סאלדאט.

— גיכער גייט!... — איילן די אידישע סאלדאטן זייערע שלוחים — דורכט זיך דער דעזשורנער קומט...

דערווייל קומט אָן דער דעזשורנער און רופט:

— דער „נאַריאַד" אויף אַביעד!

כאָווקין ווערט בלייך: כ'וועל אַליין אַוועק אין שטאַט... זאָל מען מיר דערנאָך איינזעצן... איך קען עס מיין כלה ניט טאָן.

— ביזט משוגע? פון „נאַריאַד" וועסטו אַוועק... נעם בעסער דעם „באַטשאַק", קענסט זיך ניט העלפן.

עס באַווייזט זיך דער פּאָדפּראָפּאָרשטשיק. נאָך אים גייען נאָך די צוויי שלוחים. אויפן גאַנג רעדט ער צו זיי איבער דער גאַנצער קאַזאַרמע:

— אין קאַזאַרמע קענט איר מאַכן פּסח וויפיל איר ווילט: אָפּלאָזן ניט...

— הערר פּאָדפּראָפּאָרשטשיק... — טרעטן צו נאָך אַנ־דערע סאָלדאַטן.

— ניטאָ וואָס צו ריידן! — האַקט ער אָפּ שטרענג.

---

די אַרונטערגעהאַנגענע בליצלאָמפּן ברענען העל אין מיטן דער נאַכט. פּאַפּירענע בלומען ציען זיך איבערן באַלקן, לאָזן זיך אַרונטער איבער די ווענט און באַפּוצן די לאַנגע געדעקטע טישן.

עס איז אויסערגעוויינלאַך שטיל און ליכטיג. עס הערט זיך נאָר דער שטילער, פרומער קנאַקן פון די פייערלאַך אין די לאַמפּאַדקעס ביי די צעשטעלטע איקאָנעס און דער טויטער פּאַפּירענער רויש פון די בלומען, ווען דער קילער אָטעם פון דער נאַכט בלאָזט אַריין דורך אַן אָפענעם פענסטער.

שטומע, אומעטיקע זיצן אין איין גרופּע די אידישע דניע־וואַלנעס. עס איז שטיל. קיינער ניטאָ. האָבן זיי זיך צע־זעצט איבער די ברעגן פון שכנ'ישע קויקעס און זיצן שטילע.

אומבאַוועגלאַכע. זיי האָבן שוין אַלץ אויסגערעדט. ניטאָ וואָס מער צו זאָגן... זיצן זיי עפּעס ווי פאַר'כשופ'טע אונטער דער מיטאָג־נאָכמיטיקער ליכטיגקייט. די אויגן בלאָנדזשען איבער די טישן מיט די גוישע פּסח'דיגע מאכלים. זכרונות קומען אָן און גייען אַוועק: די היים, די קינדערישע יאָרן... זיצן זיי שטיל־פאַרטראַכטע און וואַרטן אויף די סאָלדאַטן פון צערקווע.

מיט אַמאָל גיט זיך אײנער אַ כאַפּ. באַלד — אַ צווייטער. מען הערט זיך צו: יאָ, זיי גייען...

ערגעצוואו הינטערן קאַזאַרמע פון דעם פינסטערן מיטאָג־נאָכטיגן דרויסן הילכט אָפּ אַ קאָמאַנדע, און באַלד קלינגט אָפּ אַן אָפּגעהאַקטער טראָט.

די אידישע דנייעוואַלנעס לויפן צו די טירן, מאַכן שטיי־פער די פאַסקעס, גלייכן אויס די שווערדן אויפן זייט, און מיט אַ געמישטן געפיל הערן זיי שוין הינטער די טירן דעם מענטשישן גערודער, די טאָפּטשערײ, די שטופּעניש און קולות.

מיט אַ פּראַל עפענען זיך די טירן. די טירן וואַרגען זיך מיט סאָלדאַטן, וואָס שפּאַרן זיך מיט אַמאָל. די קאַזאַרמע ווערט פול מיט פרייליכן רעש, מיט טומל, און מיטאַמאָל שניידן זיך שאַרף אויס צוויי ווערטער:

„כריסטאָס וואָסקרעס!"

און באַלד דער ענטפער:

„וואָאיסטינו וואָסקרעס!"

— לאָמיר זיך צוקושן!

סאָלדאַטן באַגריסן זיך, סאָלדאַטן האַלזן זיך, סאָלדאַטן קושן זיך, סאָלדאַטן ווינשן זיך, און וואָס עס דעררײדן ניט די מײַלער, דערזאָגן די יום־טוב'דיגע פּנים'ער, די באַגײַסטערטע אויגן. מען וואַרפט פון זיך די שינעלן און מיט אַ געלאַף לאָזט

מען זיך צו טישן. אויגן ברענען הונגעריק און פריילאך. קלינ־
גען פריידיקע געלעכטערס און ווידער אויסרופן:
— „כריסטאָס וואָסקרעס!"
— לאָמיר זיך צוקושן!
גלייך באַווייזט זיך איין פלאַש בראַנפן, אַ צווייטע, פלעפ־
שער פונש, קאָניאַק. קעפ פאַרוואַרפן זיך אַהינטער, דוכט
זיך עס קנאַקן די שטייפע קאַרקעס צוזאַמען מיט די סאָלדאַטסקע
קאָלנערס. ברייט צעעפענען זיך מיילער און דאַרטן פאַרשווינדן
טיי־גלעזער בראַנפן, פונש, קאָניאַק:
— צו געזונט!
— צו געזונט!
מיילער רייסן שטיקער, ציין קייען, מאָלן, פליקן. הענט
כאַפן, קנייפן, רייסן אויס און ווידער:
— צו געזונט!
— צו געזונט!
אויגן, פנים'ער גיסן זיך אָן: נעזער, באַקן ווערן צונטער:
אויערן פלאַמען. די אויפגערעגטע פריילאַכקייט שטייגט.
— נאָך צו גלעזעלע!
— נאָך צו כוס'עלע!
און ווידער פאַרשווינדן גלעזער פון שרפה'דיקן געטראַנק
אין די צעעפנטע מיילער פון די פאַררויטע קעפ.
אַלע רעדן, לאַכן, מאַכן מיט די הענט. איינער הערט
שוין ניט דעם צווייטן, פאַלן אַריין אין מיטן.
— צו געזונט — ט — ט!
— צו געזונט!
שוין מיט אַ צו שטאַרקן קלונג קלאַפן זיך צונויף גלעזער.
דער בראַנפן פליושקעט זיך אויס אין די ניט זיכערע, טרייסלענ־
דיקע הענט. ערגעץ אויפן טיש פאַלט אום אַ פלאַש און פלייצט

פון מיילכל, קערט זיך אום א גלאָז און בלייבט שוין ליגן אין א נאַסן ברודנעם פּלעק. שכנ'ישע הענט נעמען זיך ארום, וויקלען זיך, פאַרוואַרפן זיך חבר'יש אויף די אַקסלען. פּנים'ער רוקן זיך צו, מען רעדט אין די נעזער, יענעם אין די אויגן אריין. איינע לאַכן אומגעווויינלאַך, ביי אנדערע שטייען טרערן אין די אויגן.

— נאָך צו גלעזעלע!

— נאָך צו כסה'לע!

— נאָך...

— כ'קען ניט... ווי גאָט לעבט, כ'קען ניט...

— אין דיין טאַטן... דו מוזט!

און עס גייט אוועק א זידלעריי, צעגיסט זיך ווי א וואַסער. פריער גוט־ברודעריש, וואויל־יונגעריש. דערנאָך בעס'דיקער, בייזער, שמוציקער...

שווער, ווי געפּענטעטע הויבן זיך פיגורן פון טיש און פאַלן צוריק אויף זייערע ערטער, הויבן זיך ווידער, כאַפּן אָן און שלעפּן זיי ארונטער אויפגערעגטע שכור'ע הענט:

— זיץ!

— טרינק!

— לאָז אָפּ!

— זיץ!

— כ'וועל געבן אין די ציין!

— איך וועל דיך צו'ממית'ן!

— נא!...

עס ווערט א בלינדער שכור'ער קנויל: ווער וועמען שלאָגט, בייסט, צענעמט. רייסט זיך איינער ארויס, פּלאָנטערט ער זיך אין גאַנג, כאַפּט זיך אָן וואַנט. דער נאָז טויט, אויפן שטערן א שוויים:

— ברודערקע, עס איז מיר ניט גוט!

— ברודערקע! ברודערקע!

— און פון אונטערן טיש, דורך צונויפגעפלאָנטערטע שטיוול, קריכט פלוצלונג אַרויס גאַלוביעוו, קריכט אויף אַלע פיר. הויבט זיך אויף מיט מאַטערניש, צעשאָקלט זיך ווי אַ גרעזל פון ווינט, מאַכט שעלמיש מיטן פינגער ערגעץ סתם אין דער וועלט אַריין און דערציילט אויפן קול זיינע איינדרוקן:

העה־העה, ווענטעלאַד, מיינע ווענטעלאַד, זעסט זיי גייען גאָר, דרייען זיך, העה־העה, מיר וועט איר ניט אָפּנאַרן, איר זאָגט ליגן, מיר וועט איר ניט אומוואַרפן... איך בין אַ געניטער... איך וועל צו מיין קויקע דערגיין... — און ער גיט זיך אַ לייג אַוועק אויף אַלע פיר און קריכט אַזוי אַוועק איבערן קאַזאַרמע.

שאַרט זיך איינער ביים וואַנט ווי אַ בלינדער. בלייבט שטיין, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ, עפנט שטום און ברייט די מויל און פון דאָרטן גיט זיך אַ שפּאַר מיט אַ שלעכטן ריח... שאַרט זיך אָפּ אַ שטיקל און שפּאַרט ווידער אָן דעם קאָפּ און צעעפנט ברייט די מויל...

— העלפט מיר אים אויפהויבן פון דער ערד! — רופט דער אידישער דניעוואַלנע צו די אַנדערע.

. בישלאַכוויז צעקריכט מען זיך פון די טישן. האַרמאָני־קעס שפּילן שכור אוים „משודני מעסיאַץ פּליוויאָט נאַד רעקאָיו", רייסן זיך אַנדערע מיט שכור'ע קולות „זאַטשעם טי בעזאומנאַיאַ גוביש"... בראָדיעט אַרום איבערן קאַזאַרמע אַ צו־נויפגעפּלאָנטעטע גרופּע „יונגע" און זינגען נאָך אַלץ זייער נאָוואָבראַנסקן לידל: „פּאָסלעדני נינעשני דעניאָטשעק גוליאַיו ס'וואַמי יאַ דרוזיאַ".

אין איין ווינקל טאַנצט מען שוין:

— גי... גי.. אוך!

— „וו'פריסיאדקו“! זיצנדיקערהייט! זיצנדיק! — שרייט מען צום טענצער. יענער פרובירט, ציט זיך אויס א שכור'ער אויף א זייט און בלייבט ליגן ווי א שטיין.

אין א צווייטן ארט האלט מען זיך נאך אין שלאגן.

— העלפט מיר זיי צונעמען! — רופט פון איין עק דער אידישער דניעוואלנער.

— נו, גיי פרוביר צענעם זיי, — היצט זיך כאווקין. — האבן זיך אנגע'שכור'ט און צעיושעט, זאלן זיי זיך, פון מיינעט־וועגן, אראפדרייען די קעפ! טאקע גלייך מיט אונזערן א סדר!... — קען זיך כאווקין ניט שטילן.

— וועסט שפעטער ריידן — איז אין כעס דער ערשטער — דערוויל העלף!

— יאנקל, טייערער, — קריכט ארויף דער פסקאווער יא־קאוולעוו אויף א אידישן דניעוואלנעם און רופט אים צערטלאך ביים אידישן נאמען — א, יאנקל, דו ביזט אין כעס אויף מיר... כ'וויס, פאר די „גאריאדן“, וואס דו האסט געקראגן צוליב מיר... כ'האב חרטה, וואס כ'האב דיר פאר'מסר'ט. ווי גאט לעבט, איך האב חרטה! זיי מיר מוחל, ס'איז דאך ביי אייך אויך פאסכע... יאנקל, טייערער, זיי מיר מוחל, אט דא טוט מיר ווייַ... — קלאפט ער זיך מיטן פויסט אין הארצן און וויינט מיט אמת'ע טרערן.

— איך האב שוין לאנג פארגעסן, ס'איז גאר נישט. יאקאוולעוו, — וויל זיך באפרייען דער אידישער סאלדאט.

— זיי מיר מוחל!

— פון גאנצן הארצן.

— כריסטאס וואסקרעס! ברודערקע, לאמיר זיך צעקושן! — שרייט אין ווילדער, שכור'ער פרייד יאקאוולעוו און פאלט איינגאנצן ארויף אויפן אידישן סאלדאט.

דעם אידישן סאָלדאַט גיט אַ האַק דער בראַנפן. יאַקאַווּ־לעוום פּנים איז אויסגעשמירט. אין די בלאָנדע וואַנצעלאַך זיינען איינגעפּלאָנטערט שטיקלאַך היי און קעז... אבער אַז איבעראַשטער צוקושט זיך יאַנקל.

— טרינק, יאַנקל! — שלעפּט אַרויס פון קעשענע יאַקאַווּ־לעוו אַ פלעשל — יאַנקל, לאָמיר זיך צוקושן!

דער אידישער דניעוולאַנער לעגט צו דאָס פלעשל צו די ליפּן, יאַקאַוולעוו האָט זיך איינגעגעסן מיט די שכור'ע אויגן אין פלעשל.

— העי־הע, ווילסט מיך אָפּנאַרן, — שרייט יאַקאַוולעוו — ב'זע, עס בולקעט זיך ניט, אין דיין טאַטן... דו מוזט דעם גאַנצן בראַנפן אויסטרינקען, ווי גאָט לעבט, אין דיין טאַטן. דעם גאַנצן בראַנפן...

— יאַקאַוולעוו, שטיי ניט צו, כ'האָב מיט דיר געטרונקען.

— דו מוזט! איינגאַנצן...

— ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ דניעוואַלנער.

— אין זייער טאַטן... וואָס מיר דניעוואַלנער, דו מוזט...

— שפּאַרט ער אים די פלאַש צוריק אין מויל.

— לאָז אָפּ, יאַקאַוולעוו!

— דו האָסט מיך מוחל געווען, כ'וועל ניט אָפּלאָזן, — טרייסלט יאַקאַוולעוו מיטן קאָפּ און כאַפּט אים פעסטער אַרום.

יאַנקל שטופּט אים אָפּ.

ביי יאַקאַוולעוון צעקאָכן זיך די אויגן. ער אַמפּערט זיך. כאַפּט יאַנקלען פאַרן האַנט, פאַרן מונדיר, גייט אים נאָך מיט שכור'ע טריט און רעדט פאַרביסן:

— דו ביזט אַ מאַשעניק, יאַנקל, דו מוזט אויסטרינקען דעם בראַנפן! דו ביזט אַ מאַשעניק, אַלע אייערע. וועסט ניט אויסטרינקען!... ווי גאָט לעבט...

נייען פאַרביי מיט שכור'ע זינגענדיקע קולות א גרופּע סאָלדאַטן, קוקן ווי יאַקאָווליעוו יאָגט זיך נאָכן אידישן סאָל־דאַט, שיסן זיי אַרוים אין א כאַ־כאַ־כאַ... און דער הויכער קוז־נעצאָוו רעדט און שאָקלט זיך:

— הער אויף, יאַקאָווליעוו... ביי זיי אויך פּאַסכע... וואָס איז פאַר א יום־טוב — קריכן אַרום טרוקענע ווי פאַר'חלש'טע פליגן. טפו!...

— כאַ־כאַ־כאַ... — שלעפּט מען זיך אוועק מיט געלעכטער.

# די קאַניושניע

עס איז מיטן־נאַכט.

טונקל־געלע פּלעקן ליכט הענגען אַראָפּ אין פאַרשמוצטע לאַמטערנעס פון נידעריקן באַלקן. זיי הענגען אַראָפּ געציילטע איבער דער לאַנגער פינסטערער געביידע. באַלייכטן ניט, נאָר מאַכן דעם חושך געדיכטער, דעם אומעט נאָך שטאַרקער.

ביי די שמאָלע האַלב־אָפענע פורטקעס אונטערן דאַך, האַלט זיך אין איין רויכערן. דאָס שפּאַרט זיך אַריין מיט קעלט און ווינט די ווינטערדיקע פינישע נאַכט. דאָ, אינעווייניק, איז וואַרעם. דער צעפּאַרעטער ריח פון פערדישן מיסט הענגט שווער אין דער לופט.

אַ ניט־מענטשלאַכע מיטן־נאַכטיקע שלאָפלאָזיקייט הערשט אין קאַניושנע. שטייען אין טונקעלע אָפּצאַמונגען, ווי אין פינסטערע מענטשלאַכע חדרים, וואַכע פערד אין מיטן־נאַכט, מאַכן קיין אויג ניט צו, נאָר שפּיצן די אויערן, שנאָרכן די לופט. ברומען שטיל, טאָפּטשען זיך שווער, גריזשען די קייטן, קייען מיט אַ גרילץ און שרייען זיך איבער.

פיר דניעוואַלנעס זיצן וואַכע אין מיטן נאַכט און הערן זיך איין אין דער מאָדנער, געהיימניספולער ברומעריי און גערײַדעריי, אין דעם כראָפּ און קייטן־קלאַנג, וואָס טראָגט זיך פון אַלע ווינקעלאַך פון דער דומפּער געביידע.

זיצן די פיר דניעוואַלנעס אין מיטן קאַניושניע אין אַ

קרייז. האָט איינער זיך צוגעבויגן, אַרומגעכאַפּט מיט די הענט די קני; אַ צווייטער קייט דעם האָבער פון הויפן; נאָך איינער שטורכעט זיך מיט אַ שטרויעלע די ציין, און דער לעצטער האָט זיך גאָר אויסגעצויגן אויף אַ זייט אויף דער הוילער ערד און איינגעשפּאַרט דעם בליק אין אַ געלן לאָמטערנע פּלעק.

— עך, כ'אָרע בענקעניש!

— וואָסי, סעמיאָנאָוו, אין אַ נאָווינע זיך אַהיים פאַר־וואָלט? — רופט זיך אָפּ סטעפּאַנאָוו — אַ שנץ מיט אַ רונדן גוטמוטיקן פּנים.

— איצט אין דער היים! צווישן מענשן, ליכטיק, ריין, וואַרעם. דאָ שטעק אין דער חושך'דיקער קאַניושניע.

— וואָס פאַר אַ ליכטיק? — לאַכט סטעפּאַנאָוו — וואָלסט איצט געכראָפּעט, ביינקסט נאָך דיין ווייבל...

— אַז נאָך דער ווייבל, איז וואָס?

— זאָג אַזוי.

— גערעכט, — גיט אַ זאָג סתם אין דער וועלט אַריין, און עס זעצט זיך אויף דער אויסגעצויגענער בלאָנדער יעגאָר — אונז איז ערגער ווי אַלע סאָלדאַטן. אַלע צווישן מענשן, און מיר די „יעזדאָוויע“ שטענדיק מיט די פערד.

— אַז מען וויל, איז גאָר גיט אַזוי שלעכט, — רעדט מיטן שטרויעלע אין מויל סטעפּאַנאָוו. — וואָלסט געשטאַנען איצט ערגעץ אויפן פּראָסט... דאָ איז כאָטש וואַרעם.

— אָבער...

— קלאָגסט זיך אויך... — רייסט אים איבער סעמיאָנאָוו — ביזט דאָך „גרוי“, האָסט נאָך סלוזשבע אַ סך... גיט אַזוי, גרינבערג!

— געוויס! — שמייכלט גרינבערג.

— זאָג, גרינבערג, פאַרוואָס האַלט מען דיר אויפן קאַ־

ניושניע? ווען איך בין אזוי געלערנט ווי דו, בין איך אין „אוטשעבנע קאמאנדע".

— אימיצער מוז דאך זיין אויפן קאניושניע... — הויבט ניט אויף גרינבערג דעם ארונטערגעלאזטן קאפ.

— יעגאר, פון הימל אראפגעפאלן, — רופט אויס סע־מיאנאוו — אייערע, די סיבירער, ווייסן טאקע גאר ניט. אידן נעמט מען ניט אין „אוטשעבנע קאמאנדע".

— מיינסט, סעמיאנאוו, א דאגה א גרויסע, — רעדט סטעפאנאוו — מיר האט מען אויך געוואלט שיקן לערנען אין "אוטשעבנע קאמאנדע", מאכן פאר א „וויץ". דערנאך פאר א וזוואדנעם, פריער זאל מען דיר מוטשען און דערנאך זאלסטו מוטשען אנדערע... מוחל, זיך ווי־עס־איז ארויסגעדרייט...

— אבער פארוואס נעמט מען „זיי" ניט? מיינסט כ'ווייס ניט, כ'ווייס זיי זיינען ניט טריי דעם קיסר.

— ביזט א נאר! — האקט אים אפ גרינבערג.

— אז ער זאגט דיר, גלויב!... — לאכט ביי סעמיאנאוון דער פארשפיצטער, אביסל אויסגעקרימטער פנים.

---

איינגעטונקט אין שאטנס פירן די דניעוואלניעס זייער שמועס. און דאס שטילע פערדישע כראפען און געריידערייגיים אלץ אן איבער דער גאנצער גרויס פון קאניושניע. דער־הערט זיך, ווי א מענטשלאכער זיפץ, עפעס א מאדנער קרעכץ, און ס'דוכט זיך אויס, אט וועלן זיך דערהערן מענטשלאכע ווערטער.

— דו פארשטייסט עפעס גוט א פערד, סטעפאנאוו? — פרעגט גרינבערג — אין שטאט איז מיר קיינמאל ניט אויס־געקומען.

סטעפאנאוו כאפט זיך אן:

— הערסט, ווי אַ מענש: קליגער פון אַ מענש. מיר אַליין האָבן געהאַט אַ פערד איז ער געווען קליגער פון אַ מענש.

— זיי זיינען אַקוראַט ווי מענטשן — רעדט ווייטער סטעפּאַנאָוו, — אַט, דאַרפן די פּאָר, מיט וועמען מען זאָל איינעם פון זיי ניט אוועקשטעלן וועט זיין רייסערייען, און זיי ביידע האַלטן נאָר די קעפּ איינע אויף די אַנדערע, ווי טייבעלאַך.

אין מיטן דעם פאַרביסענעם גריזשען דערהערט זיך פּלוצלינג אַ זעץ מיט אַ פּאַדקאָווע אַן וואַנט.

— ווידער שוין האָט זיך צושפּילט אַ פערד, — זאָגט סעמיאָנאָוו.

— ניט ביינאַכט רעדנדיק, — רעדט ווייטער סטעפּאַנאָוו — וואָס קען מען וויסן? די פערד, ווי די פערד, אָבער אַרום די פערד ווייסן מיר גאָר ניט... אַט, האָט אַ פערד פּלוצלונג דערלאַנגט מיט די הינטערשטע, פאַרוואָס? וועמען? מיר זעען ניט, אָבער זיי זעען. ס'אי ניט אומזיסט...

— וואָסי? — פרעגט גרינבערג.

— אַט, ביי אונז אין שטאָל, אין דאָרף, כ'קום אין דער פרי, איך זע דער פערד איז שליוך נאַס, אין גאַנצן אין שוים. הערסט, געשטאַנען אין שטאָל און אין גאַנצן אין שוים. ווי מיילן געלאָפן... פּאַכעט מיט די זייטן...

— ווי קען עס זיין? — פרעגט גרינבערג.

— הערסט, דאָס דערציילט מען דאָך דיר! ווייסט גאָר ניט?

— כ'האָב געהערט, נאָר אַז דו אַליין דערציילסט...

— און ביי אונז האָט מיין זיידע אַליין געפונען צוויי מייוולשע פינגער אין שטאָל. אַ גבור אַ פערד געווען. דערלאַנגט אַ זעץ דעם ניט־גוטן און אים אָפּגעבראָכן צוויי פינגער.

ווי שטיינערנע זיינען זיי און פארשפיצטע. מען האלט זיי ביי אונז ביז היינטיקן טאג, ס'איז מזל'דיק.

ווידער דערהערט זיך א שטילער פערדישער רוף, ווי א קרעכץ.

— פונדעסטוועגן, — רעדט סטעפאנאוו — שטומע באַשעפענישן, א רחמנות אויף זיי, זעען קיינמאל קיין לאנקע ניט אן.

— דיר איז בעסער? — פרעגט סעמיאנאוו.

— דאס זאג איך דאך.

— ניין, ברודערל, — הויבט אן סעמיאנאוו רעזאנירן — דיר איז טויזנט מאל ערגער, א פערד איז א פערד, און דו ביזט פאראנטווארטלאך אי פאר זיך, אי פארן פערד, און וואס פאר א ווערט האסטו ביי נאטשאלסטווא קעגן פערד?

— אט ביי מיר דארטן די „סטערווע" שוין צוויי סאלדאטן דער'הרג'עט און מען האלט עם אין קאניושניע און מען מוז זעקס מאל אין מעת-לעת נאך ארייננקריכן צום טייוול.

— דוכט זיך טריט אין דרויסן, — כאפט זיך מיט אמאל יעגאר, — לאמיר זיך צעגיין איבער די „ווזוואדן".

אלע הערן זיך צו:

— קיינער.

— דאך, לאמיר זיך צעגיין... — באשטייט יעגאר אויף זיינס — זאל מען אונז ניט פאקן צוזאמען.

— מסתמא דער ווינט, אדער א פערד האט זאכט א טראט געטאן.

— דאך, לאמיר גיין...

— לאמיר גיין צוזאמען. אליין איז עפעס אומעטיג.

— טאמער קומט אן דער שטאבס-קאפיטאן?

— יעגאר, ביזט „גרוי", האסט נאך ניט אין זיך דעם

סאָלדאַטסקן פּונק, האַלטסט אין איין ציטערן, — מוסר'ט סעמיאָנאָוו.

— לאָמיר דורכגיין.

דומפּ און פאַרשטיקט קלינגען אַפּ די טריט אין דער ני־דעריקער געביידע. די וואַכע פערד שפּיצן נאָך מער אַן די אויערן, דרייען אום די קעפּ, ווערן שטיל, ווי זיי וואָלטן ניט געוואָלט, אַז די דניעוואַלנעס זאָל הערן זייער אַפּרופן זיך און גערייַדעריי.

— אַ, „סטערווע"! — ווערט מיט אַ מאָל אין כעס און עס שטעלט זיך אָפּ יעגאָר, — שוין ווידער דאָס פון אונטער אים — איך וועל דיר ווייזן... — כאַפּט ער אַ פּאַסטראָנעק.

דער פערד שטרעקט די אויערן, הויבט אַן נערוועז פלאַנטערן מיט די פיס. ער ווייס וואָס דעם דניעוואַלנעמ'ס ווערטער מיינען, און ער קוקט מיט שרעק פון דער זייט, דרייט דעם קאָפּ הינטער זיך.

— נאַ, „סטערווע"! — קריגט ער אַ כליאַשטש מיטן פּאַ־סטראָנעק.

אַ זעץ מיט די הינטערשטע פיס.

— אַזוי נאָר... — צעקאָכט זיך יעגאָר, — וועסט מיט די הינטערשטע, טו נאַ דיר...

דער אָנגעסמאַליעטער שטריק טרעפט אין די פילבאָרסטע ערטער. דער פערד הירזשעט ווייטאָגליך, שפּרינגט, זעצט מיט די פיס.

אַ ציטער לויפט דורך די גאַנצע קאַניושניע. פערד צע־שפּרייטן די נאָזלעכער, אָטעמען קורץ, נערוועז, אָפּגעהאַקט, ווי פון האַסטיקן לויפן. נאָך איינער האָט ערגעץ אויסגעשאָסן מיט די פיס אין וואַנט.

דער פּאַסטראָנעק פּאַסעוועט.

— וואס האסטו זיך איינגעגעסן? — גיט אים א כאפ גרינבערג ביים האנט.

— לאז אפ, יעגאר, געגוג! — האלטן מיט גרינבערגן די אנדערע — ס'וועט נאך בלייבן א סימן. זעסט, ווי די פערדלאך האבן זיך ביי דיר צעשפילט.

— אז ניט האב איך מורא?... — רימט זיך אוים יעגאר. נאך מיטן פאסטראנעק אין האנט, — כאפט עס דער רוח, נאך א סך צו דינען.

דאס ארומקוקן גייט אן וויטער דומפ און שטיל. די דניע־וואלנעס גייען און מאכן באמערקונגען:

— זעסט, ווי זיי האבן ארויפגעלייגט די קעפ איינע אויף די אנדערע, לעקן זיך... סטעפאנאוו, דאס איז דאך דיין „וזוואד".

— געוויס, אז אייביקע ליבשאפט. ווי צוויי שוועסטער האלטן זיי די קעפלאך איינער ביי דער אנדערער און לעקן זיך. צוויי קליאטשעס — אויף אן ארט! — גיט ער פלוצלינג א געשריי.

דיביידע פערד כאפן פאנאנדער די קעפ און ווארטן ביז די דניעוואלנעס גייען פארביי.

— און דער... — טייטלט מיטן פינגער סטעפאנאוו — אט דער קארער, איז דאס א גנב, איז דאס א ווייסל פון אויג. דער העל איז אים קנאפ. קוקט, קוקט! הא, דו, — רעדט ער שוין צום פערד — דו עסט שוין ווידער יענעמס האבער? קנאפ איז דיר דיין אייגענער? יעגאר, גיב נאר דעם פאסטראנעק...

— און אליין קען איך ניט? ווארט...

דער פערד כאפט אריבער דעם קאפ צו זיך אין פאר־צוימונג. ביי אים פון מויל שיט זיך דער גע'גנב'עטער האבער. ווי ער וואלט אים געוואלט אויסשפייען.

די עקזעקוציע הויבט זיך אן איבער א נייעס. ווידער צעשפרייט זיך די אומרו איבערן קאנוושניע: פערד פארשקעז, כריפען און רייסן זיך פון קייט.

מען גייט ווייטער.

— מיר קומען דא באלד צום „אסטראנאם", רעדט שוין איצט סעמיאנאוו אין זיין „ווזוואד" — איך ציטער פאר אים. ווי פאר פייער. איינס — צוויי און ער וועט דיר דער'הרג'ענען.

— טאקע אמת, אז ער האט צוויי סאלדאטן דער'הרג'עט?

— פרעגט יעגאר.

— זיכער, אמת. — ענטפערט סעמיאנאוו — אט איז ער!..

א רויט שילדל מיט דער אויפשריפט: „פארזיכטיק" גיט זיך א ווארף פון דער טונקלקייט אין די אויגן. אלע שטעלן זיך אפ. פארזיכטיק קוקט מען אריין אין דער שווארץ־טונקעלער אפצוימונג. א גרויסער האריקער קאפ דרייט זיך אום. איין אויג, גרויס, רויט, קוקט אויף זיי פון דער זייט ווייט־אפן, וואך. מען קוקט זיך אן. דער פערד האט מיט א מאל אויפגעהערט קייען. די צעלאזטע פערדישע אויערן האבן א ציטער געטאן און נעבליבן שטיל פארשפיצט, אומבאוועגלאד. עפעס האט זיך דער גאנצער פערד ווי איינגעגראבן שווער און אומגעלומפערט, כאר איין הינטערשטע פוס האט זיך קוים, קוים איינגעצויגן, זיך אויסגעבויגן און אזוי געבליבן אויפן שפיץ קאפיטע.

— און ווייסטו ווי? — זאגט סעמיאנאוו — ביים אריינגיין גארניט, אריינלאזן צו זיך, לאזט ער, אבער ווי ער דערשמעקט נאר, אז דו גייסט ארויס, אז ער קען דיר גרייכן מיט א פאד־קאווע — א זעץ און דו ביזט א פארפאלענער. איך מוז אים שטענדיק האלטן אויף א קורצע קייט.

— דערלאנגען? — פרעגט יעגאר, גרייט מיטן פאסטראנעק אין האנט.

— ווילסטו ער זאָל מיך נאָכדעם דער׳הרג׳ענען?

— איך וואָלט אין מיין ווזוואַד אַזאַ פערד ניט געוואָלט האָבן.

— ער, ברודערקע, — רימט זיך שוין סעמיאַנאָוו, — מען וואָלט דיר אים גאָר ניט געגעבן. אַזאַ פערד ווייס מען וועמען צו געבן. אָט, פּרובירט, מאַכט אַ וועט, גייט אימיצער פון אייך אריין צו אים...

— ווייז אַליין...

— אַ גרויסע זאַך ביי מיר, קוקט...

— לאָמיר זען...

— „אַסטראַנאָם", „אַסטראַנאָמטשיק"... — טרעט צו סע־מיאַנאָוו און רופט אים ליבלאַך ביים נאָמען — וואָרט, איך ברענג דיר אַ הויפן האָבער... — שטעלט ער אָן אַ גאָרסט. — אָן אַ זייט! — קאָמאַנדעוועט ער אים פריינדליך.

דער פערד קוקט זייטיג מיט איין גרויס אָנגעגאָסן אויג און רוקט זיך צו מיט איין זייט צום וואַנט. פאַרזיכטיג און גע־שיקט וויקלט זיך סעמיאַנאָוו אריין אין דער פאַרצוימונג, איצט האַלט ער אים שוין פעסט אונטערן צוימל, קלאַפּט אים איבערן האַלז, גלעט אים די מאַרדע, טראַגט אים צו אַ הויפן האָבער פון קאָרעטע: „אַסטראַנאָם", „אַסטראַנאָמטשיק"!

פּאַמעלאַך, הינטערווייילאַכץ, נעמט זיך סעמיאַנאָוו אַרויס־שאַרן פון פאַרצוימונג. דער איין אָנגעגאָסענער גרויסער אויג קוקט אים נאָך.

— אָן אַ זייט! — רעדט סעמיאַנאָוו און גלעט אים דעם רוקן.

דער פערד רוקט זיך ווידער אָפּ צום וואַנט. דער איין אויג קוקט זייטיג נאָך סעמיאַנאָווס יעדע באַוועגונג. די דריי שטייען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם; אָט דאַרף סעמיאַ־

נאָך דורך דעם געפערלאַכסטן אָרט. דוכט זיך, ער הויבט די פוס — ער וועט אים אַ בריק טאָן...

אָבער סעמיאָנאָוו איז פלינק אַרויס און שטייט שוין לעבן זיי. נאָר דער איין אָנגעגאָסענער רויטער אויג קוקט נאָך אַלץ נאָך, זייטיק, וואך.

— איר זעט? — קרימט זיך מיט נצחון סעמיאָנאָווס שפּיציקער פּנים. — נו, פּרואווט איר עמיצער פון אייך, איר וואָלט געקענט?

— ווער ווייס... — גיט אַ זאָג סטעפּאַנאָוו.

— פּרואוו, איך וועט זיך מיט דיר אויף וואָס דו ווילסט.

— איך וויל זיך ניט וועטן.

— יעגאָר, דו ווילסט? — גייט אַריין סעמיאָנאָוו אין אַזאַרט.

— משוגע...

— שרעקסט זיך... אפשר דו, גרינבערג? — לאַכט מיט נצחון סעמיאָנאָוו, — נאָר „איר" האָט דאָך פאַר אַלץ מורא.

— איך וועל אַריין, — זאָגט גרינבערג פון העכער הויט. ווי ער וואָלט געכאַפּט אַ שמיץ.

— איך וועט זיך מיט דיר אין וויפיל דו ווילסט אַליין...

— פאַרשפּאַרסט זיך וועטן. איך גיי אַריין. — רעדט גרינבערג מיט פאַרבאַהאַלטענער עקשנות.

— איך בין פאַר דיר ניט פאַראַנטוואָרטלאַך, אַט פאַר עדות... רעדט שוין ערנסט און אַביסל צעשראָקן סעמיאָנאָוו.

— אָן אַ זייט! — קאָמאַנדעוועט שוין גרינבערג דעם פערד מיט אַ מאָדנער שטים.

דער פערד טרעט צו צום וואַנט. אין אָפענעם דורכגאַנג טרעט אַריין גרינבערג. עפּעס מאָדנע געלאָסן גייט ער פאַרביי דעם פערד. ער נעמט אים אונטערן ציימל, פאַרקוקט אים אין

די אויגן, לאַסטשעט אים די האַלז, קאַמט אים מיט די פינגער די גריווע...

מיט אַנגעשפּיצטע אויגן שטייען די דריי.

— אַן אַ זייט! — קאַמאַנדעוועט ווידער גרינבערג. דער פערד רוקט זיך אָפּ. אַ רויט אַנגעגאָסן אויג קוקט זייטיק נאָך. גרינבערג גייט מיט געמאָסטענע טריט גלייך פאַר זיך. אָט איז ער ביי די הינטערשטע פיס.

— אַך! — רייסט זיך אַרויס אַ געשריי ביי אַלע דריי. עס דערהערט זיך אַ זעץ אין וואַנט, אָבער גרינבערג מיטן בלייכן פּנים און גליענדיקע אויגן שטייט שוין לעבן זיי ניט קיין אָנגע־רירטער.

— גאָט האָט דיך געראַטעוועט! כאַפּט אים אָן סעמיאַ־נאָוו, — איין האָרעלע און דו וואָלסט געווען אַ פּאַרטיקער.

— זעסט, אַז ניט... — רעדט מיט אַן איבערגעטריבן רואיק קול גרינבערג. און כאַפּט אָן יעגאָרן פאַרן האַנט, וואָס האָט ווידער פאַנאַנדערגעוויקלט דעם פּאַסטראָנעק און אָנגעהויבן שרייען: „סטערווע, דו וועסט בריקען, דו וועסט הרגענען?“

— לאָז, לאָמיר גיין.

---

זיצן די פיר דניעוואַלניעס איינגעטונקט אין שאָטנס און פירן זייער שמועס.

און סעמיאָנאָוו ווידער:

— עך, סאַראַ בענקעניש!

— שוין ווידער דיין ווייבל? — לאַכט סטעפּאַנאָוו.

— דיר איז גוט צום לאַכן. ביזט איינינקער אַליין, ווי דער ווינט אין פעלד.

דורך דער געברומעריי און קייטן־קלאַנג שניידט זיך ווי־דער דורך דער שטילער קרעכציקער רוף.

— ריכטיק ווי אין טרייב־צייט, — הערט זיך צו סטעפּאַ־נאַוו ? — אַלעמען איז דאָ שלעכט, — ווערט ער ערנסט, — שטומע באַשעפעניש...

— הערסט ? — ניט אים אַ שטורך יעגער — הערסט ווי זיי רופן זיך דורך ?

— אפשר צולאָזן, אַ ? — גלאַנצן אויף די אויגן ביי סעמיאַנאָוון.

— ווילסט „פּאָר סוד"?

— ווער וועט עס וויסן ?

— מאַקע צולאָזן... — זאָגט יעגער.

— הערסט ? — הויבט זיך אויף סעמיאַנאָוו גרייט.

אַ מינוט שווייגן אַלע, הערן זיך צו.

— אַז דער קאָמאַנדיר וועט זיך נאָכדעם אַרומזען, — רייסט איבער דעם שווייגן סטעפּאַנאָוו, — וועט ער דאָך אונז פּאַרמוטשען.

— וואָס וועט ער זיך דערוויסן ? — האַלט זיך ביי זיינס סעמיאַנאָוו. — פון וואַנען וועט ער וויסן אין חדשים אַרום ווער און וואָס ?...

— וואָס זאָגסטו, גרינבערג ?

—טוט ווי איר ווילט...

— דער קאָמאַנדיר וועט אונז נאָך ווייטער וועלן מכבד זיין מיט אַ קיזשאַקל אויף אַ מאַלצייט, — לאַכט שוין סטעפּאַ־נאָוו.

— וואָס איז געווען ? — פרעגן גרינבערג און יעגער.

— אין קאָניושניע איז געבאָרן געוואָרן אַ קיזשאַק. עס איז געווען הימל עפן זיך.. דער קאָמאַנדיר האָט געסטראַשעט אוועקצושיקן אַלע דניעוואָלנעס אין דיסציפּלינאַרנע באַטאַ־ליאָן און פּלוצלונג געהייסן צונויפקלייבן די גאַנצע באַטאַרעע.

מיר האָבן זיך געשראָקן. און ער מיט זיין ווערטל : „קאַנאַ־ליעס, איך שענק אים אייך ; אָט, קאַנאַליעס, וועט איר דאָס האָבן אַ מאַלציים פון קיזשאַק־פליייש !"

ער האָט געמיינט, אַז מיר וועלן אַלע ווי איינער אַ דונער טאָן : „מיר דאַנקען אונטערטעניק", אָבער ווי מיר האָבן דערהערט מיט וואָס ער וויל אונז מכבד זיין, איז געוואָרן געזאָלצן אין מויל און מיר האָבן געשוויגן. האָט איר דאָס ברידערלאַד באַ־דאַרפט זען זיין כעס. ער האָט זיך געוואָרפן און געשליידערט. אַליין איז ער אַ סיבירער...

— הערט ! הערט ! — צאַפּלט זיך אויף סעמיאָנאָוו און פאַלט אַריין אין שמועס.

דער שטילער קרעכצנדיקער רוף שניידט זיך ווידער אויס פון דער גריזשעריי און קייטן־קלאַנג און פילט אָן די קאַ־ניושניע.

— דאָס איז „פילאַנטראָפּ" און „דאַטשקע" — זאָגט סטע־פאַנאָוו.

— קומט, לאָמיר צולאָזן... — בעט זיך מיט צעבראָכענע אויגן סעמיאָנאָוו ביי די איבעריקע.

סעמיאָנאָוו שטייט שוין ביים „פילאַנטראָפּ". דער אָגער דרייט דעם קאָפּ און שנאָרכט אין אויפרעגונג די לופט. די קלוגע פאַרשטאַנדיקע אויגן זיינען אָנגעפילט מיט גלוט און בלינדן רייץ. סעמיאָנאָוו פירט אים אונטערן צוים אין דורכגאַנג אַריין. די אָנגעגאָסענע אָדערן אויף די פאַכוועס פון די פיס ציטערן פון אויפרעגונג, ווי אָנגעצויגענע סטרונעס איבער וועלכע מען האַלט אין איין פיקן. ער שפּרינגט, הויבט זיך אין דער לופטן. סעמיאָנאָוו מיט ביידע הענט פאַרקרעמפּט אין צוים שרייט אין אויפרעגונג :

— סטעפאַנאָוו, פיר אַרויס, פיר זי אַרויס !

# פון אַ בריף

...דו פרעגסט מיך, מיין ליבע, פאַרוואָס איך שרייב דיר ניט פון מיין לעבן אין קאַזאַרמע. מיט קיין איין וואָרט, זאָגסטו, דערמאָנסטו ניט דיין איצטיקן לעבן און באַקלאָגסט זיך, אַז „ס'איז שווער, עס איז ביטער ניט צו וויסן וואָס מיט אַ נאָענטן מענטשן טוט זיך אין אַזאַ אומבאַקאַנטער, פרעמדער וועלט".

עס איז אמת, אַז איך האָב אויסגעמיטן דיר צו שרייבן וועגן דער קאַזאַרמע. איך האָב געמיינט, אַז ערגער פון ניט וויסן איז צו וויסן די ריכטיקייט און נאָר צוליב דעם האָב איך פאַר־שוויגן.

נאָר דו פאָדערסט איצט פון מיר, דו באַשטייסט, אַז איך זאָל דיר גראָד שרייבן פון מיין גרויען טאָג־טעגלאַכן לעבן אין דער רוסישער קאַזאַרמע, ערגעץ אין פינלאַנד.

גוט, איך וועל דאָס טאָן.

אָבער מיין ניט, מיין ליבע, אַז ס'איז גרינג וועגן דעם צו שרייבן. איך ווייס ניט, צי דו וועסט קענען באַקומען אַ קלאָרן באַגריף, אַ ריכטיקע פאָרשטעלונג, וואָס פאַר אַ מין לעבן דאָס איז, וואָס איך וואָלט זייער געוואָלט, אויב איך שרייב דיר שוין. מיר דוכט, אַז פאַר אַ זייטיקן איז דאָס גאָר אוממעגלאַך צו באַ־גרייפן, ריכטיקער, צו דערפילן: אַז דאָס איז אַזוינס, וואָס מען מוז אַליין דורכלעבן און דורכמאַכן.

נאָר איך וועל פּרובירן דיר שילדערן איין טאָג, נאָר איין טאָג

פון מער פון דריי יאָר, פון יאָרן, וואָס האָבן באַראָפּט זיין די שענסטע אין מיין לעבן (און נאָר פון מיינעם?). דאָס זיינען דאָך די בעסטע יאָרן פון יוגנט און מענערשאַפט! אָבער איך פאַרברייננ זיי אין פינצטערניש, אין שנאה און גרויסע נשמה ליידן...

איין טאָג איז דאָ געראָטן אין אַנדערן, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, און מאַנאָטאָן און איינאַרטיק, ווי טראָפּנס וואַסער קאַפּען די טעג אַראָפּ פון מיין לעבן און ווערן פאַרלאָרן אין אַ וויסטן זאַמד. נאָר איין טאָג דאַרף איך באַשרייבן און אויב עס וועט זיך מיר איינגעבן, וועסטו קענען אַלע איבעריקע. וועסט זען אַנדערע סאָלדאַטן, וועסטו זען מיר. וועסטו זען מיר, וועסטו שוין זען די אַנדערע.

נאָר פאַרגעס ניט אויף איין מינוט, אַז צווישן מיר און אַנ־דערע איז דאָך פאָראַן אַן אונטערשייד, אַ גרויסער אונטערשייד. פאַרגעס ניט, אַז איך בין אַ א י ד אין דער ר ו ס י ש ע ר קאַ־זאַרמע נאָך די רעוואָלוציאָנערע יאָרן פון 1903—1906.

נאָר דערוואָרט ניט קיין געטרייע שילדערונג. עס איז אוממעג־לאַך. מיין ניט, אַז די קאַזאַרמע איז אַזוי איינאַפך, ווי עס דוכט זיך. דער בייזער מזל האָט דאָ צונויפגעיאָגט און צונויפגעטריבן מענטשן פון אַלע עקן פון דעם גרויסן רוסלאַנד. מענטשן פון פאַרשיידענע אמונות, נאַציאָנאַליטעטן, שפּראַכן. אַ סך פון זיי זיינען ניט בלויז דער קאָנטראַסט, נאָר אין גאַנצן ווייט, פרעמד איינער דעם אַנדערן.

זיי מעגן וואוינען אונטער איין דאַך, טאָג איין, טאָג אויס עסן פון איין באַטשאַק — פון דעם קופּערנעם סאָלדאַטסקן קעסעלע, זיי מעגן דורכמאַכן די אַלע פּלאָגענישן און דורכלעבן די גאַנצע ביטערניש פון קאַזאַרמע־לעבן, זיי בלייבן דאָך פרעמד איינער דעם אַנדערן. אפילו צרות און פרייד פאַרשטייען זיי

אַנדערש. ציטנוויז קוקט עס מיר אויס משוגע'דיק, וואָס זיין פון איין לאַנד זאָלן זיין אַזוי אָפּגעשטאַנען איינער פון אַנדערן, אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן, אַזוי פיינדלאַך און אפילו דער־ווידער...

אין קאַזאַרמע געפינסטו אַלץ: די טומלדיקע, איבערגעשפּיצ־טע שטאָט און דעם אומוויסנדן, אַבערגלויבישן דאָרף, די ווילדע ווילדערניש און די צעלאָזענע עפנטלאַכקייט, אַ שרעקלאַכן פאַנאַ־טיזם און פולשטענדיקע אפיקורסות, כוליגאַניזם און מערקוויר־דיקע ריינקייט. בא איין סאָלדאַט איז די פאַרגאַנגענהייט אַ פאַרוויקלטע, אַ פאַרפּלאָנטערטע, באַם צווייטן עפּעס אַ קינדערשע, אַ נאַאיווע. ווער עס זיינען זין פון די „היסטאָרישע יאָרן" און ווער עס האָט אָפּגעלעבט אין פולער אומוויסנהייט.

און דאָס אַלץ איז צונויפגעטריבן אין איין פּלאָנטער און צו־געדעקט מיטן גרויען שינעל. אַלץ איז גרוי און פאַרדעקט. אַלץ מוז זיין גרוי און פאַרדעקט. די בעסערע מוזן זיין איינזאַם און פאַרשלאָסן. זיי באַהאַלטן טיף אין זיך די אייגענע געדאַנקען און געפילן. און אַז מען באַהאַלט און מען באַגראָבט, ווערן ציטנוויז געפילן אין גאַנצן אָפּגעטעמפּט, דערשטיקט... דער בעסערער ווערט אויך דורכאויס גרוי — בלויזער שינעל.

איך האָב געזען, ווי סאָלדאַטן האָבן אומבאַמערקטערהייט פאַרלאָרן זייער גייסטיק גוטס, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט. איינע זעען אַליין וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם, אַנדערע ווידער האָבן ווייניק וואָס אַזאַ באַגאַזש געהאַט, פאַראַן דאַ אפילו אַזוינע, וואָס האָבן מענטשלאַך בלוט אויף זייער געוויסן. און עס דאַרף טרעפן אַ נס, אַן אמתער נס, אַז איינעמס נשמה זאָל ווערן וואַך אין קאַזאַרמע, כאָטש אַזוינס האָב איך שוין אויך געזען.

מען לעבט דאָ אָפּ צוואַנציק די בעסטע יונגע יאָרן און שפּע־

טער צעלויפט מען זיך. מען גערייגקט ניט און מען פארגעסט איינער דעם אנדערן. דער צוואנג האט צוזאמענגעבראכט און דאס פרייע לעבן וועט צעשפרייטן.

אזא לעבן איז שווער צו מאכן פילן דעם זייטיקן. צייטנווייז איז עס אויך ניט ליב צו טאן. איך וועל נאר ארויסכאפן פון פלאנטער א פאדים דא, א פאדים דארט; איך וועל אנווארפן אויפן פאפיר נאר שטריכן, פלעקן, וואונקען. טראכט זיך אין זיי אריין, אמאל לייען צווישן די שורות און דו וועסט אפשר דער־פילן, וואס איך, דער אידישער סאלדאטן און איבערצייגטער געג־נער פון מלחמה, לעב איבער אין דער רוסישער קאזארמע.

וועט דיר אויסקומען עפעס מיאוס און ציניש, ווייס, אז די ווירקלאכקייט איז נאך מיאוסער און ציניש. זאלסט ניט מיינען, אז איך איבערטרייב, אז איך מאך שווארצער די פארבן, פארקערט, ניט אלץ קען איך שרייבן און ניט אלץ וויל איך שרייבן... אמאל ווייס איך אליין ניט, איך קען זיך אליין ניט פארנאנדערקלייבן. איין זאך פיל איך נאר: אז דא אין קאז־זארמע קרעמפט זיך א געפענטעטער, איינגעשמידטער יונגער לעבן — דאס יונגע לעבן פון יונגע מענטשן.

דו פארשטייסט געווים, ווי ווייט מיר, דעם איבערצייגטן געגנער פון קריג, איז דורך און דורך דערווידער די קאזארמע — אט דער האדולניק פאר קריג. דער שרעקלאכער פאר מיר גע־דאנק, דוכט מיר, קריכט גארניט ארוים פון מיין באוואוסטזיין, באטש, ווי דו ווייסט, איז אויפן פאליטישן האריזאנט שטיל און מיר אליין לעבט זיך אפשר בעסער אין פארגלייך מיט אנדערע סאלדאטן, מיט אנדערע אידישע סאלדאטן געווים, און דאך קען איך פון דעם געפיל ניט פטור ווערן.

און מערקווירדיג: דאסווארט מלחמה ווערט אין קאזארמע ווייניק וואס דערמאנט. עס איז מאדנע, אז צוליב וואס מען

האלט זיי דא דערהויפט, ווען דעם ריידן די סאָלדאַטן ניט. עס קוקט אויס, אַז דער געדאַנק פון מלחמה איז זיי ווייט און פרעמד, ווי עס איז ווייט און פרעמד אַ יונגן געזונטן מענטשן דער געדאַנק פון טויט.

אָבער יעדע רגע פון מעת־לעת איז דאָך אויסגערעכנט אויף צו לערנען די מלחמה־שטיק, צו קענען פאַרגיסן בלוט, ווערן געוואוינט צו דעם. ניט שוין, מיינסטו, פילן עס ניט די סאָל־דאַטן ?

זיי פילן דאָס. נאָר דעם געדאַנק פון מלחמה פאַרטרייבן זיי אין דער טיפסטער טיפעניש פון באוואוסטזיין. אָבער טראָגט זיך נאָר אַדורך אַ קלאַנג, גיט אַ שימער אויפן פּאָליטישן האָרי־זאָנט דער בלוטיק־רויטער פייער־ל פון מלחמה, גאָט, מיט וואָס פאַר אַ טראַגישן אָפּשיין עס גלאַנצט אָפּ בא די מערסטע סאָלדאַטן אין די אויגן !

די בייגקעניש אַהיים איז אַ שרעקלאַכע. קריסט און איד בייגקען צוגלייך. ווי אַרעסטאַנטן, נאָך מיט מער בייגקעניש, ציילן די סאָלדאַטן די חדשים, די טעג, די שעה'ן פון זייער צוריק־קער אַהיים.

בא די סאָלדאַטן איז די קאַזאַרמע אַ געפיינקעניש. דאָס שווערע, געמאַטערטע לעבן לאָזט זיך פילן. מענטשן ווערן פאַר־ביטערט, נקמה'דיק, און שוין צו דרייסט פון פאַרצווייפלונג און בייגקעניש. ווי אין אַ טורמע טרייסט מען זיך דאָ מיט ניט גע־שטויגענע און ניט געפלויגענע האָפענונגען, מיט אַלערליי קלאַנ־גען, אָדער גאָר מיט דער ווילדער האָפענונג, אַז מען וועט קראַנק ווערן, אָדער עפּעס וועט זיך טרעפן, מען וועט ברעכן אַ האַנט, אַ פוס, מען וועט כאַפּן אַ גוטע קריינק און באַפרייט ווערן פון דינסט...

די גאַנצע סאָלדאַטסקע תורה, וואָס מען לערנט די סאָלדאַטן

פון מושטירן ביז „סלאָוועסנאָסט“, דרייט זיך אַרום דער סאָל־דאַטישער דיסציפּלין — דער העכסטער אויסדרוק פון מענטשלאַ־כער דערנידערונג. די סאָלדאַטישע דיסציפּלין איז אַ ברוטאַלע קונצשטיק, וואָס שרויפט ביסלאַכווייז אַיין אפילו די פּרייסטע נשמה. פריער דערשלאָגט מען אין סאָלדאַט דעם מענטשן; מען זעט, אַז גלייך פון אָנהויב זאָל ער פאַרלירן זיין אי ך, זיין זי־כערקייט אין זיך, זיין מענטשלאַכן ווערט. אים, דעם דערוואַק־סענעם, הויבט מען אָן איבער אַ נייס לערנען און מאַטערן ווי צו גיין, ווי צו ריידן און ווי צו האַלטן זיך. געוואוינהייטן, שפּראַך, גאַנג, פון זיין פריערדיקן פרייען לעבן ווערט דאָ מיט דער גרעס־טער אכזריות אויסגעוואָרצלט. מיט דעם צוזאַמען ווערט אַ טיפע שרעק איינגעפלאַנצטביין סאָלדאַט אין האַרצן — ער זאָל ווערן די געהאַרכזאַמסטע באַשעפעניש, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט.

ער איז אונטערגעוואָרפן אונטער אַ גאַנצער פּיראַמידע פון עלטסטע און נאַטשאַלניקעס און יעדן עלטסטן און נאַטשאַלניק מוז ער אָפּגעבן „טשעסט“ — הויבן די האַנט צום דאַשעק. איך האָב אַנגעכאַפּט אַזאַ קלייניקייט, ווייל עס איז לעבערלאַך. צום אָנהויב איז עס טאַקע קאָמיש: טאַקע, צי זיך אויס, הויב די האַנט צום דאַשעק און גלאָץ אויף יענעם די אויגן... אָבער ביס־לאַכווייז ווערט די צום טויזנטן מאָל איבערגע׳חזר׳טע אויסער־לאַכע באַוועגונג אַן אינערלאַך געפיל. אַ מענטש, ווייזט אויס, קען ניט פאַרליידן צו טאָן אומזיניקע זאַכן. און אויב ער איז פאַרט געצוואונגען צו טאָן אַן אומזין, הויבט ער אָן אין דעם גע־פינען אַ זין... דער הויבן כסדר די האַנט פאַר „טשעסט“ מאַכט, אַז דער סאָלדאַט הויבט אָן צו פילן, אַז דער נאַטשאַלניק איז טאַקע עפּעס גרעסער פון אים אַליין. געוועזענע סאָלדאַטן האָבן מיר דערציילט, אַז ווען זיי זיינען שוין געווען אַרויס פון דינסט

און שוין געטראָגן ציווילע קליידער, האָט זיי נאָך גענומען אַ לאַנ־
גע צייט, ביז זיי האָבן זיך אָפּגעוואוינט פון וועלן אָפּגעבן
„טשעסט", ווען זיי האָבן דערזען אַן אָפיציר אין גאַס.

אָבער באַזונדערס ליידט דער איד און דווקא דער איינפאַכער
— דער איד פון אַ גאַנץ יאָר. געוויינלאַך ליידן אַנדערע פעלקער
אויך. עס ליידן פּאָליאַקן, מאַכמעדאַנער און די אַלע אַנדערע,
וואָס גייען אונטערן נאָמען „אינאָראָדצעס". פּאָליאַקן ליידן גאָר
אַ סך, אָבער דער פּשוטער אידישער סאָלדאַט ערגעץ פון תחום,
ווען עס קומט אים צום ערשטן מאָל אַריינפאַלן אין אַ קריסט־
לאַכן ים — טרינקט זיך גאָר אין פאַראַכטונג און שפּאָט. באַ־
זונדערס ליידט ער פון דער „נידעריגערער נאַטשאַלסטוואָ" און
פון יענע סאָלדאַטן, וואָס זיינען אַ אידן אַ שונא.

געוויס קומט דער קורס פון דער העכערער נאַטשאַלסטווע,
פון אויבן שטראָמט עס די שנאה און די פאַראַכטונג צום אידישן
סאָלדאַט, אָבער זיי זעט ער זעלטן — אַמאָל אויף אַ פּאַראַד, אויף
אַ „סמאָטר". אָבער מיט די קליינע קומט אים אויס צו זיין טאָג
און נאַכט און זיי פאַרביטערן אים און פאַר'סמ'ען אים דעם
לעבן.

אויב דער אידישער סאָלדאַט האָט אויף דער פריי ניט גע־
נומען אַן אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז ער
גאָר פאַרלאָרן. ער פאַרשטייט ניט און באַגרייפט ניט די אומ־
זיסטע שנאה, מיט וועלכער ער ווערט פאַרפּלייצט.

אפילו איך, וואָס ווייס שוין די קוואַלן פון איצטיקן אַנטי־
סעמיטיזם, וואָס בין ניט רעליגיעז, וואָס בין געוואוינט צו קריסטן,
וואָס קאָן מיין שטעטל באַשטיין און בין מער צוגעגרייט זיך צו־
פּאַסן צו דער קאַזאַרמע, אפילו איך פיל ציימנווייז, אַז איך שטיק
זיך און ווער דערשטיקט.

אַט הער אַ פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען די טעג. ווי דו

וועסט זען, איז עס אַן אויסנאַם־פאַל. אָבער וואָס איך האָב בשעת מעשה איבערגעלעבט וועסטו זיך קענען פאָרשטעלן.

איך בין אין קאַראָול, זײַ אין „קאַראָולנע פּאָמעשטשעניע" און וואַרט אויף מײַן רייע צו גיין אויפן פּאָסט. עס איז אַ ווינ־טערדיקע מיטן־נאַכט. אין „פּאָמעשטשעניע" איז שרעקלאַך אָנ־געהייצט. דער הייננ־לאָמפּ טשאַדעט. דער איינציקער פענצטער איז פאַרהאַקט. פון דרויסן קוקט אַרײַן די פינישע ווייסע ווינ־טערדיקע נאַכט. עס איז איינג און היים. צופיל סאָלדאַטן פאַר אַזאַ קליינער שטוב. מיר זיצן אָנגעטאָן אין אונזער פולער אַמו־ניציע. פון היץ און איינגשאַפּט איז טרוקן אין מויל. די אויגן קלעפּן זיך, שלאָפן טאָר מען ניט, זיצן די וואַכע סאָלדאַטן און מען דערציילט זיך מעשׂות.

איך געדיינק ניט ווי אַזוי, נאָר מען איז אַרויפגעקומען אויף אַ שמועס וועגן אומרועןןאין די פריערדיקע יאָרן. רעדט מען, דערציילט מען. און דאָ צורעדט זיך אויף אַ פּויליש־רוסישן אַק־צענט אַ קליינגעוויקסיקער סאָלדאַט, אַ שגץ פון לאָמזשער גו־בערניע: ער דערציילט:

עס איז געווען זומער צייט, אין דער אומרואיקער צייט, ווען אידן האָבן געזאָלט וואַרפן באָמבעס אין קאַסציאָל. איך שטיי אַזוי אויפן פעלד און אַקער מיטן פערד. מײַן הונט, אַ גרויסער הונט, וואָס וואָלט געקענט צערייסן אַ מענטשן, לעבן מיר. מײַן הונט הויבט אָן קוקן אויפן וועג. איך אויך. איך זע פונדער־ווייטנס עס פאָרט דער שרייבער פון דער גמינע אין זײַן ברישקע. לאָז איך אָפּ דעם אַקער און גיי צו צום וועג.

„דזשענדאָברע!" זאָג איך.

„דזשענדאָברע!"

„וואָס הערט זיך אין שטאָט?" פרעג איך.

„עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן!"... גיט ער צו מיר אַ מאַך מיטן האַנט און פאָרט אַוועק.

אַזוי, טראַכט איך, עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן, וואו נעמט מען איצט אַ אידן? כ'זע מיין הונט קוקט ווידער אויפן וועג. פונדערווייטנס זע איך, עס גייט אַ איד אַן אָרימאַן. זיי גייען באַ אונז פון שטעטל צו שטעטל. טראַכט איך: גאָט האָט צוגעשיקט, און שטיי שוין און וואַרט באַם וועג. דער זשיד, ווייזט אויס, האָט עפּעס דערשמעקט, איז ער געבליבן שטיין, אַביסל געקוקט און זיך געלאָזט לויפן צוריק.

איך האָב אַ רייץ געטאָן דעם הונט און זיך אַ יאָג געטאָן. דער הונט האָט אים געפּאַקט באַ דער פּאָלע. איך האָב אים גע־בראַכט צושלעפּן צו מיין פעלד. ער איז געווען אינגאַנצן אין שמאַ־טעס און האָט זיך געטרייסלט פון שרעק. איך קוק אים אַזוי אָן און זאָג: ס'וועט גאָרניט זיין... שפּאַן אויס דעם פערד, נעם דעם בייטש און זאָג: שפּאַן זיך איין! ער מאַכט זיך ניט פאַרשטיי־ענדיק. איך — אַ שמייץ מיטן בייטש. ער אויפן זשידאָווסקן שטייגער: געוואַלד, געוואַלד!...

באַ דעם נאָכגעמאַכטן אידישן געוואַלד איז אַריבער אַ שמייכל איבער די סאָלדאַטישע פּנים'ער. איינער האָט זיך פערדיש צע־הירזשעט פון הנאה.

„איך האָב אים איינגעשפּאַנט אין אַקער", דערציילט דער שגץ, נאָך מער צעוואַרעמט פון געלעכטער. צום אָנהויב האָט ער געצויגן, נאָכדעם האָט ער ניט געוואָלט גיין, האָב איך אַראָפּגע־ריסן די שמאַטעס און איבערן נאַקעטן לייב מיטן בייטש, מיטן בייטש... כ'זע, ער איז גאָר אַוועקגעפאַלן. דאָ האָב איך זיך דערשראָקן. איך זע, ער זשיפּעט ניט, האָב איך אים צוגעשלעפּט צום ראָווע — אַ פּולע מיט וואַסער — און דעם קאָפּ אונטערגע־טונקט. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן בול... בול..."

„דו הינטישער לעבער", האָב איך זיך צעשריען, „דו דער־צײלסט דאָ ליגנס. דיר וואָלט זיך געוואָלט אפשר טאָן אַזוי. האָסט מ י ר באַדאַרפט אַנטרעפן אויף דער פריי, און ווען ניט אין „קאַראַאולנע פּאַמעשטשעניע", וואָלט איך דיר גלײך אויס־געהאַקט די איבעריקע אויסגעפוילטע ציין. אָבער זייט עדות, ווענד איך זיך צו די אַנטשוויגן געוואָרענע סאָלדאַטן, איך וועל איבערגעבן צו נאַטשאַלסטוואָ, אַז ער האָט אַליין דערציילט, ווי ער האָט געפּייניקט און דערטרונקען אַ אידישן אָרימאַן אויף דער פריי.

— ווער דערטרונקען? — האָט ער זיך אָנגעהויבן שווערן. — איך האָב אים גלײך אָפּגעלאָזן.

— ניין, דערטרונקען, — שטיי איך אויף מיינס, איבער־צייגט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ ליגן, אַ ווילדע באַרימעריי, און וויל אים אָנשרעקן.

— ווי אַזוי דערטרונקען? — פרעגט ער בא די איבעריקע סאָלדאַטן — אַז איך האָב געקראָגן נאָר צוויי וואָכן אַרעסט...

איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַן אמת. אין אויפ־רעגונג האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און זיך אַ כאַפּ געטאָן שלאָגן. די איבעריקע האָבן מיר שוין געהיט און ניט דערלאָזן. אין „קאַ־ראַאולנע פּאַמעשטשעניע" איז אַוועק אַ גאַנצער גערייד וועגן פּאַ־גראָמען. מיר האָט זיך אײנגעגעבן אויפוועקן דעם געוויסן בא די רוסישע סאָלדאַטן. צווישן זיי איז ער געווען דער איינציקער פּאָליאַק און איך דער איינציקער איד. באַזונדערס האָט זיי גע־רעקט, וואָס דאָס איז געווען אַ איד אַן אָרימאַן, אַזוי אַ איד וואָלט זיי אפשר ניט געאַרט. זיי האָבן זיך געלאָזן אים זידלען און מיר באַרואיקן. פּעטרושין, אַ שגץ פון יעקאַטערינאָסלאַוו, האָט שוין דערוייל דערציילט וועגן יעקאַטערינאָסלאַווער פּאָגראָם. און ווי פיין ער איז געווען, ניט ווי דער לאָמזשער. ער האָט געזען פון

פענצטער, ווי מען פייניגט אַ אידיש מיידל, האָט ער דאָס ניט געקענט צוקוקן און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— פּעטרושין, — פרעג איך, — פאַרוואָס האָסטו זיך ניט איינגעשטעלט ?

איך האָב געוואוסט, וואָס ער וועט מיר ענטפערן און ער האָט מיר טאַקע געענטפערט :

— שטעל זיך איין, מען וואָלט דיר דער׳הרג׳עט.

אַט מיט אַזאַ, ווי דער שגץ פון לאָמזשער גובערניע, מוז איך צוזאַמען לעבן : עסן, שלאָפן, זיך פרייען, אַמאָל זיך איינשטעלן פאַר אים און, נאָך ערגער, צוזאַמען ליידן...

# דאָס אַרויסטרעטן

מיט טראָמפּייטן און געזאַנג טרעטן אַרויס אויף מאַניעוורעס פון דער פינישער שטאָט מחנות רוסישע סאָלדאַטן.

אַנגעטאָן אין „כאַקקי“, די שינעלן צונויפגעראָלט אין בויגל און איבערגעוואָרפן איבערן פּלייצע צוזאַמען מיט די שווע־רע ראַנצעס, מיט אַרונטערגעלאָזענע שויץ־רימענדלאַך איבער די אָפּגעברענטע פּנים׳ער, ציען זיך איבער די שטאָטישע גאַסן די אַלערליי מינים מיליטער.

די סאָלדאַטן פילן זיך אויפגעלעגט. אין העלן אויגוסט טאָג גייט זיך לייכט. די ווילדע פינישע זון בריט נאָך אַלץ, אָבער דער פרישער ים־ווינטל און דער שאָטן פון די אייגנאַרטיקע גראַ־ניט־מויערן מאַכן קיל, די שטימונג — געהויבן, פליסן זיך אַלע גוט צו רייטן און צו גיין און האָבן אַ „העלדישן אויסזען“.

— קוק נאָר, ווי אונזער גבור, דער וואָלנאָ־אָפּרעדיעליאָיר־שטשיסיאַ אין די שפּאַקולן וואַרפט דאָס אַרויס העגט און שטעלט דאָס פּיס... — ווייזט אָן איין שיסער*) דעם צווייטן, אויף אַ קרענק־לאַך קורצזיכטיקן פרייוויליקן וואָס שפּרייזט מיט פאַרזשמורעטע אויגן און אַ פריילאַכן פּנים.

*) שיסער („סטרעלאָק“)—דעם נאָמען פלעגן טראָגן אין דער רו־סישער אַרמיי טיילן פון אינפאַנטעריע.

— אַט, ברודערל, — ווענדט זיך צופרידן אַן אַרטילעריסט פון זיין האַרמאַט אַראָפּ צו אַ שיסער, וואָס גייט ביים זייט:

— כ'האָב קוים דערלעבט די מאַניעוורעס, אַזוי האָט מיר שוין אַלץ צוגענעסן...

יענער, אויפן גאַנג, פאַרריכט דעם ביקס אויפן אַקסל, כאַפּט אַ קוק אויף די אייגענע שטיוול:

— יע, — איז ער מסכים, — פאַרט אויף דער פריי, ניט אין קאַזאַרמע...

— אַט דאָס מיין איך טאַקע...

— זאָג מיר, — וואַרפט פּלוצלונג אַ בליק אויפן אַרטילע־ריסט דער שיסער, — ביזטו ניט אַ „יונגער" ?

דער אַרטילעריסט ווערט רויט :

— ס'איז אַזוי...

— כ'האָב באַלד פאַרשטאַנען... — שמייכלט יענער — אַז ניט, ליבינקער, וואָלסטו זיך צופיל ניט געפרייט, כאָטש אייערע אַרטילעריסטן איז שטענדיק גוט, פאַר אייך זיינען מאַניעוו־רעס גאַרניט, זיצסט זיך ווי אַ פּריץ אויפן האַרמאַט און פאַר־טיק...

— און פון וועלכן יאָר ביזטו? — פרעגט שוין נייגעריק דער אַרטילעריסט.

— אַט אַזוי פיל סלוזשבע איז „אונז" געבליבן, — ווייזט יענער אָן אויפן שפּיץ נאָגל — אינגיכן נאָך די מאַניעוורעס פאָרן „מיר" אהיים...

— פון לעצטן (יאָר) ? — צעברענען זיך ביים „יונגן" די אויגן. — כ'וואָלט שוין זיך מיט דיר געביטן... דאַרפסט איצט צופרידן זיין.

— צופרידן בין איך, זאָל נאָר אויף די מאַניעוורעס עפּעס ניט געשען, — זאָגט ווי פאַר'דאגה'ט דער שיסער.

— זאָל טרעפן וואָס ס'וויל, — מאַכט זיך העלדיש דער „יונגער" — כ'האָב נאָך סלוושבע אַ תהום...

— טענה ניט צופיל. — וואָרנט אים דער שיסער, — מיר זיינען נאָך אין שטאָט. זע, זינג בעסער גלייך מיט אַלעמען. מען קען נאָך אַריינכאַפּן פון קאָמאַנדיר...

אָן אַ שיעור ציען זיך די מחנות. שטאַרק און מונטער הילכן איבער די גאַסן די וואויל־יונגערישע לידלאַך פון די געזונטע ברוסטן.

דער גאַנצער בייטאַגיקער קאָך שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע. ווי פאַרוואונדערט. די טראַמווייען שטעלן זיך אָפּ, אויטאָס און פורן איילן שנעל דורכצופאָרן אום צו מאַכן אַ וועג. פון די אויסגעצירטע מאַגאַזינען לויפן אַרויס נייגעריקע. די באַדינטע שטעלן זיך אויך אויס אין די טירן. פון די מויערן קוקן אַרויס דורך די פענצטער ערנסטע פּינישע פּנים'ער. מיט קרומע בליקן קוקן זיי אויף דער משונה'דיקער שטאָלענער באַרשט פון שטיקעס. אויף וועלכע ס'האָט זיך אַזוי פרייַ צעשפּילט די זון, און מיט אַ פאַרבאָרגענער מורא הערן זיי זיך צו צום טויבן שווערן גערודער פון דער אַרטילעריע, צו דעם גאַנג פון די „שיסער", וואָס קלאַפּן אָפּ יעדן טראָט קרעפטיק, האַרט, מיט טויזנטער אונטערגעשמידטע שטיוואַלעס, ווי די פּינער אויף־צו־להכעיס...

— זע נאָר ווי די טשוכנעס בלאָזן זיך אויף אונז, מיר זיינען זיי ניט ליב... — וואַרפן זיך דורך מיט איינצלנע ווערטער די סאָלדאַטן אין די רייען.

— ניט אַלע, אָט דאָרטן האָפּקעט אַ מוטער דאָס קינד אין פענצטער.

—דאָס איז מסתמא פון אונזערע, אַ רוסישע,—ענטפערט מען.

אין גלייכע שורות, מיט די קאַראַבינען אויף די פּלייצעס אין רויטע מונדירן, רייטן בראַוו די גוסאַרן.

אין דער שפּיץ רייט זייער שוואַרצער ריזיקער קאַמאַנדיר. זיצט אויף אַ ברוינעם, גלאַנציקן פערד, ווי צוגעשמידט צום זאַטל. דערזעט ער אָבער אַ רעדל מענטשן, אַ שענערע גאַס, גיט ער אַ וואונק הינטער זיך צום טרובאַטש אויפ'ן ווייסן פערד. דער גיט שוין אַ מאַך מיט'ן האַנט צו די גוסאַרן און באַלד פאַרהילכן זיי די גאַס מיט אַ שרייאיק לידל.

דער ערשטער גוסאַר פון רעכטן פלאַנג, ווען ער דערזעט אַ מיידל קומט ער גאָר אַריין אין התפעלות, ער וואַרפט אָפּ די קורצע רימענע לייצעס, לאָזט גיין פריי דעם פערד און אַלייז טוט ער אַריין פיר פינגער פון ביידע הענט אין מויל, און צעפייפט זיך הילכיקער פון אַלעמען:

„טרי דערעווני, דוואַ סעלאַ"...

באַלד האַלטן אים אונטער די איבעריקע מיט אַלע כחות:

„וואַסיעם דיעוואַק אָדין יאַ"...

מיט ביסטרע פאַרדעכטיגע אויגן קוקט זייער קאַמאַנדיר אויף די פינער. אין זיין אויסגעשטעלטער ברוסט, אין זיין גאוה'דיקער פּאָזע ליגט דער אויסדרוק: איר זעט זיי די בראַווע יונגען?... נישקשה, איר וועט זיין ביי אונז שטילינקע...

מיט אויגן פול מיט קאַלטער שנאה באַגלייטן די פינער דעם מאַרש פון די פרעמדע סאָלדאַטן. עס געפעלט זיי ניט די רוסישע לידער, ווי עס געפעלט זיי ניט דער צעכהאָוז ריח פון דער שמי־ראַכץ, וואָס צעשפּרייט זיך אין דער לופט צוזאַמען מיט זיי. קרימען זיי די נעזער... אימיצער צעניסט זיך גאָר און שפּייט אויס: „טפו, דער רוסישער ריח"...

באַלד קומען אונטער קאַזאַקן אין פּאַפּאַכעס אויף פלינקע פערדלאַך מיט אַ וואַלד פון פּיקעס. די פינען באַגלייטן זיי מיט פאַראַכטנדע שמייכלען מיט אומפריינדלאַכע בליקן. די קאַזאַקן

פילן דאָס — צעשפּילט זיך פון העלער הויט אַ פערד ביי אַ קאָזאַק... און אָט־אָט, דוכט זיך, וועט ער אַרויסשפּרינגען אויף די מענטשן, אויפן טראָטואַר... ס'ווערט אַ סומאַטאָכע, ס'דער־הערן זיך געשרייען פון שרעק.. נאָר דער קאָזאַק האָט שוין ווידער איינגעצוימט דעם פערדל, ער שמייכלט מיטן גאַנצן פּנים און ווענדט זיך גוטמוטיק צום עולם:

— האָט קיין מורא נית, „ניטשעווא"... ס'איז גאָר נישט.

שול קינדער לויפן פון אַלע זייטן, וואַרפן קאָמיש מיט די הענט און סטאַרען זיך גיין „אין פוס" צוזאַמען מיט די סאָל־דאַטן. לויפט אַרויס אַ מוטער פון אַ הויז און שלעפּט פאַר אַ האַנט אַוועק אַ קינד: קום, ניטאָ וואָס צו קוקן...

ביי די סאָלדאַטן הויבט זיך אויף פון איר אַ חוזק. קוקט די פרוי מיט בייזע אויגן אויף די לאַכנדיקע סאָלדאַטן און פאַרשווינדט באַלד מיט'ן קינד אין אַ טיר.

נאָר דינסט־מיידלאַך אין ווייסע פאַרטוכער רוקן זיך האַלב־אַרויס פון די זייטיקע פענצטער, מיט די ביז איבער די עלנבויגנס ענטבלויזטע הענט, פּאַכן זיי און ווינקען שעלמיש צו די גוסאַרן און וויקסיקע אַרטילעריסטן.

צענדליקער הענט ווערן אויסגעשטרעקט אין ענטפער, פריינד־לאַך לאַכט מען און מען ווייזט זיי אויף שטום־לשון: וואָס זיצט איר דאָרטן? קומט, מיר וועלן אייך מיטנעמען...

ערגעץ־וואו קוקט נאָך אַרויס גנב'יש פון אַ פּאַראַדנעם פענצ־טער אַ מיידל פון אונטער אַ גאַרדין, ביז די פלינקע אויגן פון אַ סאָלדאַט געפינען איר אויס, אין דער זעלבער רגע גלייכט זיך אויס דער גאַרדין און דער סאָלדאַט צעלאַכט זיך פון הנאה.

די צונויפגעמישטע פרעמדע סאָלדאַטן ריידן זיך פאַנאַנדער אויפ'ן וועג. ס'געפינען זיך אויס זעמליאַקעס, לאַנדסלייט. די אַרטילעריסטן זיצנדיק אויף די האַרמאַטן טענה'ן איין מיט די

שיסער, וועלכע באגלייטן זיי אלס וואך. גאר אפט טרעפן זיך באקאנטע.

— וואו האט איר עפעס אייער פאדפראפארשטשיק איבער־געלאזן? — פרעגט א שיסער אן ארטילעריסט.

— ער האט זיך אין שטאט אפגעשטעלט, מיר'ן זיך בא־גיין אן אים...

— אט א הונט! דו ווייסט, ער האט דאך מיר צוגעדינגט א טאג ארעסט, ווען איך בין געקומען צו גאסט ביי אייך אין באטארייע, ווייל כ'האב אים ניט באמערקט און קיין „טשעסט" ניט אפגעגעבן?

— וואס דען, האסט געוואלט ס'זאל דיר גלאט אפגיין?... איראניזירט דער ארטילעריסט.

אין מיטן גערודער פון גאנג דערטראגט זיך פלוצלונג פון די הינטערשטע רייען א ווייטער טומל, וועלכער קייקלט זיך, דוכט זיך, פארויס איבער די סאלדאטסקע קעפ און ווערט אלץ שטארקער און נעענטער.

דאס זינגען פארשטומט, באלד דערהערט זיך דער ליארם פון א באגריסונג, וואס טויזנטער מיילער שרייען אויס, א סימן, אז נאטשאלסטווע יאגט איבער.

די סאלדאטן ווערן שטייפער. די אפיצירן און די עלטסטע גיבן אן התראה צו די רייען: זע, פאס אויף!

אימיצער שרייט אויס אומנאטירלאך הויך די קאמאנדע:

— „סמירנא, ראווניעניע נאפראווא! 1)

אלע קעפ גיבן זיך מיט איין מאל א קער צו רעכטס...

א גלענצנדע גרופע אפיצירן רייט פארביי.

א קליינינקער, רירעווודיקער פאלקאווניק, וואס פארט פארויס

---

1) רואיק, קוק אויף רעכטס!

האַלט אַפּ אַ ביסל ביי יעדער אָפּטיילונג זיין פערד, באַמבלט נער־וועז מיטן האַנט אַ רויטן פרענזל אויפן שווערד, לויפט דורך מיט די שוואַרצינקע צוקאַכטע אויגעלאַך איבער די רייען און אויף אַ דין קול'כל באַגריסט ער זיך:

— זדראַוואָ רעביאַטאַ!

איין אָפּטיילונג נאָך דער אַנדערער ענטפערן אים אָפּ און דער ליאַרם טראָגט זיך אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער.

— ווייסט, ווער דער פּאַלקאַווניקל איז? — פרעגט אַ שיסער אַן אַרטילעריסט.

— ניין, כ'האָב אים קיינמאָל ניט געזען, נאָר ס'איז מיר געווען מיין אייגענע גאַטשאַלסטוואָ, נאָך אייערע קענען...

באַלד צעלאַכט ער זיך מיט אַ פולער מויל געזונטער ציינער:

— נו, קאָמאַנדירן האָט איר דאָס אַ ביסל! אַזאַ קליינינקער, אַן אמת'ע פּעשקע, ביי אונז וואָלט ער געסטייעט אויף אַ בים...

— לאַך ניט, ברודערל, איצט זיינט איר אַלע אונטער זיין קאָמאַנדע, זע רייס זיך נאָר ניט אַן — פרעג ביי זיי, וועלן זיי דיר זאָגן, וואָס פאַר אַ צאַצקע ער איז... — ווייזט ער אַן אויף די אַנדערע סאָלדאַטן.

— ווער איז ער? — ווערט נייגעריק דער אַרטילעריסט.

— דאָס איז דער פאַרשאָלטענער „פּוליא“ — רעדט איינער מיט האַרץ אַרויס.

דער אויסדרוק ביים אַרטילעריסט בייט זיך גלייך, ווי צורודערט פרעגט ער אומגלויביק: — איז דאָס טאַקע דער אמת־ער „פּוליא“?

— וואָס, געהערט פון אים? — שיינט אויף דער פּנים ביים פריערדיקן שיסער, — ניט שוין זשע אַן אַנדערער, דאָס איז טאַקע יעוואָ וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע „פּוליא“ אַליין...

— דער טייוול קען אים... — שפּייט אויס דער אַרטילע־

ריסט, — מען דערציילט דאָך, אַז דאָס איז אַ חיה ניט קיין מענטש.

— וואָס ער לאָזט זיך הערן?... — רעדט ווייטער דער ער־שטער מיט אַ מאָדנעם פאַרביסענעם טריאומף, ווי ס'וואָלט אים געפרייט, וואָס „פוליא“ איז אַזוי פּאָפּולער.

— געוויס געהערט, נאָר געזען האָב איך אים נאָך ניט, דאָס ערשטע מאָל, ס'איז ניט אויסגעקומען...

— נאָך ערגער פון אַ חיה... — פאַלט אַריין היציק דער ערשטער, — איינס — צוויי מאַכט ער פון אַ סאָלדאַט אַ תל.

— נו, און אַ צונעמעניש האָט ער דאָס אַ ביסל, — שפּייט ווידער אויס דער אַרטילעריסט, — טפו!...

— ביי אים איז דאָס אַ ווערטל אַזאַ, דערציילט דער שי־סער, — ביי אים אַ סאָלדאַט דאַרף לויפן, ווי אַ פוליע, דאַרף עסן ווי אַ פוליע, ענטפערן ווי אַ פוליע, אַלץ ווי אַ פוליע... ער יאָגט ביי אַלעמען די נשמה אַרויס, נו, רופן אים די סאָלדאַטן אַזוי, „פוליא“ און געענוג.

— און אויפן אויסזען איז ער גאָר ניט אַזאַ מאַכער... — זעצט זיך איין בעסער דער אַרטילעריסט.

— אַ קליינינקער אָבער אַ הענדעלע... אים אין די אויגן פאַל בעסער ניט אַריין, אַז ניט ביזטו אַ פאַרלאָרענער, — ענטפערט אַ סאָלדאַט פון דער זייט.

— כ'וועל דיר דערציילן, — רופט זיך אָפּ דער ערשטער, פאַרריכטנדיק דעם ראַנעץ אויפן פּלייצע און צורוקנדיק זיך נעענטער צום הארמאַט.

— ווען מיר זיינען נאָך געקומען פון „נאָוואָבראַנסטוואַ“, איז ער נאָך געווען אַ קאַפּיטאַן און ער איז דאָס געווען דער אויפ־פּאַסער איבערן לערנען פון די נאָוואָבראַנצעס פון גאַנצן פּאָלק. האָט ער אונז אין אַ קורצער צייט אַזוי פאַרמוטשעט און אונז

מיאוס געמאַכט דאָס לעבן, אַז איינער, אַ פּסקאָווער, (אַ שטאָר־
קער בחור געווען) האָט בשעת׳ן האַקן האָלץ צו אונז אַ זאָג
געטאָן:

— איידער האָבן עסקים מיט אַזאַ פאַרפלוכטן „פּוליאַ“, איז
שוין בעסער צו בלייבן אַ קאַליקע...

„דערביי זעען מיר, ווי ער לעגט אַוועק פּונקט ווי אויף אַ
שפּילכל די האַנט אויפן קלאָץ און לאָזט אַרונטער די האַק...
אונז איז אַזש קאַלט געוואָרן, און ווען ס׳האָט זיך אים צום
ערשטן מאָל ניט גוט איינגעגעבן האָט ער נאָכאַמאָל אַ זעץ גע־
טאָן מיט דער האַק און זיך אָפּגעהאַקט צוויי פינגער... אָט אויף
אַזוי פיל, — ווייזט אָן דער שיסער ביי זיך אויפן האַנט —
דאָס האָב איך אַליין מיט מיינע אויגן געזען, גיט ער צו און
צלמ׳ט זיך איבער אין אַ שבועה.

— האָט מען אים באַפרייט? — פרעגט נאָך אַן אַרטילע־
ריסט.

— ניין, ער האָט זיך נאָך ערגער געמאַכט. „פּוליאַ“ האָט
שוין געזען, אַז מען זאָל אים אַוועקשיקן אין „דיסציפּלינאַרנעם
באַטאַליאָן“ אויף עטליכע יאָר און ערשט נאָכדעם וועט ער מוזן
אָפּדינען, כאָטש ער איז אַ קאַליקע.

— נאָר דאָס איז נאָך גאָר ניט, דערציילט ער ווייטער, —
אָט דאָ ניט לאַנג איז ער געווען איינמאָל דער נאַטשאַלניק פון
אַלע שטאָטישע קאַראַולן. אויפן הויפּטוואַכט איז געזעסן אַ מאַט־
ראָז נאָך פון סוועאַבאָרגער אויפשטאַנד, וואָס האָט זיך אין אַ
צייט אַרום אומגעקערט פון שוועדן, ניט געקענט לעבן אין דער
פרעמד, און זיך אַליין איבערגעגעבן אין די הענט. מען האָט
אים פאַר׳משפט צום טויט. דערווייל איז ער געזעסן, מאַכט
זיך, אַז ער האָט זיך צוליב עפּעס צואַווערטלט מיט׳ן טשאַסאָוואָי.
ס׳איז געוואָרן אַ טומל. „פּוליאַ“ איז ריכטיק צופעליק געווען אין

„קאַראַאולנע פּאָמעשטשעניע“ קומט ער צולויפן און צוקאַכט זיך:

— אַט דער מערזאַוועץ טאָר קיין הויך וואָרט קעגן אַ טשאַ־סאָוואָי ניט אַרויסברענגען... וואָס שטייסטו? וואָס טראַכסטו?...

— האָט ער זיך צושריען אויפן טשאַסאָוואָי, — דערשטעך אים מיטן שטיק!...

דער מאַטראָס האָט זיך אָנגעהויבן ראַנגלען... האָט „פּוליאַ“ נאָך סאָלדאַטן פון קאַראַול צוגערופן און אויף זיין באַפעל האָט מען אים מיט די שטיקעס דערשטאָכן אויפן אָרט. יע. ברודערל. — חזר'ט ער איבער: — אָן אייגענעם מיט די שטיקעס דער־שטאָכן אויפן אָרט... און ווייסטו נאָך וואָס. דערנאָך האָט מען גערעדט, אַז ס'איז אָנגעקומען אַ פּאַפּיר פון פּעטערבורג, אַז מען האָט דעם מאַטראָס געשענקט דאָס לעבן...

— אַט אים צובינדן צום מויל פון אייער אַ האַרמאַט און אַרויסלאָזן אַ סנאַריאַדל, וואָלט גאָר ניט שלעכט געווען... — גיט זיך אַ זאָג אַ שיסער.

— נאָך וואָס נאָך אַ שראַפּנעל איבערפירן, — מאַכט אַ בייזן פּנים דער אַרטילעריסט, — מיט איין זעץ לייג איך אים אַוועק...

— די בעסטע זאַך וואָלט פאַר „פּוליען“ אַ קויל געווען, — זאָגט דער ערשטער. האַקט אָפּ דעם שמועס און שטעלט גרעסערע טריט.

---

די קוילנוואָרפער פאַנאַנדערגענומען און אָנגעלאָדן אויף פערד, פירן זיי אונטערן צוים די ערנסטע פּולעמיאָטשיקעס. זיי זינגען ניט, מער ניט די פערד סאָפּען שווער און ציטערן אויף צייטנווייז מיט די אָנגעשפּיצטע אויערן.

באַלד קומען אָן די קאַמאַנדרעס „אויסקוקער“ אויף פערד און וועלאָסיפּעדן, זיי שפּאַרן זיך אויפן קול:

— מירן זיין די אַנפאַלער און זיי וועלן זיך פּאַרטיידיקן — טענה'ט איינער.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? איך האָב אַליין גע־הערט פון קאַמאַנדיר, אַז מיר'ן זיך פאַרטיידיקן און זיי וועלן אַנפאַלן...

— ווי אַזוי קען דאָס זיין, אַז מיר גייען צו צפון ריכטונג, זיי אַנטקעגן — שפּאַרט זיך דער ערשטער.

— ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן... האַלט זיך דער צווייטער ביי זיינס: — מיר טרעטן גאָר אָפּ, זיי זיינען אונז פון הינטן.

— שפּאַרט זיך ניט, מישט זיך אריין אַ שלום־מאַכער, — גאַטשאַלסטוואָ ווייס שוין, מיר'ן סיי ווי ליגן די גאַנצע צייט אין וואַלד און קלייבן יאַגערעס, ווי אין די פריערדיקע מאַניעוו־רעס. וואָס איז זיך דאָ פאַראַן צו שפּאַרן, ס'איז ניט פאַר אונזערע מחות געמאַכט געוואָרן.

גאָר פון הינטן שלעפּט זיך אַ בייכיקע פאַרשרויפּטע קיך, מיט אַ פאַרשמירטן קוכער אויפן קעלניע און נאָך איר אַ ליידיקע וואַסער־פעסל אויף צוויי רעדער, וועלכע מאַכט אָן ביי יעדן בויג אַ גוואַלדיקן טומל.

# אין וועג

איבערן אָנגעבערענטן וועג, אין אַ וואָלקן פון שטויב, ציען זיך אין קריגס אָרדנונג די „הויפּט־קרעפטן".

אומדערטערעגלאָך באַקט די זון. מיט אַ שטאַרקן פּעכיקן ריח לאָזט זיך פילן דער פינישער וואַלד ביי ביידע זייטן וועג.

די מאַסן סאָלדאַטן, פערד, האַרמאַטן, זיינען איינגעהילט און באַדעקט מיטן שטויב און אַלץ נאָך וואָלקנדלאָך וואָלקנס שטייגן אויף פון אונטער די קאַפּיטעס, רעדער, פיס — רויכערן זיך איבער דער גאַנצער ברייט פון וועג, ריכטיק ווי די ערד וואָלט זיך גע־צונדן אונטער די טויבע טריט פון עפּעס אַ פיל־פיסיקער, משונה׳־דיקער חיה.

צעטויפּנגעהויקערט אונטער די שווער־אָנגעלאָדענע ראַנצעס מיט אַן אָפּגעריסענעם אָטעם און צעעפנטע מיילער פון דורשט און שטיקעניש, שלעפּן זיך מיד די סאָלדאַטן.

— אַ שווערער טאָג היינט — זיפצט אָפּ שטיל אַ יונגינקער שיסער נאָך מיט אַן אינגלשן פּנים.

ער בויגט זיך ווי אַ וויטקע אונטער זיין לאַסט, גייענדיק פּלאָנטערט ער מיט די פיס, וואַרפט אונטער מיט די פּלייצעס דעם ראַנעץ און לייגט און דרייט דעם ביקס אויף אַלע אופנים, זוכנדיק אין אים אַ גרינגערע זייט...

— ס׳מוז שוין זיין שפּעט, אַה, „זעמליאַק"? — ווענדט ער זיך צו אַ לאַנדסמאַן אין זיין רייע.

יעגער ווישט אָלץ מיטן אַרבל דעם שווייס פון דעם אויס־געשמירטן פּנים און באַלעקט מיטן צונג די פאַרטריקנטע ברו־דיקע ליפּן, פויל און פאַרדריסלאַך ענטפערט ער אָפּ:

— וואָס פאַר אַ „שפּעט“ איז שוין ביי דיר? ווער דאַנקען גאָט, אַז ס'וועט זיין אַרום אַ האַלבן טאָג.

— און די זון קוקט אויס ווי אַ פייערדיקער ראָד, ריכטיק ווי ביים אונטערגאַנג... — ווילט זיך דעם יונגן.

— הע, זון אונטערגאַנג... — רעט בייזלאַך דער אַנדע־רער, — דו ביזט נאָך „גרוי“, צוליבן שטויב דוכט זיך דיר דאָס גאַר אויס, די זון איז נאָך הויך, ביזן אונטערגאַנג וועט דיר נאָך די נשמה אַרויס...

דער „יונגער“ וואַרפט אויף אים אַן אומגלויבלאַכן בליק, גלייכט זיך אויס, צעשפּרייזט זיך מונטער און צעלאַכט זיך פּלוצלונג.

— וואָס פאַר אַ שמחה אויף דיין קאָפּ? — ווערט זיין לאַנדסמאַן בייז, ווייל אויסשפּייען פון פאַרדרוס, נאָר פאַרהוסט זיך טרוקן.

— דערלאַנג נאָר אַ קוק אויף דיין פּנים, — קוועלט אַן דער „יונגער“ — דו קוקסט דאָך אויס ווי אַ קוימענקערער, אַלץ איז שוואַרץ, נאָר די אויגן־ווייסלאַך און די ציין בלישטשען פונקט ווי ביי אַ מענטשן־פרעסער...

יעגער צעשמייכלט זיך אויך:

— און דו, יונגער שנעק, מיינסט ביזט שענער פון מיר? קוקסט אויך אויס ווי אַ שמיד פאַרטאָג...

— אַט ווען מיר וואָלטן דאָס אַריינגעמאַרשירט מיט אַזעלכע פּנים'ער ביי אונז אין דאָרף אַריין — הויבט אָן פאַנטאַזירן דער „יונגער“ מיין נאַסטיע וואָלט מיר ניט דערקענט, ווי

גאַט לעבט, זי וואָלט מיר ניט דערקענט און איך וואָלט נאָך דעם קול אויך געביטן...

— מען וואָלט דערקענט, נישקשה... — ענטפערט אָפּ קורץ דער אנדערער.

— ווי מיינסטו ? — הויקערט זיך צוריק איין דער „יונגער“.

— „פּוליא“ וועט דערלאָזן, אז מיר זאָלן היינט האָבן א רואיקע „דניאַזוקע“? די אויסקוקער זאָגן, אז נאָענט איין א דערפל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן און פאַרנעמען א פּאָזיציע.

— דער טייוול וויים אים, זעסט דאָך, מען גייט הין און צוריק, אפשר שוין א צוואַנציק מאָל געוועזן אויפן זעלבן וועג. איך וויים שוין אויף פריער. אָ, אָט דאָרטן אויפן פעלד זעט מען שוין ווידער דעם שפּיץ קלויסטער פון דערפל, נאָר מיטן האַנט צו דערלאַנגען, אָבער ביזט נאָך ניט זיכער, ער וועט באַלד ווי־דער הייסן גיין צוריק.

— דערפאַר איז דאָס מאַניעוורעס — רעזאָנירט נאָך איינער פון דער רייע.

— אָט, זיי וויסן פון זייער קאָפּ צו זאָגן... — שפּאַרט זיך יענער מיט האַרץ, — פרעגט זיי נאָר, נאָך וואָס גייען מיר אַהין און אַהער, אַהער און אַהין, דאָס איז אַלץ נאָר אונז אויסצו־מאַטערן.

— רעדט שטילער, — מאַכט איינער אויפמערקזאַם, דער וואַוואָדנער הערט זיך צו.

— ס'וואָלט גוט געווען זיך אָפּשטעלן אביסל אין א דערפל! — רופט אויס דער יונגער, — פאַר דער גאַנצער צייט פון די מאַניעוורעס האָבן מיר אין גאַנצן איינמאָל א לעב געטאָן. איר געדענקט די ערשטע „דניאַזוקע“ אַרום דערפל, די טענץ זונטיק ביי־טאָג?

— די טשוכאָנקעס האָבן ליב א טאַנץ צו טאָן נאָך מער פון אונזערע — באַשטעטיגט איינער.

דער שמועס פאַראינטערעסירט, די פּנים'ער ווערן לעבעדי־קער, נאָך אַנדערע רופן זיך אָפּ.

— איר געדענקט? — פאַרוואַרפט אַלץ מיט פראַגן דער „יונגער", — דאָס אָפּגעשניטענע פעלד איז געווען שטעכיק ווי אַ יאָזש, פונדעסטוועגן זיינען די באָרוועסע טשוכאָנקעס געגאַנגען טאַנצן גלייך ווי גאָרנישט.

— און ווי דער דיקער זשירנאָוו האָט זיך דאָס געהיט, געהיט ניט אַרויפצוטרעטן זיין באָרוועסער קראַסאַוויצע אויפן פוס, און דאָך אַרויף מיטן שטיוול — לאַכט דער „יונגער", — אַז יענע האָט אַלעמען איבערגעשראָקן מיט איר קוויטש...

— ער האָט שוין אַ טבע אַזאַ — לאַכן שוין אַנדערע אויך.

— אין קאַזאַרמע אויף די טענץ־אָוונטן, איז אויך געווען דאָס אייגענע, ער פּלעגט זיך האַפּקען, האַפּקען, ביז ער פּלעגט כאַפּן די מפּלה...

— אָבער זע נאָר, — וואונדערט זיך אימיצער — די טשוכ־נעס ליידן דאָך אונז ניט און זייערע טשוכאָנקעס טאַנצן מיט אונז.

— ווייבער, וואָס ווייסן זיי... — רופט זיך אָפּ איינער אַ בערדיקער, — ווי זיי דערהערן אַ גאַרמאָניקע איז פאַרטיק.

— און די יונגע טשוכנעס האָבן זיך דאָס אַרומגעדרייט אויפן פעלד און געגלאָצט מיט די אויגן, אָבער אַ פּיפּס טאָן — ניט וואָג! נאָכדעם האָט דאָס געמוזט זיין אַ קריגעריי מיט זייערע „כילמעס"...

אין פולן גאַלאָפּ פליט דורך אַן עסטאַפעט. די סאָלדאַטן ווערן ערנסט.

— עפּעס אַ נייעס — וואַרפֿן זיך דורך די סאָלדאַטן, — מען קען ערוואַרטן אַ נייע קאָמאַנדע.

— לאָז דורך! — קומט אָן אַ געשריי פֿון אַנטקעגן.

— „פּוליאַ“ פֿאַרט מסתמא... — כאַפּט זיך אַרויס ביי אַ האַלדאַט.

— „פּוליאַ“: פֿאַרט, „פּוליאַ“, פֿאַרט!... — ציטערן אויף די רייען.

די סאָלדאַטן הויבן זיך אָן צו פֿאַריכטן. —

— אין די רייען האַלט זיך! וואָס האָט איר זיך צעשאַטן ווי אַרבעס? — לויפֿן דורך און שרייען די „עלטסטע“, — הע, די ראַנצעס פֿאַרריכטן... די פּוס דאַרטן בייט איבער!..

— לאָז דורך! — דערטראָגט זיך אַ קאָמאַנדע פֿון נאָענט.

אינסטינקטיוו צעשפּאַלט זיך די קאָלאָנע און מאַכט אַ וועג. באַלד באַווייזט זיך אַ העלער פֿערד געשפּאַנט אין אַ פֿי־נישער דוואָוקאָלקע — אַ וואָגן אויף צוויי רעדער — אַ יונגע פֿינקע, איינע אַליין, שטייט און טרייבט אָן.

ביי די סאָלדאַטן הויבן זיך אויף פֿריידיקע געשרייען וואָס באַגלייטן איר דעם גאַנצן וועג.

— אָט, אַ קאָמאַנדיר וואָלט זי געוועזן, — לאַכט מען ענטציקט.

— דער טייוול האָט אַ „באַבע“ אָנגעטראָגן, — בייזערט זיך אויפֿן קול אַ פֿעלדפֿעבעל.

די פֿינקע פֿאַרט טריט ביי טריט, שמייכלט צעשראָקן און האָט מורא זיך אומצוקוקן אָן דער זייט.

— פֿאָר, ליבינקע, האָב קיין מורא ניט, — שרייען איר נאָך די סאָלדאַטן.

אַנדערע באַגלייטן איר מיט די ליבסטע פֿינישע נעמען, וועלכע זיי קענען נאָר.

— הערט אויף! — מישן זיך אריין אייניקע — זי קען נאָך ווער ווייסט וואָס איבערקלערן.

— אָבער געזען ווי זי טרייבט אָן? — רעדט איינער מיט טריאומף, — אפילו אונזערע אַ „באָבע" מעג זיך לערנען ביי איר.

די גאַנצע צייט קוקט מען איר נאָך מיט אומגעדרייטע קעפּ, ווי זי פּאָרט זיך רואיק טריט ביי טריט, אָבער ווי זי איז נאָר ארויס פון דער קאָלאָנע, שמייסט זי מיט אַלע כחות דעם פערד און טראָגט זיך אוועק אין אַ וואָלקן שטויב.

— אנטלאָפן... — צולאַכן זיך די סאָלדאַטן.

---

דער וועג ציט זיך אָן אַ סוף בארג ארויף, בארג אראָפּ. די היץ שטאַרקט זיך, אַלץ מידער שלעפּן זיך די סאָלדאַטן, שטום באַגלייט זיי דער וואַלד פון ביידע זייטן. צייטנווייז ציען זיך גאַנצע שטיקער פאַרברענטער, אויסגעשרפה'טער וואַלד, און אין אַ מאָדנער מרה־שחורה און שווארצן טרויער שטייען טויזנטער בוימער וויסטע, באַוועגלאָזע, פאַרברענטע אויף קויל.

ערטערווייז שנייט זיך אריין אַ שטיק ברוין־גרינע פעלד אין גאַנצן פאַרוואַקסן מיט ווערעז און באַשפּרינקלט נאָך מיט פאַר־אַ־יאָריקער ברוסניצע ווי מיט רויטע רובינען.

פעלזן רוקן זיך אָן אויפן וועג, באַדעקט מיט מאָך און לי־שאַיעס. אנדערע הויבן זיך אויף גלייך ווי ווענט, און גאָט איינער ווייס, ווי אַזוי אַ סאָסנע האָט זיך פאַרקליבן אין דער הויך און וואַקסט ווי צוגעקלעפּט אויפן ווילדן פעלז ביים סאַמן אָפּגרונט. ווי לעבעדיקע האָבן זיך ארונטערגעלאָזן אירע דינע וואָרצלען וואַנט אראָפּ, — האָבן זיך צעשפּרייט ווי אַ נעץ איבערן נאַקעטן פעלז, פאַרקראַכן אין יעדער שפּאַרע, אין יעדן ריס, אויס־געזוכן אָן אָנהאַלט, אַ שטויבעלע, אַ זעמדל־חיונה.

די שטילקייט פון אן איינגעדרעמלטער ווילדעניש פאַר־שלעפערט פון דער בייטאָגיקער היץ, הערשט אַרום. פון געדיכטע ווערעז, פון אונטער צעגליטע שטיינער, קריכן אַרויס יאַשטשער־קעס, וואָס ניט וואו אַ שלאַנג, און דרימלען באַוועגלאָז אויף דער זון מיט צונויפגעזשמאַרעטע אויגלאַך, ריכטיק ווי צוגענאָגלט פון זונשטראַלן צו דער ערד.

די ווילדע זון האָט אַלץ פאַרטריבן אין וואַלד אַריין. ס'איז ניט צו הערן קיין פויגל־סוויסטשעריי, קיין פליגל־געברויש. מער ניט די קוזניעטשיקעס ציען זייער געזאַנג, פונקט ווי אַ זילבערנע סטרונע וואָלט געווען אָנגעצויגן אין דער לופט און וויברירט, זינגט אָן אויפהער.

די סאָלדאַטן ריידן אַלץ זעלטענער. אין מויל איז טרוקן. ערגעץ־וואו פון גאַנץ ווייט באַווייזט זיך אַ אָזיערע, אַ ריינע, אַ בלאָע, ווי אַ קלאָרער שטיק הימל וואָלט געלעגן צווישן שטיי־נערנע ברעגעס — פאַרשטאַרקט דאָס נאָך מער דעם דורשט. כמורען זיך גאָר אָן די סאָלדאַטן און גייען שווייגנדיק. הערט זיך נאָר דער טויבער גערויש פון גאַנג, וואָס ווערט ווי פאַרשלונגען פון ווייכן שטויב.

כאַפּט זיך אויף וואָס ניט וואו ביים זייט וועג אַ יאַשטשער־קע און פאַרשווינדט שנעל אין צוואַוואַקסענעם ווערעז. טרעפט אָן אַ סאָלדאַט אַזוינע, וואָס איז פאַרקראָכן אויפן סאַמען וועג, סטאַרעט ער זיך פון לאַנגווייליגקייט איר אָפּצוטרעטן דעם עק. שפּרינגט, צאַפּלט זיך דער עק קאָנוואולסיוו און די יאַשטשערקע ליגט מיטן געל־ווייסן בייכל אַרויף מיט צונויפגעקאַרטשעטע פיס־לאַך, מיט פאַרמאַכטע אויגלאַך, ווי אַ טויטע. שליידערט איר אָפּ ווער עס איז מיטן פוס אין קאַנאַווע אַריין, פאַרפּויזעט זי מאָמענטאַל אונטער אַ שטיין.

דערזעט אָבער אַ סאָלדאַט אַ שלאַנג, מעג זי אפילו זיין

ווייט פון וועג, שרייט ער אויס: „קוק, א מערזיאַשקע"! און פילט זיך ניט, שפּרינגט אַריבער און טשעבט איר אַרויף אויפן שטיק.

די אַנדערע וואָרנען:

— אויף אַ בוימל הענג איר אויף, אויף אַ בוימל! — דערציילן זיי: — מעגסט איר אַפילו אין שטיקער צעהאַקן, קוים לאָזטו איבער די שטיקער אויף דער ערד, וואַקסט אויס פון יעדן שטיק אַ שלאַנג, נאָר ווען זי טריקנט זיך אין דער לופטן ביזטו זיכער מיט איר...

---

די פערד איינגעשפּאַנט אין די האַרמאַטן, זיינען נאַס. פלעקן־ווייז ליגט איבער דער פעל אַ שווייסיקער שוים. די מערסטע סאַפּען שווער און פּאַכען מיט די זייטן.

— אַט פאַר אייך איז אַ לעבן — איז מקנא אַ קליינ־וויקסיקער שיסער דעם אַרטילעריסט, וואָס זיצט ביים האַרמאַט און רויכערט אַ פּאַפּיראָס פון אַרבל אַרויס.

— וואָס איז? — שטעלט אויס אויף אים אַ פּאָר אויגן דער אַרטילעריסט.

— גאָרניט, איר זיצט זיך און די פערד שלעפּן אייך... זע, מיט דיין פּאַפּיראָס קענסט נאָך אויפרייסן דעם „זאַריאַדנעם יאַשטשיק"... די אַלע קוילן, וואָס ליגן דאָ... נו, גיב שוין אַ ציִ טאָן...

— ניט פאַר דיר געמאַכט געוואָרן... — ווינקט אים צו מיטן אויג דער אַרטילעריסט, — קוק בעסער, דער ראַנעץ איז ביי דיר אין גאַנצן פאַרפאָרן אויף אַ זייט, דאַרפסט, דוכט זיך, וויסן ווי צו גיין בראַוו און מונטער...

— שפּאַס ניט, גיב אַ ציִ טאָן, ס'חלש'ט זיך אַ ציִ — בעט זיך דער שיסער.

— מען וועט נאָך דערזען, גיב בעסער אַהער דעם שינעל

מיטן ראַנעץ, וועל איך אונטערפירן.

— נאַ, — נעמט אַרונטער דער קלײנער שיסער דעם ראַנעץ.

— נאַר זע, דער זאַמד זאָל זיך ניט אויסשיטן.

— נאָך וואָס פאַר אַ טייוול שלעפּסטו זאַמד אין ראַנעץ?

— וואונדערט זיך דער אַרטילעריסט, — האָסט ניט די מציאה אויף דער ערד?

— ניט ביי מיר אַליין, ביי אונז אַלעמען. „פוליאַ" האָט באַפוילן אָנצופילן די ראַנצעס מיט זאַמד און מיט שטיינער ס'זאָל שווערער זיין, מען זאָל זיך צוגעוואוינען... ביי אייניקע איז זאַמד, ביי אַנדערע זיינען הוילע שטיינער.

— מיר וואָלטן אים געוויזן, ווי צו שלעפּן זאַמד מיט שטיינער, — בלישטשען אויף די אויגן ביים אַרטילעריסט. — כ'וואָלט דאָס איבערגעקערט אויפן וועג.

— וואָלסט בעסער געוואָרן — פאַרטיידיגט זיך דער שיסער.

— אַט, אַ הינטישער לעבן אייערער ! — באַדויערט דער אַרטילעריסט.

— וואָס דען... — גיסט שוין די האַרץ אויס דער קלײנינקער שיסער, — גיין איז נאָך ווי עס איז, אָבער ווען עס געפעלט „פוליען" אונז לאָזן זיך דורכלויפן, רייסט דאָס טאַקע די האַרץ אָפּ, כאָטש פאַל אַוועק...

— קום, זעץ זיך אויפן האַרמאַט, — שלאָגט פאָר דער אַרטילעריסט.

— וועסט כאַפּן אַ פּאַרציע — וואָרנט אים אַ שכן.

— זאָל זיין, — שפּרינגט אַרונטער דער אַרטילעריסט — גיב אַהער דעם ביקס, וועל איך גיין אויף דיין אָרט, וועט מען גאָרניט דערקענען.

— איצט, ברודערל, פיל איך, ווי שווער די פיס זיינען

מיר, — זיצט דער שיסער אויפן הארמאט און קוועלט און — איצט וואלט טאקי גוט געווען זיך צולייגן אויפן גראז מיט די פיס ארויף, זיי זאלן אפגיין...

— אין עסן ווילט זיך, א שרעק, כאטש נעם און בייס די קוילן, — מישט זיך אריין נאך א שיסער מיט דיקע ליפן און הונגעריקע אויגן.

— עך, ווען מען וואלט געקענט קנאקן פאטראנעס, ווי ניס־לאך א שטייגער, וואלט גוט געווען, כ׳האב זיי נאך א שיין ביסל באהאלטן פון דער לעצטער אטאקע, — געפעלט דער געדאנק נאך איינעם.

— און מיר, מיינסטו, פעלן זיי? מען האט געהיימן אויס־שיסן אלע, אבער איך בין אויך ניט קיין נאר, אין שטאט קומט דאס גאנץ גוט צוניץ. פולווער, ברודערל, איז טייער, א פער־טעלע טאבאק קען מען כאפן פאר זיי...

— וואס איז דא צו פארריידן די ציין — קלאגט זיך דער ערשטער, — עסן ווילט זיך, כ׳האב שוין איינגעצויגן דעם פא־סעק אויפן לעצטן שטאך און ס׳קריכט נאך אריין א גאנצער פויסט, נאט פרובירט, — שטעלט ער אויס דעם בויך.

— גלייך ווי מען רייצט זיך מיט אונז — רעדט איינער אויס, וואס אלע טראכטן, — זעסט פון וייטן דעם דארף שוין צוויי טעג און קומסט און גייסט אוועק, כאטש זיך אפרוען, זיך אויסשלאפן א נאכט, מען לאזט דעם אטעם ניט אפכאפן.

— אויף דער לעצטער דניאווקע — רעדט ער ווייטער, — שוין געקלערט מען וועט זיך קענען אפרוהען, כ׳בין אוועק צום טייכל, אויסגעטאן די העמד און איר גענומען אויסוואשן, ערשט אין מיטן וואשן ווייטער א סיגנאל. מיט צרות איז מיר אנ־געקומען צוריק ארויפשלעפן די נאסע העמד אויף זיך, מען האט מיר געמוזט צוהעלפן...

— און מיינסט, — גיט איינער צו, — אין דארף וועט מען אונז אריינלאזן? ס'הויבט זיך ניט אן, זעסט דאך, יעדן דארף מיידן מיר אויס, די אפיצערן הולטאיעווען אומעטום, און אונז דערפירט מען ערגעץ וואו ס'מאכט זיך, אין א וואלד, איז א וואלד, אין א בלאטע, איז א בלאטע, וואס גייט זיי אן . . . ס'ווייזט אויס. די טשוכנעס האבן אפגעמאכט מיט נאטשאל־סטווא, מען זאל אונז ניט אריינלאזן, זיי ציטערן פאר אונז. די טייוואלים, זיי זאגן, אז מיר צינדן זיי אונטער די וועלדער. צום סוף האב איך שוין אליין געלאשן ביי א צענדליק מאל וואלד־שרפות. דערפאר, ווען איך גיי נאר פארביי א פעלד, גיי איך שוין ניט אן דער זייט, נאר איבער די תבואה, איבער די תבואה...

— „סטאי!" שטיים! — דערהערט זיך פלוצלונג א קאָ־מאנדע, און די עלטסטע הויבן אויף פאר א צייכן די הענט.

די סאלדאטן שטעלן זיך מיט אמאל אפ, לאזן געשווינד ארונטער די ביקסן און ציען אפ דעם אטעם.

— לאז דורך! — קומט אן פון אריערגארד א קאמאנדע.

— דער „אבאז" גייט — גיבן איבער די סאלדאטן איינער דעם אנדערן.

ס'באווייזט זיך דער „אבאז" — א גאנצער צוג פון פראָ־וויאנט־וועגענער. מיט א טראסקעריי שניידט ער זיך דורכן וועג.

אויף די אנגעלאדענע מיט היי און האבער פוראזש־וועגע־נער זיצן און ליגן „ניעסטראָיעוויע": דענשטשיקעס, שמידן, סאניטארן.

די סאלדאטן פון וועג קוקן אויף זיי מיט פאראכטונג און מען באגלייט זיי מיט חכמות און שטעכווערטלאך

— זעסט, די „כאלויעס" ווערן דאס געשוואלן פון פעטס. פאר די אויערן דארף מען זיי אראפשלעפן.

— אפשר וועט מען שוין איצט צוקומען צום דערפל, — ריידן די סאָלדאַטן מיט האָפענונג. — ס'איז שוין גענוג צו גיין פון פריען באַגינען אָן.

— די קיכן גייען! — צעטראָגט זיך פלוצלונג אַ פריילאַכע בשורה.

— זע, די פעסלאַך וואַסער ניט דורכלאָזן, — ווינקען זיך דורך ענטשלאָפן די סאָלדאַטן.

נאָך פון דערווייטנס דערהערט זיך אַ גוואַלד. דאָס רייסן זיך צווישן זיך און מיט די אַנטרייבערס די סאָלדאַטן, פאַרן באַקומען אַביסל וואַסער. די פעסלאַך מיט די קיכן טראָגן זיך ווי שנעל זיי קענען נאָר. די אַנטרייבער יאָגן די פערד. אָבער סאָלדאַטן פון אַלע זייטן רינגלען זיי אַרום, פאַרהאַלטן די פערד, זיי רוקן אַריין צווייגן אין די רעדער. דעם נערמעטישן שלאָס האָט מען שוין לאַנג אָפגעשרויפט און ער באַמבלט זיך אויף אַ קייטל איבערן וועג, און נאָך אים רינט אויס דאָס וואַסער...

אין דער אַלגעמיינער מישעניש שטעלט ווער אונטער אַ היטל, ווער אַ האַנט, און ווער עס סטאַרעט זיך נאָר כאַטש אַ לעק טאָן מיטן צונג.

— כאַטש אַ טראָפּן! — הילכט איבער'ן געדרענג.

די קוכאַרעס זידלען זיך: — טייוואַלים, איר וועט קיין עסן ניט האָבן, איר וועט די צינגער אַרויסשטעקן, מיר וועלן אייך ווייזן!...

אָפיצערן קוקן אָן אַ זייט. די עלטסטע שמייכלען און כאַפּן זיך צו שטילינקערהייט אַליין צו די פעסלאַך:

— אַז אין אונזערע „פליאַשקעס" קען מען קיין וואַסער ניט האַלטן, ס'ווערט באַלד פאַר'עיפּושט — טענה'ט זיך אויס

אַ ווזוואָדנער, פּאַרענטפּערנדיק זיך פאַרן פעלדפעבעל, און מאַכט צורעכט די נאַסע וואָנצעס.

— וואָס, ס'איז דאָ אַ האָפנונג מיר'ן היינט האָבן געקעכטס... — רייבן זיך די סאָלדאַטן צופרידן די הענט, ווען דער אָבאָז איז אַוועק, — ס'איז שוין מיאוס דאָס לעבן, עס נאָר סוכאַרעס מיט די שלעכטע קאָנסערוון...

— „סטראַיסיאַ"! — הילכט ווידער אַ קאָמאַנדע.

— וואו? וואו? אין װעלכער זייט? — גלייכן אויס די רייען און קוקן נייגעריק די סאָלדאַטן.

— „פּראַוואַיע פּלעטשאַ וופּעריאַד, שאַגאָם מאַרש! — זיך פאַרנעמען אויף לינקס! — צושטערט זייערע אַלע האָפנונגען דער ווייטערדיקער באַפעל.

— וואָס איז דאָס? גאָר אין וואַלד אַריין!... — שטוינען די סאָלדאַטן, און מיט בייזע אָנגעכמורעטע פּנים'ער קריכט מען אַראָפּ פון וועג.

---

מעג דער טאָג זיין ווי הייס, די יעשענדיקע צפון־נאַכט איז קאַלט. — זיצן די סאָלדאַטן אין וואַלד ביי פּאַנאַנדערגעלייגטע קאַסטערעס. וואַרעמט מען איין זייט פרירט די צווייטע. טוליעט מען זיך צום פייער און מען וואַרפט צו אַלץ מער סכך.

פריילאַך קנאַקט דער צוגעוואָרפענער סכך און שיסט מיט שלענגלאַך, פונקען, און לעקט די פינסטערניש מיט פייער־צונגען.

די סאָלדאַטן מיט אַ פייערדיקן אָפּגלאַנץ אויף די פּנים'ער, זיצן אַרום איינגעטוליעט אין די שינעלן, וואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט אויפזידן אין די קופּערנע קעסעלאַך און קוקן זיך צו ווי פליגן און נאַכטבאַבעלאַך פליען, צירקלען פאַרבלענדעטע אַרום פייער און ווערן פאַרברענט אויף טויט.

מיט פאַרדראָס וואַרפט איינער אַריין אַ הורבע סכך אין פייער און וואַרטשעט אומגעדולדיק:

— זע נאָר, ס'דערלעבט נאָרניט אויפצוקאָכן...

— פשוט קיין כחות ניטאָ צו דערוואַרטן זיך פון הונ־גער... — קרעכצט אָפּ אַ צווייטער.

— ס'הויבט אָן צו זידן, — מישט איינער מיט אַ צווייגל אין קעסעלע, — האָט איר שוין אַלע די פּושקעלאַך קאָנ־סערוון געעפנט?

— נאָך ניט צייט, גלייב איך, — זאָגט איינער, — לאָז זיך אַביסל בעסער קאָכן.

טיף אין וואַלד דערהערט זיך אַ געזאַנג. די סאָלדאַטן הערן זיך שווייגנדיק צו און קוקן מיט עקשנות אויפן פייער, און ריכטיק ווי פונקען, פלעמלאַך וואַלטן געשפּרונגען ביי זיי אין די אויגן, שפּיגלט זיך אָפּ דער פלאַם.

— נישקשה, די אָפיצערן לאָזן זיך וואויל גיין ביי זיך אין פּאַלאַטקע, — האַלט זיך איינער ניט איין.

— ביי זיי איז איצט לעבעדיק, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער, — יעפים דערציילט, אַז מען האָט זיי אַנגעבראַכט וויינען און שאַמפּאַניער.

— ביי די הערן אָפיצערן אַז שאַמפּאַניער גייט ראָס ניט.

— גיט איינער צולעצט צו.

— ליידיגט אויס די קעסטלאַך קאָנסערוון!

— גוט מיש אויס!

— קוים דערלעבט, ס'ציט די נשמה אַרויס.

— „ווסטאַט סמירנאָ! — צעטראָגט זיך פּלוצלונג אַ קאָ־מאַנדע איבערן גאַנצן וואַלד.

די סאָלדאַטן שפּרינגען אויף און קוקן זיך איין אין דער פינסטערניש.

„פוליא“ רייט לאנגזאם פון דער אפיצערסקער פאלאטקע פארביי די קאסטרעס, ווי געוויינלאך צופט ער דעם רויטן פרענזל אויפן שווערד און ווענדט זיך צום אדיוטאנט, נאר אז אלע זאלן הערן:

— ווי אויף דאטשע זיינען זיי דא. האבן זיך קאסטרעס צעלייגט, אז דער „שונא“ זאל דערזען. פארארדנט א „טרע־וואגע“!

טרויעריק צעוויינט זיך דער „ראזשאק“. פון אלע זייטן ברייינגט אים דער עכא צוריק און ווערט ווידער פארפאלן אין דער פינסטערניש.

— „טושי קאסטרי!“ — לעש די קאסטרעס — באַ־פעלן די וואַכטנע.

מאמענטאל ווערן מיט וואוט אלע קעסעלאך מיט׳ן עסן איבערגעקערט אויפן פייער, ס׳שיפען די פייערן און הויבן זיך אן צו לעשן, מען צושלעפט דעם סכך און מען טרעט אים מיט די פיס, דאך גליען גלאווניעס, קוילן ווי גלי ווערים אין דער נאכט.

— פארלעש בעסער, ס׳וועט נאך ווערן א שרפה, — ווארנט איינער.

— כאפט דאס דער רוח, זאל אלץ פארברענט ווערן מיט „פוליע׳ן“ צוזאמען, אפילו די סוכארעס מיט די קאנסערוון האט ער ניט פארגונען, נישקשה...

די סאלדאטן מורמלען פארביסן און פון העלער הויט שיסט פלוצלונג אוים א ליידיקער פאטראן ביי א קאסטיאר. באלד א צווייטער, א דריטער, דער וואלד ענטפערט אפ: ס׳דוכט זיך, אז דער גאנצער וואלד איז פארשאטן מיט קוילן, אז ס׳קומט פאר א שטארקע שיסעריי.

„פוליא“ פאַרט אַרום מיטן אַדיוטאַנט ווי פּאַר׳סם׳טע. האַלב שיכור׳לאַך לויפן די אָפיצערן פון פּאַלאַטקע.

„פוליא“ שרייט עפּעס פון דער פינסטערניש און די סאָל־דאַטן וואַרפן אַלץ מער פּוסטע פּאַטראָנעס אין דעם גליענדיקן פּריסעק — זאָל דער „שונא“ דערהערן...

— אַרויספירן די שיסער פון וואַלד! — לויפן אום די דעזשורנע.

שאַרן זיך צו די אַרטילעריסטן און בעטן אין דער שטיל: גיט אונז איבער אייערע פּוסטע פּאַטראָנעס, איר מעגט זיך אויף אונז פאַרלאָזן...

די שיסער מאַרשירן מיט בייזע פּנים׳ער, מיט פולע הער־צער צוריק אויפן וועג, און מיט אַ ווילדן פאַרגעניגן הערן זיי זיך צו, ווי די שיסעריי אין וואַלד גייט אָן און גייט אָן...

## אין אַטאַקע

אין כמורנעם רעגנדיקן באַגינען צעטראָגט זיך אַ קאָמאַנ־דע: — מאַך זיך גרייט איבערבראָדזשען דעם טייך!

צווישן די מאַסן סאָלדאַטן, וואָס זיינען צעשאָטן איבערן נידעריקן זומפּיקן ברעג, ווערט אַ סומאַטאָכע. די דורכגעווייק־טע אַרטילעריסטן הויבן באַלד אָן זיך צו עסק'ן ביי זייערע האַרמאַטן; די פאַרבלאָטיקטע שיסער און די נאַסע פאַרשפּריצ־טע קאַוואַלעריסטן שטעלן זיך אויס אין רייען און טרעטן צו נעענטער צום וואַסער.

צווישן די קאַוואַלעריסטן שרייען די עלטסטע:

— אויפּפּאַסן אויף די „ווינטאָוואָקעס", — זיי נעמען אונ־טער די שינעלן!

די קאַוואַלעריסטן ציטערן פון דער נאַסער קעלט. קוים וואָס זיי שפּילן פאַנאַנדער מיט די פאַרגליווערטע פינגער די שינעלן און זידלען זיך שטיל פאַרביסן: דער טייוול מעג דאָס כאַפּן!

— וואָלט כאָטש פון טייך אַזאַ שניידנדיקער ווינט ניט גע־שמיסן אין פּנים און דורכגענומען די ביינער — טרייסלט זיך איינער פון קעלט. דערביי טוט ער אויס דעם שינעל און רוקט דעם ביקס אין אָרבל אַריין.

איינער אַ שיסער פון דער אַרטילערישער „שוץ", רייבט

צו דערוואַרימען די רויטע אַנגעדראָלענע פּויסטן און וואַר־
טשעט בייז אין דער וועלט אַריין:

— מיר'ן די שטיוול איבערפירן, שוין די צווייטע פּאָר
שטיוול צעריסן, איצט וועט ניט זיין מיט וואָס אהיים צו פאָרן.

באַלד ווענדט ער זיך צום שכן: — כ'האָב דיר אָבער
פריער געזאָגט, אַז מען וועט קיין בריק ניט מאַכן...

— ווען האָסטו געזאָגט? — האַקט אים אָפּ דער צווייטער
מיט אַזא טאָן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט נעמען קריגן, —
האָסט גאָר ניט געזאָגט...

— כ'האָב יע געזאָגט... כ'האָב אפילו געזאָגט, אַז מען וועט
ניט לאָזן דורכבראָדזשען באַרוועס מיט פאַרקאַשערטע הויזן.

אַן אַרטילעריסט מישט זיך ביידלאַך אַריין:

— העלף בעסער דעם האַרמאַט שטופּן, זעסט דאָך, אַליין
וועלן די פערד קיין מאָל ניט אַוועקשלעפּן... טרייב זיי דאָרטן
די סטערוועס! — שרייט ער צו די יעזדאָוויע ביי די פערד.

אַ צווייטער לאָזט אָפּ אויף אַ ווײַלע דעם האַרמאַטס ראָד,
ווישט אָפּ מיטן נאָסן אַרבל דעם פאַרשוויצטן שטערן און
שרייט בלומרשט מיט פאַראַכטונג צו די שיסער:

— וואָס? איר טרייסלט זיך פון קעלט, איר „פּעכאָטנע
שטשורעס", העלפט נאָר אַ שטופּ טאָן די רעדער, וועט אייך
ווערן וואַרים!

באַלד ווייזט ער אַן אויפן טייך — אַ מזל אַ פאַרשאָלטע־
נער! אויף להכעיס זיך אויפגעבלאָזן איבער נאַכט; נעכטן
וואָלט דער וואַסער געווען אפשר ביז די קנעכל, היינט, אַז
ס'וועט מער ניט דערגרייכן ווי ביזן גאַרטל, וועסטו נאָך מעגן
זאָגן אַ דאַנק.

אַ דאגה! — נעמט זיך צוריק צום ראָד דער ערשטער, —
סיי ווי זיינען מיר דורכגעווייקט ביז'ן לעצטן פּאָדים.

— אָבער ווי ס׳גיסט און גיסט ווי דורך אַ זיפּ, עס דערלעבט גאַרניט אויפערן — נעמען זיך די שיסער העלפן די אַרטילעריסטן.

אין מיטן די געשרייען און שמוצערן פון די יעזדאָוויע: — נאַ! — נעם! — שלעפּ! — שרייט איינער אויס:

— מען הויבט שוין אָן דורכצוגיין!

אויף אַ רגע פאַרקוקן זיך אַלע אויף דער ערשטער ריי, וועלכע גרייט זיך אַריינגיין אין וואַסער.

---

פון אונטער אַ גלאַנציקן אַפּיצערסקן רעגן־מאַנטל, פון קאַפּיושאָן אַרויס, פרעגט אַ הייזעריקער צוגעקילטער קול: — וואו איז דער אָרט דורכצובראָדיען?

דער אויסקוקער אויפן פערד כאַפּט די האַנט צום דאַשעק:

— כ׳וועל אייך ווייזן, וואַשע בלאַגאָראָדיע, — ענטפערט ער און קירעוועט אויס ראַפּטאַם דעם פערד.

— פאָרויס, מאַרש! — רירט זיך די קאָלאָנע מיט׳ן אויסקוקער אויף פריער.

אָבער ביים סאַמען וואַסער בלייבט דער פערד שטיין. שפאַרט זיך איין עקשנות׳דיק מיט די פאָדערשטע פיס, שנאַרכט מיט חשד די לופט, גיט אַ וואַרף צעשראָקן דעם קאָפּ אַרויף, ווי איינער זאָגט: כ׳וועל נישט גיין אין וואַסער.

דעם פערד׳ס זיך אָפּשטעלן, זיין אינסטינקטיווער פחד, וועקט דעם זעלבן געפיל ביי די סאָלדאַטן און ס׳דוכט זיך אַלע ניבן אַ ציטער און ס׳לויפט דורך אַ געדאַנק: מיר׳ן ניט גיין...

— העי דו, וואָס האָסטו זיך אָפּגעשטעלט? — בייזערט זיך די הייזעריקע שטימע פון קאַפּיושאָן אַרויס.

אָט האָבן זיך די שפּאָרן פון רייטער איינגעשניטן אין

די נאַסע צעשויבערטע זייטן; דער פערד ציט זיך און דרייט זיך פון ווייטאָק און מורא; ער פּרובירט זיך פאַרנעמען רעכטס — לינקס, נאָר די קרענזשליע און די שפּאַרן האַלטן אים אין צוים און אין פאַרצווייפלונג שניידט ער זיך מיט געַ־רויש אין וואַסער אַריין.

באַלד בלייבט ער ווידער שטיין און ווי ער וואָלט געוואָלט שלום מאַכן מיט'ן וואַסער לאָזט ער אונטערטעניק אַרונטער דעם קאָפּ און לעקט אים, נאָר די שפּאַרן רוען ניט און ער שניידט אַלץ פאַראויס און פאַראויס.

דער ברויזיקער וואַסער ווערט מוטנע אונטער אַלעמענס פיס. דער מאָנאָטאָנער גערויש פון רעגן ווערט פאַרשלונגען פון דער פליושקעריי און אומגעוויינלאַכן גערודער. אַלץ טיפער ווערט דער וואַסער. די קאַוואַלעריסטן ווי איינגעוואַקסן אין די זאָטלען האָבן זיך אויסגעצויגן ווי ווילדע גענז אין איין שורה. פון די „ווינטאָווקעס" הענגען אַרונטער די שינעל־אַרבל ווי פון אָפּגעשניטענע הענט און פאַרזיכטיק־שטיל מיט שטומע פאַר־ביסענע פּנים'ער שאַרן זיי זיך אין וואַסער אַריין. וואו ניט וואו צעכראָפּעט זיך שווער אַ פערד און ס'פילט זיך דער נאַסער גרילץ פון די פאָדקאָוועס איבער די צופעליקע אונטערוואַסערדיקע שטיינער, ווי מען וואָלט אָנגעשאָטן זאַמד אונטער די ציין.

— פּאַס אויף! — רופן אומרואיק די שכנים ווען אַ פערד ניט זיך אַ גליטש, — ווערסט זיך קיין מאָל ניט אויסצאָלן!

מיט אַ גערודעריי שלעפּן זיך די האַרמאַטן איבערן פלאַכסטן אָרט און קערן זיך שווער פון איין זייט אויפן צווייטן, די אַרטי־לעריסטן מיט זייער „שוץ", איבער די כאָליעוועס אין וואַסער זיינען באַרייט יעדע מינוט צוהעלפן.

טיפער אין וואַסער קריכן די שיסער האַלטנדיק די ביקסן איבער די קעפּ, צונויפגעקאָרטשעט און איינגענורעט פון אייז־

קאַלטן וואַסער, פון שניידנדיקן ווינט און רעגן, טאַפּן זיי מיט די שטיוול דעם גרונט, און גיט אימיצער אַ געשריי, אָדער זיך אַ גליטש אויס, כאַפּט אים באַלד אַן אַנדערער אונטער.

מען גייט, און אַלע אויגן זיינען געווענדט צום צווייטן ברעג, נאָר ער מערקט זיך קוים דורכן רעגן און נעבל, עפּעס ליגט דאָרטן עט ווייט שוואַרצעס, פאַרנעבלטעס ווי נידעריקע כמורנע וואָלקנס אויפן האָריזאָנט, מען גייט און ס'דוכט זיך אויס, אַז דער טייך איז אומגעהייער ברייט, אַז דער צווייטער ברעג איז גוואַלדיק ווייט און הויך, אַז דאָרטן האָט זיך נאָך דער באַגינען נים פאַרנומען...

ערגעץ גאָר פון דערווייטנס, ווי פון צווייטן ברעג האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס און מיט אַ ווידער־קול זיך צעטראָגן איבערן טייך.

ביי די סאָלדאַטן רייסן זיך איבער די געדאַנקען. מען הערט זיך צו: איז דאָס פון אַן אייגענעם אָדער פון „שונא"?

די אָפיצערן און די עלטסטע ווערן מיטאַמאָל נערוועז:

— גיכער צום ברעג! — הויבן זיך אויף געשרייען.

ערגעץ פון אַ צווייטער זייט, פון נעבל אַרויס, האָט ווידער אָפּגעהילכט אַ שאָס, באַלד נאָך איינער און נאָך איינער און צע־שאָטן זיך איבערן וואַסער.

די סאָלדאַטן נעמט דורך אַ נערוועזער ציטער.

— גיכער אויפן ברעג! — איילן זיי זיך שוין אַליין.

— זאָגטס ליגן, האָסט אונז נים געפּאַקט — וואָרטשען פילע פאַרביסן.

אור־אור־בוך... דונערט עס פּלוצלונג, ווי דער גאַנצער הויכער סודות'דיקער ברעג וואָלט זיך פּלוצלונג אַראָפּגעשאָטן אין טייך אריין אויף אַלעמענס קעפּ.

— טר־ר־ר... — הויבט זיך אָן צושיטן דאָס טרוקענע איילנ־

דיקע קנאַקעריי פון קוילן־וואַרפער. פון אַנטקעגן באַווייזן זיך עפּעס סאָלדאַטן און לאָזן זיך לויפנדיק אַרונטער.

אור־אור־בוך... קייקלט זיך ווידער אַ דונער איבערן טייך.

— די אַרטילעריע, ניין די קאַוואַלעריע פאָרויס! מישן זיך צונויף געשרייען.

מיט אַלע כחות, מיט אָנגעצונדענע אויגן רייסן זיך די סאָלדאַטן צום ברעג, פון זיך אַליין פּאַסן שוין צו די שיסער די שטיקעס צו די ביקסן, נאָך אַ טריט — נאָך אַ טריט און מען וועט זיין אויפן ברעג.

אויפן ברעג וואַרט שוין אַ גרופּע אָפיצערן אויף פערד מיט „פּוליא׳ן" אין דער שפּיץ און קוקן זיך צו מיט פאַרגעניגן ווי די סאָלדאַטן קריכן העלדיש אַרויס אויסגעצוואָגענע פון טייך. באַלד דערהערט זיך זיין קוויטשעדיקע קאָמאַנדע:

— די באַטאַרעע אויף איר פּאָזיציע, אין גאַלאָפּ, מאַרש!

מיטן גרעסטן אימפּעט טראָגט זיך אַוועק די באַטאַרעע איבערן צעדרייטן וואַלד וועג. די אַרטילעריסטן אָוספּייען קוים אַרויפצושפּרינגען אין מיטן לויף אויף די האַרמאַטן, ווי פילקעס שפּרינגען אונטער די הונדערט פּודיקע האַרמאַטן איבער די אַרויסגעשטאַרצטע שטיינער און האַרבאַטע וואָרצלען.

אין מיטן לויף צעטראָגט זיך פּלוצלונג איבערן וואַלד אַן אוממענטשלאַכער ווייטאָגלאַכער געשריי.

— האַלט! שטיי! — דערהערן זיך צעשראָקענע געשרייען פון סאָלדאַטן.

איין האַרמאַט שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ אויפן שמאָלן וואַלד־וועג, די הינטערשטע לויפן אָן און בלייבן אויך שטיין. פון אַלע זייטן שפּרינגען פון די האַרמאַטן די אַרטילעריסטן און פרעגן זיך נאָך: „וואָס איז?"

— אן ארטילעריסט ארונטערגעפאלן, — גיט מען איבער איינער דעם צווייטן.

א סאָלדאט א צעפלאַסטערטער ליגט איינגעקוועטשט אין דער ערד. פון מויל, פון נאָז, פון די אויגן שפּאַרט ראָס בלוט.

עפּעס פאַרלאָרן, אומבאהאָלפן גרופּירן זיך אַרום אים די סאָלדאַטן, קוקן זיך צו ווי ער ראנגלט זיך מיטן טויט און מאכט שוואכע קאָנוואולסיווע באוועגונגען מיט א האַנט, מיט א פוס.

— די „לאַזאַרעטנע ליניִיקע“1) אַהערצו — לויפן סאָל־דאַטן איבערן וועג און שרייען.

דערווייל דערציילט א שיסער פון דער „אַכראַנע“ :

— כ'האָב אליין געזען, ווי די ראָד איז אים אָט דאָ איבערן האַלז אַריבער...

איינער, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם ארונ־טערגעפאלענעם מער פון אַנדערע, הויבט זיך אויף פון די קני, צלמ'ט זיך איבער און מיט א צושראָקענעם פּנים, שיער מיט טרערן אין די אויגן, קוקט ער זיך אַרום און זאָגט סתם אין דער וועלט אַריין :

— אוי וועט דאָס זיין מאַמע וויינען...

— ביידע פון איין דאָרף, „זעמליאַקעס“ — ערקלערן ארטי־לעריסטן די שיסער, — און ניט באַשערט אים, נאָך די מאַנעוור־רעס שוין באַדאַרפט אַהיים גיין — באַדויערן זיי אים.

די גרופּע אַפיצערן מיט „פּוליאַ'ן“ בראש פאָרן אָן. ער דערזעט דעם טומל און גראַבט איין דעם פערד. מען ראַפּאָר־

1) דער אַמבולאַנס.

טירט אים גלייך: אן ארטילעריסט איז ארונטערגעפאלן און געהרג'עט געווארן, מער האט גארניט פאסירט...

„פוליא" צופט נערוועז דעם רויטן בענדל אויפן שווערד און צעקווטשעט זיך ביז:

— הינט וואס איר זייט! וואס האט איר זיך אפגעשטעלט? אימיצער האט אייך באפעלן זיך אפשטעלן? אט ברואים פארפלוכטע! — טרייסלט ער מיטן כליסט, — א סאלדאט איז געהרג'עט געווארן, ווילן זיי שוין די גאנצע מאנעווערעס אפהאלטן... אים אפלייגן אן א זייט!...

דעם געהרג'עטן טראגט מען אפ און מען דעקט אים איבער מיט א שינעל איבערן פארבלוטיקטן קאפ. די ארטילעריסטן מיט פארביסענע פנימ'ער, זעצן זיך צוריק איין און די באטארעע טראגט זיך ווייטער. ווי גאר ניט געווען, נאר „פוליא" פארט לאנגזאם מיט די אפיצערן ביים זייט, צופט דעם רויטן פרענזל און רעדט צוקאכט צו די אפיצערן:

אין דער יאפאנעזישער קריג אויך דאס אייגענע, מען קען זיי גאר פון דעם ניט אפגעוואוינען, פלעגט נאר אימיצער אנידערפאלן, באלד קלייבן זיי זיך די „סוואלאטשעס" ארום אים צונויף...

---

פון אלע זייטן טראגט זיך א שיסעריי; — פון איבער די בערג, פון וואלד, פון בלאטיקן טאל. אין דער נערוועזער טרעשטשעריי פון ביקסן און קוילנווארפער קוילערט זיך דאס טויבע דונערן פון הארמאטן. וואו־ניט־וואו טראגט ארום דער ווינט קורצע אפגעהאקטע קאמאנדעס:

— לויפיקער פייער!

— אויף שטיקעס!

— הורא, הורא! — טראגט זיך ערגעץ פון א זייט און

פּאַרמיטלער מיט ווייסע בענדער אויף די אָרעמס מיט פּייפּעלאַך
אין מויל, פליען אהינצו פון אַלע זייטן.

— וואָס שטעכסטו זיך? — כאַפּט אַן אַ פּאַרמיטלער אַ צו־יושעטן סאַלדאַט פאַרן האַנט, — ביזט משוגע געוואָרן?

דער סאַלדאַט, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַרט, פאַרכאַפּט זיך און שטעלט זיך אָפּ מיט פאַרוואונדערטע אויגן — טאַקי וואָס שטעכט ער זיך...

— קוק, מען דאַרף דיר מיטן פריקלאַד דעם קאָפּ שפּאַלטן, האָסט מיר די גאַנצע האַנט צעבלוטיקט, — קען זיך ניט באַ־רואיקן דער געליטענער.

---

אויף אַ בערגל זיצנדיק אויף די פערד, שטייט „פוליא" מיטן שטאַב און קוקן אין פעלד־בינאָקלען. אין פולן גאַלאָפּ קומען צופליען עסטאַפעטן, בלייבן שטיין, ווי איינגעגראָבענע פאַר „פוליא'ן" מיטן האַנט צום דאַשעק און ראַפּאָרטירן.

— קוקט, — ווייזט אַן „פוליא" די אָפיצערן, ווייזט אויס צופרידן פון די ראַפּאָרטן, — קוקט, — ווייזט ער אַן אויף דער פּאַנאָראַמע, — עס גייט ווי געוואונשן. טייוואָלים, ניט קיין סאַלדאַטן...

אונטן קריכן אַרויס סאַלדאַטן פון קאַנאַוועס, לויפן ווי משוגענע, טרעפן זיך צונויף, וואַרפן זיך איינער אויפן אַנדערן און שטראָמען אָפּ.

פּלוצלונג האָט „פוליא'ס" פערד זיך עפּעס אינסטינקטיוו אַ צאַפּל געטאָן און פון העלער הויט האָט „פוליא" וויטאַגלאַך אַ קרעכץ געטאָן, מיט ביידע הענט אַ פּאַך געטאָן אין דער לופט.

— זיך געוואָלט אַ כאַפּ טאָן ביים האַרצן, נאָר זיך אַ קרים גע־טאָן אין זאָטל און זיך אַראָפּגעקייקלט ווי אַ שטיין.

געליימטע בלייבן די אָפיצערן, אַ מאָדנע שרעק, ווי אַ

וואונש זיך צו לאָזן לויפן פון בערגל אַראָפּ שפּיגלט זיך אָפּ אין די אויגן. נאָר „פּוליאַ'ס" פערד אַליין דרייט אום דעם קאָפּ און קוקט פאַר'חידוש'ט אויף זיין בעל הבית. באַלד וואַרפן זיך עטלאַכע צו „פּוליאַ'ן", מען הויבט אויף זאָרגפול זיין טויטן קאָפּ און מען שפּיליעט פאַנאַנדער זיין מאַנטל און מונדיר.

— בלוט! — גיט זיך דער אַדיוטאַנט אַ צאַפּל און ווייזט אָן ווי פון דער לינקער זייט ברוסט שנירלט זיך אַ פּאַסעקל פאַרקאַכטע בלוט.

ער גיט זיך אַ וואַרף פון בערגל אַראָפּ, פאָכעט ווילד מיט די הענט און שרייט צו די סיגנאַליסטן:

—דעם קאָמאַנדיר דערשאָסן! אָפּשטעלן די מאַנעווורעס!

די רופנדע סיגנאַלן פון „אָטבוי" צעטראָגן זיך ווייט איבער'ן פעלד און מיט אַ ווידער־קול ענטפערט אָפּ דער וואַלד אויף די בערג.

# די אידיליע פון קליינעם גליקלאכן לאנד

אויף דעם וואנדער־וועג פון פעלקער איז געלעגן א קליינע גליקלאכע לאנד.

און די שענסטע צייט פון יאר איז געקומען, הייסע טעג און דופטיקע, לינדע נעכט. די ערד האט געקוואלן פון ווארעמקייט און גליק. די ערד האט פרוכט געבראכט און אלץ האט געלעבט און געזונגען. אויף די פעלדער זיינען די זאנגען פול געווארן. די אויבסן אין די סעדער האבן זיך אנגעגאסן, און די אפגעקאר־שעטע לאנקעס האבן זיך אויף־דאס־ניי מיט בלומען פארפוצט.

זעטיקע פייגל האבן זיך אומעטום גענעסט, געסוויטשערט, געשפילט. פון צווישן דיביימער, פון צווישן די גראזן האט זיך א געזאנג געטראגן, און געדוכט האט זיך, אז א זילבערנע סטרונע איז אנגעצויגן אין דער לופט און זי וויברירט, זינגט אן אן אויפהער.

מיט די טייכן האבן זון, שטערן און לבנה א שטראלן־שפיל געפירט; אין זייערע וואסערן האבן פארביקע פיש געשטיפט, רויגן געווארפן און זיך געמערט.

דער פויער האט אין זיינע שייערן שוין א פלאץ פארן נייעם שניט געמאכט. ער איז אויפן וועג ארויס און זיין הויז באַ־טראכט — א ירושה פון זיינע עלטערן. עס איז נאך אבער שטארק און פעסט, און עס האט זיך צעוואקסן זיין הויז, עס איז גרעסער און שענער געווארן. אויף די גערטנער, פול גרינס, האט

ער זיך פארקוקט, אויף די פעטע לאנקעס, אויף זיינע רינדער און שאף: גאט, ווי זיי פּרוכפּערן זיך! און ווען ער איז צו די פעלדער צוגעקומען, האט א שטילע פרייד אים אנגעפילט: זיינע עלטערן, ער, זיינע קינדער האבן די זעלבע ערד גע־אקערט, מיט שווערער שווייסיקער ארבעט האבן זיי זי פאר־זייט. אבער זי איז א טרייע. זי באצאלט זיי איצט כפל־כפלים.

און דער ים, דער גרויסער אומענדלאכער ים, האט פון דער ווייטער פרעמד די היימישע ברעגעס גרוסן געבראכט. שיפן און פעלקער האבן זיך פון אלע עקן וועלט אין די פארטן געצויגן און האבן דאס לאנד רייך געמאכט.

די בערג האבן קוילן און אייזן געגעבן. דימענטן און טייע־רע שטיינער האט מען אומעטום אין די שטעט און דערפער גע־שליפן. זאטע, געזונטע קינדער האבן זיך אין די שולן געלערנט, געשטיפט און געשפילט זיך אויף די גאסן און אין די פארקן. בחורים מיט מיידלאך האבן אויף די גאסן, אין די פארקן קארא־האדן געפירט, געזונגען און געטאנצט.

שיין און גליקלאך איז געווען דאס לעבן אין דעם קליינעם לאנד.

נאר דער טויט האט פון א ווינקל שוין געלויערט. די נאטור האט געשאפן. מענטשן האבן געבויט... און ער האט זיך פאר־גנב'עט און שטיל מיט זיין עק־בויער שוין געבויערט א לאך אין דער נאך ניט פארטיקער מענטשלאכער געביידע...

# די מהומה

דאָס איז דער טויט, אָנגעטאָן אין אַ מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ, מיט אַ קאָקאַרדע אויפן שאַרבן, מיט לאַקירטע שטיוול אויף די קנאָכענדיקע פיס, מיט אַ בלאַנקן שווערד אויף די לענדן, אַרויסגעקראָכן אין די צוויי שכני'שע שטאַרקע מדינות פון די פעסטונגלעכער, פון די שטאָלענע מיילער פון די האַרמאַטן, און געגאַנגען צווישן די איינוואוינער און גערעדט:

— איר זעט, אַריבער דעם קליינעם לאַנד די צווייטע שטאַרקע מדינה? זי ווערט שטאַרקער פון אונז, זי וועט פאַר־כאַפּן...— און ווי אַ וואָרעם איז דער טויט אַריינגעקראָכן יעדן איינוואוינער אין האַרצן און געזויגט די נשמה: „האַלט מלחמה... ס'איז אַ געפאַר!...“

און אויך אין דער צווייטער שטאַרקער מדינה אַריבער דעם קליינעם לאַנד איז דער טויט געגאַנגען פאַרפּוצט אין אַ מונדיר, און געטייט מיטן ביינערדיקן פינגער און געוואָרפן מיט די פוסטע לעכער־אויגן צו די מענטשן:

— איר זעט אַריבער דעם קליינעם לאַנד די צווייטע שטאַר־קע מדינה, זי וועט פאַרכאַפּן... „האַלט מלחמה... ס'איז אַ געפאַר!“

און באַלד האָט זיך געשאַרט דער טויט צווישן די איינ־וואוינער און צעשאָטן אַ דריבנעם, ביינערדיקן געוויש, ווי פון אַ פויק:

„דער שונא קומט!"

און די מענטשן האָבן זיך פאַרברידערט מיטן טויט. און ער האָט אַלץ אַרומגעשפּאַצירט צווישן די מענטשן, פאַרפּוצט אין אַ מונדיר און צעשאָטן אַ דריבנעם ביינערדיקן געריוויש, ווי דאָס דריבנע קלאַפּן פון אַ פּויק: „דער שונא קומט!..."

---

גלייך האָט די אַרבעט פון באַפעסטיקונג געקאָכט אין דעם קליינעם גליקלאַכן לאַנד. פון פרי באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט איבער די פעלדער טויב געקלונגען דער רידל און אין די וועלדער, פּאַרקן, אַלייען האָט פאַרביסן געגרילצט די זעג; און אויפן אָרט פון די אויסגעוואַרצלטע ביימער האָט מען זאָרג־פול מינעם פאַרפלאַנצט, און געוואַרט האָט מען אויף מענטשן, וואָס זאָלן זיי באַפייכטן מיט זייער בלוט, דער טויט זאָל קענען וואַקסן און געדייען.

# אַנטוווערפּן

אין גאַס איז שוין קינד און קייט געשטאַנען און געלייענט דעם בורגערמייסטערס פּלאַקאַטן, אַז די דייטשן זיינען אַריבער דעם גרענעץ און שטייען שוין ביי וויזע...

מיר האָט געדוכט, אַז אַלע זיינען ווי איך אויף גאַנצע מי־נוטן פאַרשטיינערט געוואָרן מיט צוגעשמידטע אויגן צו די קליינע צעטלאַך־פּלאַקאַטן: געדיכט אָנגעקלעפּט אין צעטומלטע הורבעס. דער זעלבער שוואַרצער נוסח האָט געריסן פון ווייסן פּאַפּיר:

מלחמה!

איז עס אמת?

עפּעס האָט אַ טויטע שטילקייט אַראָפּגענידערט איבער אַלע־מען — אַ שרעקלאַכע שטילקייט און פּלוצלונג האָט זיך לעבן מיר איינער צורעדט, געמאַכט מיט די הענט.

צום אָנהויב האָב איך זיינע רייד ניט פאַרשטאַנען, נאָר זיי האָבן מיר און די אַרומיקע אויפגעוועקט. איך האָב זיך ווי אויפ־געכאַפּט און נאָך ערשט זיך געמוזט איינקוקן אין אים צו פאַר־שטיין, פאַרוואָס ער רעדט איצט אַזוי הויך, ווען אַלע שווייגן.

איך זע אַ אייזנבאַנער, אויפן היטל די קאָקאַרדע מיטן ראָד און צעשפּרייטע פליגל און ער מאַכט מיט די הענט און רעדט מיט טרויעריקן ערנסט:

— מענטשן ליבע, כ׳בין דאָך איצט פון דאָרטן, גלייך פון באַן אַנטלאָפן. געווען אויפן גרענעץ, כ׳שטיי ביין גרענעץ.

אויפן סלופ דער אויפשריפט: „דורכגאנג פארבאטן" און דייטשע קאוואלעריע קוקט ניט אויף דעם, גייט און גייט דורכן גרענעץ...

און אין מיטן זיינע רייד —

זיינען אנגעלאפן צייטונגס־אינגלאך מיט א געשריי:

— אפיציעל, אפיציעל! איין בעלגיער דער'הרג'עט; פיר דייטשן... פערצן פארוואונדעט...

א געלויף האט זיך אנגעהויבן, אן איילעניש. דעם אייזנבאנער האט מען ניט געענטפערט. עפעס איז ליידיק געווארן דער פלאץ ארום פלאקאט. מענטשן האבן אנגעהויבן לויפן הין און הער. די שטיקל פאפיר מיט די קליינע אותיות האט מיר געריסן די אויגן. איך האב געלייענט און נאכאמאל געלייענט —

און די צייטונגס־אינגלאך האבן אלץ געריסן די לופט:

— ערשטער צוזאמענשטויס... איין בעלגיער, פיר „באשעס" דער'הרג'עט...

# דער המון.

א געלאף, א טומעניש. א כוואליע מענטשן טראגט זיך מיט גערויש איבערן גאס, פארפלייצט די טראטוארן, שלאגט זיך אפ אן די שטיינערנע ווענט פון די מויערן.

פון שוימיקע מיילער טראגן זיך אין הייסן טאג צעווילדעטע קולות: — טויט די באשעס!

מענטשן, וואס קומען אנטקעגן, רוקן זיך אפ:

— זיי קענען צעטרעטן...

— די ריכטיקע חברה, פארטאווע...

— ניטא וואס מורא צו האבן... היינט... אלע פאטריאטן...

דער המון טומעט פיל פיסיק, פארפלייצט, ווארגט די גאס, שטויסט פון זיך ארויס דא איין שפיץ, דא א צווייטן.

שטויסט זיך ארויס א יונג, לויפט פארויס, קערט זיך מיטן פנים צום המון, טרעט הינטער זיך, פאכעט מיט די הענט:

— זאל לעבן דער קעניג!

— טויט די באשעס!

רייסט זיך אדורך צעווילדעט א פרוי. מיט שכור'ע באוועגונגען און קולות כאפט זי דעם יונג אונטערן ארעם, פאכעט מיט דער הוט:

— טויט די באשעס!

אויף א רגע האט זיך די כוואליע פארהאלטן. מענטשן קריכן, קלעטערן איינער אויפן אנדערן און מיט אמאל:

טראַד...

אַ דייטשע שילד האָט זיך גלעזערדיק און בלעכיק צעשאָטן און צעקנייטשט. פיס פון אַ סטאַרע טאַפּטשען איבער דעם און טאַפּטשען איין:

— טויט די באַשעס!

ווידער האָט זיך די כוואַליע אַ רגע פאַרהאַלטן.

— בו... בו!... שלאָג אים!...

אויפן הויכן טרעפּ פון זיין קראָם שטייט אַ דייטשער חזיר־ניק. דער רויטער פּנים זיינער האָט געקראַגן דעם קאַליר פון זיינע בלאָנדע וואָנצעס.

אים שטעכן ווילדע אויגן, הענט ציען זיך צו אים צונויפ־געקרעמפּט אין פויסטן, ציינער קריצן:

— פעט געוואָרן אויף אונזער קאַרג!...

— שלאָג אים!...

און ער, דער דייטש, מיט אַ חזיר פאַלקע אין האַנט, מיט אַ פאַרשולדיקטן שמייכל אויפן פאַרלאָרענעם פּנים:

— נאָט!...

— ניט נעמען!

— וואָס ניט נעמען?

— ס'איז אונזערס!

— גיב נאָך!...

גיריקע אויגן ווינקען, ציין שטשירען אין בייזן געלעכטער:

— מיך לאָז, מיך!...

דער דייטש מיטן פאַרשולדיקטן שמייכל אויפן פּנים שטייט אויפן הויכן טרעפּ און פון זיינע הענט גייען אַרויס חזיר'שע קעפּ, זייטן, צונגען און ווערן פאַרשלונגען אין המון.

אַ געדריינג, אַ שטופּעניש.

— וואָס לאָזטו מיך ניט צו? דיר אין גאַנצן?

ערגעץ ביי דער זייט רייסט מען שוין מיט די הענט רויע פליש אויף חלקים.

און צום דייטש אויפן הויכן טרעפ:

— גיב נאָך!

— נאָך!

די הענט פון דייטש האָבן זיך ווידער אויסגעשטרעקט צום המון, נאָר ליידיקע. אויף זיין איבערגעשראָקן פּנים האָט זיך נאָך מער צעלייגט דער פאַרשולדיקטער שמייכל:

— מער האָב איך ניט...

— פאַרפלוכטער באָש!

— גיב אים א זעץ אין נאָז!...

א פויסט הויבט זיך פאַר אַלעמענס אויגן און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אָפּשטעלן... הויך, העכער, פאַרמאַכעוועט זיך רו־איק, אויסגערעכנט...

דער דייטש אויפן הויכן טרעפּל שטייט א געלעמטער מיטן פאַרשטיינערטן, שולדיקן שמייכל.

דער פויסט פאַלט אים אין פּנים ווי א האַמער־שלאָג.

דער דייטש אויפן הויכן טרעפּל האָט זיך א וויג געטאָן, זיך א כאַפּ געטאָן מיט די הויפנס צום נאָז, נאָר געבליבן שטיין.

— דערלאַנג אים נאָך!...

ווען דער המון האָט אָפּגעפּלייצט ווי א כוואַליע, איז דער דייטש געלעגן אויסגעצויגן איבער די משופּע'דיקע טרעפּלאַך, אין א קאַלוזשע בלוט, און אומזיסט זיך געמאַטערט אויפהויבן.

און באַלד האָט מען די שטאָט ניט געקענט דערקענען. די גאַסן האָבן געצאַפּלט אין משוגענע קרעמפּן. אומעטום האָבן זיך געטראָגן קולות, ווילדע, משונה'דיקע. ווי אין א פאַר'כשופ'טן רינג האָבן די מענטשן זיך אַרומגעדרייט, געשטראָמט ערגעץ־וואו, און צוריקגעקומען אין איין גרויסער סטאַדע. מען האָט געפּאַכעט

מיט נאַציאָנאַלע פאַנען, געטרייסלט מיט די פויסטן און געקריצט מיט די ציין, און צוויי ווערטער, ווי דאָס קאַרקן פון קראָען, האָבן ווילד־בייז געשניטן די לופט.

— טויט! שפּיאָן! און דער המון האָט ווּעמען געכאַפּט, געזוכט און נאָכגעיאָגט...

טויט! שפּיאָן! האָט זיך דער גרויזאַמער געשריי געטראָגן איבער אַלעמענס קעפּ, ווי אַ שווערער אײַזערנער האַמער, גרייט אויף יעדן איינעם אַרונטערצופאַלן מיט אַ טויטלאַכן קלאַפּ.

די ווערטער „טויט, שפּיאָן!“ האָבן אַלץ העכער און שטאַר־קער געטרייסלט די לופט. „טויט! שפּיאָן!“ און ס׳האָט זיך געזייט משוגעת און חשד. פון די אויגן האָט אַרויסגעבליצט גרענעצלאָזער אומזין, עס האָט אויסגעקוקט, אַז דער גאַנצער המון טאַפּטשעט זיך אויף איין אָרט, כאַפּט און וואַרגט איינער דעם צווייטן.

אימעצער האָט מיך שוין אַ פּאָר מאָל פאַרדעכטיק אין די אויגן אַרײַנגעקוקט. די האַרץ קלאַפּט העפטיקער, איך זוך זיך אָפּצורוקן פון יענעם, נאָר אַ פּאָר הענט האָבן שוין מיין אָרעם אַרומגעקלאַמערט. איך מאַך מיט געלעכטער: איר האָט אַ טעות, כ׳בין „אַ רוס“... יענער לאָזט מיך אָפּ. אין אַ פּאָר מינוט אַרום כאַפּט מיך אַ צווייטער ווייטער... ס׳איז מיר אוממעגלאַך פון געדריינג זיך אַרויסצודרייען, נאָר סיי ווי סיי מוז איך מיט־גיין, עפּעס שלעפּט מיך מיט. איך וועל מיטגיין ביזן סוף...

פּלוצלונג אַ קראַך פון שויבן... טוידט די דייטשן!... פויסטן, ברעטער, שטיקער אײַזן... ס׳פליען בילדער, שפּיגלען, שטולן, פּיאַנעס... ס׳וואַלגערן זיך שוין זייגערס, גאָלד און זיל־בער אויף דער ערד — אַלץ ווערט צעטראָטן. אַ שמערצלאַכער הילפס־געשריי. אימיצער פון די איינענע האָט זיך אויסגע־

גליטשט און ווערט צעקוועטשט אונטער די פיס... נאָר טויט די דייטשן! און מען גייט פאָרויס ברעכן און פאַרברענען...

---

אט זיינען די ברעגן פון דער „שעלדע". מען וואַרפט זיך און מען שטורעמט די דייטשע פאַרט־קאַפּעס. אין מיטן העלן טאָג איז דער הימל פינצטער געוואָרן פון רויך. גלאָז האָט געקנאַקט אונטער די פיס... קלאָגנדע געשרייען און רוצח׳ישע אויסרופן האָבן זיך אויסגעמישט און זיך אַוועקגעטראָגן ווייט איבערן פרייען טייך. מ׳האָט נאַכט־פרויען פון די קאַפּעס גע־שלעפּט האַלב נאַקעטע, האַלב באַוואוסטלאָזע פון שרעק. מען האָט זיי געשליידערט, געקניפּט און געשפּיגן אויף זיי... נאָר צעווילדעטע האָבן די לעצטע שטיקלאַך שמאַטעס פון זיי אַרונ־טערגעריסן.

— כאַ, כאַ, כאַ!... — האָט מען נאָנט פון מיר געלאַכט.

— כאַ, כאַ, כאַ!... די קלייד אויפן קאָפּ... כאַ, כאַ, כאַ!... זעט די קלייד אויפן קאָפּ...

איך האָב אַ פאַרציטערטער זיך אומגעדרייט.

אויף די הענט האָט מען געהויבן איבערן פאָרענץ פון טייך אַ האַלב־נאַקעטע פרוי...

# „וויוו לע סאָלדאַ!“

געשרייען ווילד און פריידיק און מוזיק, מוזיק, מוזיק...

און אויף אַ רגע רייסט זיך דורך אַ פּויקן־קלאַפּ, אַ שאַרף־אָפּגעהאַקטער טראַט אַן ברוק פון דער שיינער קייזער־ליי.

פאָנען פאָכן, פאָנען פלאַטערן אין דער זון. קאָלירן און געשרייען מישן זיך צוזאַמען:

„וויוו לע סאָלדאַ!“

אַ געדריינג. קעפּ איבער קעפּ, קעפּ אויף קעפּ. קעפּ שפּרינגען אונטער, טאַנצן אונטער, וויגן זיך... צעהיצטע פּנים׳ער, אויפגעריסענע אויגן, צעעפנטע מיילער.

צעעפנטע מיילער... און די מעשענע קלאַנגען, דער פּויקן־קלאַפּ, דער אָפּגעהאַקטער טראַט ווערט פאַרטויבט פון דעם:

„וויוו לע סאָלדאַ!“

און געשרייען:

„מאַכט אַ וואָרע פּאַר אונזערע סאָלדאַטן!“

„צום וואָקזאַל! צום פראָנט!“

„וויוו לע סאָלדאַ!“

— קוקט, קוקט! מיידלאַך טאַנצן זיי אַנטקעגן, מיידלאַך קושן... דאַמען פאַרשיטן זיי מיט בלומען...

„טויט די דייטשן!“

„וויוו לע סאָלדאַ!“

איינגער ווערט די ברייטע פּאַראַדנע גאַס. די מויערן האָבן

זיך ווי צונויפגערוקט. אין די פענצטער וואקסן קעפ. עטאזש איבער עטאזש. באלקאן איבער באלקאן, הויך — העכער און קעפ איבער קעפ.

פאנען, קאלירן, הענט — פלאטערן און פאכען. פון די דעכער, פון די קארניזן שיטן זיך בלומען, פרויען־קושן, אויס־רופן...

מיט טויזנטער ברייט־צעעפנטע פענצטער ליארעמען די מויערן:

„וויוו לע סאלדא! ס׳לעווע! וויוו"...

היטלען פליען אין דער הויך און דוכט זיך שרייען צע־עפנטע:

„וויוו לע סאלדא!"

און אין דער גדריכטעניש:

צוויי פרויען, אן אלטע און א יונגע, מיט שטומע טרערן אין די אויגן, ווילן אדורכשטופן צעציטערטע הענט דורך דער מענטשן־גדריכטעניש, צערייסן, מאכן א שפארע אין דער מענטשן־וואנט. דערזען:

— אט דא ביין זייט דארף ער גיין, אט דא ביין זייט...

„צום פראנט! טויט די באשעס!"

„וויוו לע סאלדא!"

און לעבן מיר איינער ווילד צום צווייטן:

— דו... די הוט ארונטער! כ׳נעם דיר באלד... מיטן קאפ צוזאמען...

און גלייך:

א פארקוועטשטער פויסט... א קאפ האט זיך א טוק געטאן... נאר...

— שטייט ניט, גייט!

„צום פראנט! טויט די באשן!"

„וויוו לע סאָלדאַ!“

און אויף אַ רגע רייסט זיך אַדורך דורך מוזיק און פּויקן־קלאַפּ אַ שאַרף־אָפּגעהאַקטער טראַט אין דעם ברוק פון דער שייִנער קייזער־ליי.

## דער „פייגלינג“

פרויען טרייבן זייערע מענער, געליבטע, זייערע ליבע:

— אַלע אין דער אַרמיי!

דער סימבאָל פון שאַנד איז געוואָרן דער מאַן אין ציווילע בגדים.

און ראָג ביי ראָג שטעלן אָפּ צוויי ביקסן יעדן מאַנסביל:

— רעגיסטרירט?

— ווייז דיין קאַרטע!

און פרייוויליקע ציען זיך, ציען זיך צו די פּריסוטסטוועס — אַלע אין דער אַרמיי — אפילו עסטרייכער, אפילו די יונגע דייטשן.

און פאַרדאַכט... מענטשן לויפן צו די צוויי ביקסן און מען ווייזט אָן איינער אויפן אַנדערן, אַמאָל שטילערהייד, אויפן אויער, און אַמאָל פרעך מיטן פינגער:

— אָט דער אָ!...

און די צוויי ביקסן בויגן זיך אָן מיט די צוויי שאַרפע ברייטע מעסער:

— רעגיסטרירט?

— ווייז דיין קאַרט!

און ציוויל געקליידט האָט מען אים אַ געשמידטן געפירט איבערן גאַס אין מיטן טאָג. אים האָט באַגלייט אַ געשריי, אַ פייפעריי, אַ שימפעריי:

— פאררעטער!

— הרג'ע אים!

— פארשטיין אים!

און מענטשן לויפן אן, ווארפן זיך דורך מיט ווערטער:

— ווייל ניט גיין אין מלחמה...

— זאגט זיך אפ...

און דער געשריי הערט ניט אויף:

— שיסט אים!

— פארשטיין!

און יענער, די הענט געשמידט, דוכט זיך, זעט ניט און הערט ניט קיינעם, די קאפ ארונטער, יונג, ווי די סאלדאטן ארום אים, גייט ער גלייך אין טראט צוזאמען מיט זיי: איינס און צוויי, דריי און פיר.

אינגלאך און דערוואקסענע לויפן נאך און דער געשריי לאזט ניט אפ:

— פארשטיינען אים!

און מיט אמאל האט זיך פון עולם ארויסגעריסן א יונגע פרוי און איידער די סאלדאטן האבן באוויזן זי אפשטעלן, איז זי שוין געשטאנען פנים צו פנים מיטן געשמידטן און אים מיט ווילדקייט אריינגעשפיגן:

— טפו, דו פייגלינג!

דער געשמידטער האט א ציטער געטאן, נאך געבליבן שטיין א רגע, נאר איין רגע, ער האט זיך איצט מאדנע שטאלץ אויסגעגלייכט, פארריסן דעם קאפ און אוועק מיטן שטאלצן, אויסגעגלייכטן טראט אונטער די געשרייען:

— פייגלינג, פייגלינג!

# די נאכט

נאכן לאנגן, אומרואיקן טאג בין איך שפעט ביינאכט ארייני־געפאלן צו זיך אין הויז. צי איך האב געשלאפן, צי ניט — האב איך נישט געוואוסט. איך האב זיך אויפגעכאפט פון א גרילצעריי פון א מאדנעם גערויש אויפן גאס. א מינוט בין איך געלעגן און זיך צוגעהערט, און ס'האט זיך מיר געדוכט, אז די נאכט שרייט מיט גוואלדיקע קולות און מען רופט צו הילף. קומט, ראטעוועט! העלפט! איך בין אויפגעשפרונגען פון געלעגער. און דער שרעקלאכער ברומען אויפן גאס וואקסט און פארגרעסערט זיך. עפעס שרעקלאך גרויזאם יאמערט שוין איצט די נאכט: אוי, אוי, אוי...

— זאלן שוין די דייטשן זיין אין שטאט? — קלער איך זיך אנטועגדיק און באמערק, אז די הענט ציטערן מיר. נאר באלד שמייכל איך צו זיך אליין. אין קינעמאטאגראף קומט נאר פאר אזוי שנעל... אבער די הארץ איז פול מיט אומרו... אויף גיך טו איך זיך אן און לויף ארוים אין גאס.

שטאק־פינצטער ארום. ערגעץ נאנט האט א טורעם־זייגער אפגעשלאגן צוויי. די וויינענדיקע קולות און דעם גרילצן האב איך איצט דייטלאך דערהערט. אן אומעט איז מיך באפאלן. די ערשטע באוועגונג מיינע איז געווען צוריק ארייגלויפן אין שטוב און באהאלטן זיך פון דער גראנעריי, פון די יאמערדיקע

געשרייען. זיי האָבן מיר דערמאַנט קולות, וואָס איך האָב אַזוי געוואָלט פאַרגעסן.

פון מינוט צו מינוט איז דער שרעקלאַכער יאָמער פון דער נאַכט שטאַרקער געוואָרן, דער גרילצן מורא'דיקער.

איך האָב זיך געלאָזט לויפן נענטער צום אָרט, פון וואַנען די קולות זיינען געקומען, און איך בין אַריין אין האַרץ פון אי־דישן קוואַרטאַל.

אַ מהומה האָט דאָרטן געהערשט אין דער טיפער נאַכט, און אין די הייזער האָט זיך געטומלט. פון אומעטום, פון יעדער הויז, פון יעדן עטאַזש האָט זיך געטראָגן אַ געוויין...

אין פאַסן ליכט פון די ברייט־פאַרנאַנדערגעעפנטע טירן האָב איך דערזען גרופּעס אידן: אַלט און יונג, מיידלאַך, פרויען און קינדער. איינע זיינען אַרומגעלאָפן הין און צוריק, געבראָכן די הענט, אַרומגעבלאָנדזשעט ווי זוכנדיק הילף. אַנדערע זיינען גע־זעסן אויף פּעקלאַך זאַכן — אַנגעוואָרפענע אויף די טראָטואַרן. עלטערע אידן מיט די טליתים אונטער די אָרמס מיט גרייזע בערד, צוגעשפּאַרט צו די ווענט, איינגעוויקלט אין דער פינצטער־ניש, האָבן אויסגעקוקט ווי געשפּענסטער.

פאַרצווייפלטע, מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ, מיט געבויגענע רוקנס אונטער שווערע פּעק זיינען זיי שוין געווען גרייט אין וועג.

מחנות פּאָליציי־לייט און נאַכט־וועכטער האָבן מאַרשירט איבערן שטאָט און מיט גראַגערס און קאַלעקאַטקעס, פּונקט ווי מיט מיטראַליעזן, געגראַגערט און געקלאַפּט: דייטשן און עסט־רייכער, קומט אַרויס! די נאַכט־גלאָקן האָט מען געריסן אין די הייזער... אַלץ נייע, האַלב־פאַרשלאָפענע מענטשן האָט מען אַרויסגעשלעפּט. דער שוידערלאַכער געוויין איז אַלץ געוואַקסן און זיך געשטאַרקט; ס'האָט שוין אויסגעזען, אַז יעדער ציגל פון

וואנט קלאגט מיט: אז יעדער שטיין פון ברוק יאמערט אונטער דער טיפער זומערדיקער נאכט.

— העלפט מיר ארויסטראגן א געווינערן... — האט א יונ־גערמאן געבעטן זיך מיט אן אנגעווייטאקטער שטים.

איך בין אריין אין הויז. די געווינערן איז געלעגן און גע־פיבערט פון היץ. ביים זייט, אין א בעטעלע, איז געלעגן א פיר־טאגיגע קינד און אומשולדיק, ווי א פישעלע, געעפנט און פאר־מאכט דאס מיילכל.

— מען טאר איר ניט רירן, — האב איך א זאג געטאן.

דער יונגערמאן האט מיך א ווײַלע אנגעקוקט, ווי ער וואלט ניט פארשטאנען, וואס מען רעדט צו אים. נאכדעם האט ער אנגעהויבן געשווינד, געשווינד זיך צו עסק'ן: — העלפט, העלפט, — האט ער געבעטן, — מען מוז וואס גיכער, מען מוז... מען לאזט ניט...

און ווען איך האב אים אנגענומען פאר א האנט און אים אפגעפירט אן א זייט, האט ער, אויף א מאנסבילשן קול, זיך פאנאנדערגעוויינט...

מען האט דער געווינערן ארויסגעטראגן און ארויפגעלייגט אויף א פור.

און ווידער גיי איך פון איין גרופע צו דער אנדערער.

— מאמע, מאמע... וואו ווען מיר אהינקומען?... — שלוכצט א יונגע מיידל.

נאר ווייטער, שליידערט זיך איינע אין א קרעמפיקער היס־טעריקע אויף דער ערד. זי רייסט די האר פון זיך און קלאפט דעם קאפ אן שטיינערנעם טראטואר... מענטשן האלטן איר צו, נאר דער מענטשלאכער קנויל רייסט זיך ווייטער צו קרעמפן זיך אויפן ברוק...

— וואו פאַרט מען ?... וואו גייט מען ? — וויינען מענטשן שטיל.

— מיר וועלן דאָך אויסגיין פאַר הונגער.

---

— צו דער סטאַנציע ! צום וואָקזאַל ! נעמט די פעקלאַך !...

א שוידער איז דורכגעלאָפן... די נאַכט האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן אָטעמען שאַרף און קאַלט — אַ זומערדיקע נאַכט — און ס'קילט די בלוט ביז שוידער... נאָך הילכיקער האָבן די קאָלעקאַטקעס געקלאַפּט; נאָך גרעסער איז געוואָרן דער געוויין... די פינצטערניש איז געדיכטער געוואָרן... די מענטשן מיינגע האָט זיך געריררט אין גלות, אין מיטן דער נאַכט, איבערלאָזנדיק האָב און גוטס. — אַ ביטער געפיל האָט געצאַפּלט אין דער לופט, און דער זומערדיקער נאַכטיקער הימל האָט פינצטער אַראָפּגעקוקט און זיך צוגעהערט צום יאָמער פון דער ערד.

---

איך האָב נאָך ניט באַוויזן זיך צוצולייגן, ווי עס האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ בראַזגעריי אין די טירן און פענצטער:

— עפנט, פּאָליציי !...

איך בין אויפגערעקט אויפגעשפּרונגען. איך האָב פאַרשטאַנען און ניט געגלויבט... גייט מען ניט נאָך דער אַלטער בעל־הבית'טע מיינער ?

— מיין הער, מיין הער !... — האָט די אַלטע מיך גערופן צעשראָקן. — שטייט אויף ! איר הערט, פּאָליציי קלאַפּט עפּעס...

איך בין שוין געשטאַנען אָנגעטאָן. די טיר אין קאָרידאָר האָט זיך געעפנט מיט רעש; פעסטע, זיכערע טריט; און נאָך גרויזאַמער ווי אַמאָל אין רוסלאַנד איז דאָס מיר פאָרגעקומען.

— מיין הער, קומט אַרויס... — האָט די אַלטינקע גערופן, — דער הער קאָמיסאַר באַדאַרף אייך וואָס...

איך האָב לייכטער אויפגעאָטעמט: האָב איך עס אַ טעות געהאַט?

— אַט בין איך... — האָב איך געזאָגט, אַריינגייענדיק.

עטלאַכע פּאָליציילייט האָבן מיך אַרומגערינגלט:

— זיינט איר אַ דייטש, אַ גאַליציאַנער?

— ניין. פון רוסלאַנד, — האָב איך געענטפערט.

— ווייזט אייערע פּאַפּירן...

דער קאָמיסאַר האָט זיך שטייף אַ דריי געטאָן צו דער אַלטער:

— זעט, פון וואַנען זייט איר? — האָט ער איר אַ פרעג געטאָן.

דער גאַנצער מויל האָט געציטערט ביי דער אַלטער. די ברוינע, צעקאָרטשעטע הענט האָבן זיך געטרייסלט און געזוכט אַ אָנהאַלט.

— איך... איך, — האָט זי געשטאַמלט, — אַ, העד קאָמי־סאַר... — האָט זי אָנגעהויבן פאַרלאָרן צו שמייכלען און גוט־מוטיק ריידן, — כ׳בין דאָ שוין לייננער פון אייך... איר זיינט נאָך יונג און איך בין שוין אַלט... געוויס... עטלאַכע און זעכציק יאָר... ניין, נאָך מער, איך געדיינק שוין ניט. ווי קען איך גע־דיינקען, אַז איך בין נאָך גאָר אַ קליינינקע געווען... ווי דורכ׳ן חלום געדיינק איך וואָס . . . מיינע עלטערן זיינען שוין דאָ גע־שטאָרבן... מיין מאַן... קינדער אַ סך... איין איינציקער זון געבליבן...

— זיינט איר אָבער אַ בעלגישע בירגערן?... — שלאָגט איר דער קאָמיסאַר אומגעדולדיק איבער.

— וואָס איז דער אונטערשייד? — שמייכלט די אַלטע. — כ׳ווייס אַליין ניט; כ׳האָב גאָר קיינמאָל ניט געקלערט וועגן דעם.

— דאך וואו זיינט איר געבוירן ?! — פרעגט דער קאמיסאר צערייצט.

— אין זאקסן... אין זאקסן, — שטאמלט די אלטע. — אבער איך געדיינק שוין ניט מער... ווי דורכן חלום דערמאנער איך מיך וואס... אבער וואצו דארפט איר דאס, הער קאמיסאר, וויסן ? — פרעגט זי צעשראקן.

אט אזוי רייד ! — מורמלט דער קאמיסאר פאר זיך און מאכט א רויטן צייכן אין רעיסטער.

— נו, — ווענדט ער זיך צו דער אלטינקער, — שנעל טוט זיך אן, פאקט זיך אויף און קומט מיט אונז. — איר מוזט באלד אוועקפארן צו זיך... אלץ נעמט מיט...

דער אלטינקער האט זיך אויסגעדוכט, אז זי דערהערט עפעס נים. זי האט זיך שארף צוגעקוקט, דא צו איין פאליציימאן, דא צו א צווייטן.

— נאך וואס ? — האט זי געשטאמלט, געפרעגט, — נאך וואס מיינע זאכן ?... קען איך דען מיינע זאכן מיטנעמען ?... וואו זאל איך זיי מיטנעמען ? נאך וואס ?...

— שרעק זיך ניט, אלטע, — האט איר א פאליציימאן גע־נומען בארואיקן. — נעם מיט וואס דו קענסט... מען וועט דיר גארניט טאן ; דו וועסט מוזן אוועקפארן צו זיך אהיים...

— דא איז דאך מיין היים... — האט די אלטע קינדיש־נאאיוו אפגעענטפערט.

— ניין, — האט דער קאמיסאר זיך אריינגעמישט, — בעלגיען איז מער קיין היים ניט פאר אייך. צוריק, צוריק, נאך אייער דייטשלאנד... נעמט און טוט איר אן ! — האט ער שוין צארנדיק גערעדט, אפגייענדיק צום טיר.

— נו, אלטע, טו זיך אן ! וועסט שפעטער זיך אויס־טענה׳ן, — האט א פאליציימאן געזאגט און גענומען זוכן אירע

קליידער, נאָר ער איז אין פאַרלעגנהייט געבליבן שטיין, ניט געד וואוסט וואָס צו נעמען...

די אַלטע איז געשטאַנען צוטומלט. עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. נאָך אירע אויגן איז געווען צו זען דעם גאַנצן גרויל פון איר נשמה. — מענטשן, האָט רחמנות!... — האָט זי געבעטן. — מענטשן, לאָזט מיך אָפּ! מענטשן, שלעפּט מיך ניט... איך בין אַן אַלטע... איך בין אַ היילע... כ'קען זיך פאַרקילן...

מען האָט אויף איר אַ טוך אַרויפגעוואָרפן. די פיס ביי דער אַלטינקער האָבן זיך אונטערגעבראָכן און מען האָט איר איינ־פּאַך אונטער די אָרימס צוגעשלעפּט צום טיר.

— אויף אַ קאַרעטע! — האָט דער קאָמיסאַר באַפוילן.

נאָר ווען מען האָט דער אַלטער אין דער אָפענער טיר אַריינ־געשפּאַרט, האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן אַ געשריי:

— גוואַלד, זון מיינער, ראַטעווע מיך!

דער קאָמיסאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— אַזוי? — האָט ער געלאַסן געזאָגט, — איר האָט אַ זון אויך... וואו איז ער דען? — האָט ער זיך צו די פּאָליציי־לייט געווענדט.

— מיר האָבן אומעטום געזוכט, — האָבן זיי געזאָגט, — נאָר מען דאַרף נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן, פּיליכט האָט ער זיך ערגעץ וואו באַהאַלטן...

— ווייסט איר ניט: איז נאָך ווער פאַראַן אין הויז?... — האָט זיך דער קאָמיסאַר געווענדט צו מיר. — קענט איר מיר ניט זאָגן, ווער און וואו איר זון איז?

איך בין צוגעטראָטן גאָר נאָענט צום קאָמיסאַר און גערעדט [illegible] הויך:

— [illegible] איר ווילט וויסן, ווער איר זון איז? ער איז אַ סאָלדאַט

פון דער בעלגישער ארמיי! וואו ער איז? — אויף די אנטווער־פענער פעסטונגען! טאקע א דייטש'ס א זון, נאר וועלכער איז דא געבארן און ניט היינט, מארגן וועט זיך אים אויסקומען שלאגן. ער וועט זיך שלאגן פאר אייך, און איר שלעפט ארום זיין אלטע מוטער ביינאכט, האלב נאקעט פון בעט און טרייבט איר אין דער וויסטער וועלט אריין.

דער קאמיסאר איז געשטאנען אין פארלעגנהייט.

— איך דערפיל מיין חוב, — האט ער געזאגט, — ס'איז אזא פאראָרדענונג... כ'קען גאר ניט העלפן. דאס וואס דער זון אירער איז אונזערער א סאלדאט — אין דעם פאל וויים איך ניט ווי צו האנדלען; כ'האב דאס פריער ניט געוואוסט, און איך וועל באלד נאכפרעגן...

ער האט געהייסן אריינפירן דער אלטער צוריק אין הויז, איבערגעלאזט א פאליציימאן און אליין מיט די איבעריקע אוועק.

די אלטע האט געוויינט און זיך געפרייט צוזאמען.

געזונט זאלט איר זיין! — האט זי מיך געבענטשט, — ס'איז מיר גארניט איינגעפאלן זיי זאגן, אז מיין זון איז א סאל־דאט. זיי האבן מיר דעם מוח צעמישט... כ'בין זיי דען א שונא? כ'בין אין איין טויט שרעק פאר מיין קינד — אים זאלט איר גארניט דערציילן, איך בעט אייך, מיין הער, ווארום ער וועט זיך לויפן קריגן מיטן קאמיסאר — און צו וואס אין אזא צייט, כ'בין שוין מוחל...

— קיין אומגעזעצלאכעס טוט מען ניט, — האט זיך אריינגע־מישט דער פאליציימאן.

— אט וואס איר רעדט!... — רעגט זיך שווין אויף די אל־טינקע. — מיין זון איז א סאלדאט; איר טארט מיך ניט טשעפן; כ'האב זיך ניט נעדארפט לאזן אפילו.

איך האב געקוקט אויף דער אלטינקער, ווי אויף א הילפלאזער

קינד, און דער ווארעם פון אומרו האָט געזויגן די האַרץ. שרעקלאַך האָט זיך געצויגן די צייט. מען האָט ווידער אָנגעקלונגען. דער פּאָליציימאַן איז אַוועק עפענען. די אַלטע האָט זיך צוגעשמידט מיט די אויגן צום טיר.

דער קאָמיסאַר מיט נאָך אַ פּאָליציאַנט זיינען אַריינגעקומען. אַלע האָבן טויט שטיל געוואַרט.

— עס טוט מיר לייד, — האָט דער קאָמיסאַר אָנגעהויבן, — כ׳מוז מיך אַנטשולדיקן... נאָר איר, אַלטע, מוזט דאָך מיטגיין. איצט טוט זיך אָן אויף צו דער אמת׳ן און קומט. דאָס וואָס אייער זון איז אַ סאָלדאַט האָט נאָך פאַרשאַרפט די לאַגע — קיין מיליטערישע טאָרן מיט די פיינטלאַכע נאַציאָנען קיין פאַרקער ניט האָבן...

— אומזין! — האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן.

דער קאָמיסאַר האָט אויף מיר לאַנג, שטרייַנג און פאַרשנד אַ קוק געטאָן.

די אַלטע איז געזעסן ווי צוגעשמידט צום אָרט און האָט זיך קיין ריר ניט געגעבן.

— וואַרפט אויף איר די טוך אַרויף! — האָט דער קאָמיסאַר גלייכגילטיק געזאָגט.

די אַלטע האָט זיך ביי די ווערטער מיט אַ קרעכץ אויפגעהויבן און גענומען שנעל אַראָפוואַרפן פון זיך די איבעריקע נאַכט־קליידער; זי האָט זיי מיט כעס פון זיך אַרונטערגעריסן און ביז וואַנען די פּאָליציי האָט זיך געכאַפּט איז זי שוין געשטאַנען אין איין העמד. די איינגעשרומפּטע האַלז, די איינגעפאַלענע ברוסטן, די איינגעדאַרטע הענט און פיס האָבן שרעקלאַך געשניטן די אויגן און האָבן שטום זיך געבעטן: רירט אונז ניט אָן...

— ארוים !... — האָט זי האַרצרייסנד געשריען. — וואָס האָט איר זיך אַריינגעריסן אין מיטן דער נאַכט ? באַנדיטן !...

— אַ חוצפּה ! — האָט דער קאָמיסאַר בייז געמורמלט. — טוט איר אָן ! — האָט ער באַפוילן און אַליין צוזאַמענגעקליבן אירע קליידער פון פּאַדלאָגע.

מיט גוואַלד האָט מען איר אָנגעהויבן אָנצוטאָן. די אַלטע האָט זיך געאַמפּערט און געריסן מיט אַלע כּחות. אַ פּאָליציימאַן האָט איר פעסט פון הינטן פאַר די אַקסלען אָנגעהאַלטן און דער צווייטער האָט איבערן גרויען צעשויבערטן קאָפּ די קליידער צוריק אָנגעטאָן. זי האָט די אָרעמס פאַרדרייט... האָט מען זיי מיט גוואַלד אויסגעגלייכט.

— אַך, אַך, אַך... — האָט געיאָמערט די אַלטע. — מענטשן, ראַטעוועט ! רופט מיין זון ! — האָט זי מיט די לעצטע כּחות געשריען.

— וואו איז די טוך ? — האָט דער קאָמיסאַר געפרעגט, אַז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אָנטאָן.

— כ'וויל שטאַרבן... — האָט שוין די אַלטע געכאַרכלט. — וואו שלעפּט מען מיר ? כ'וויל דאָ שטאַרבן... איך ווינציק מיין זון ?

— אין קאַרעטע ! — האָט דער קאָמיסאַר שטיל געזאָגט און גענומען אַוועקגיין. ער האָט זיך אָבער וואָס דערמאָנט. ער איז שנעל צו צו מיר און מיר אַ האַנט אַריינגערוקט. — אויף דער אַלטער איז אַ רחמנות ; ס'איז אָבער אַזוי... אַדיע !

איך האָב געקוקט ווי מען טראָגט אַרוים דער אַלטינקער אויף די הענט. די האַרץ האָט ווייַ געטאָן. אַ קאַרעטע איז אָנגעפאָרן. ווייַנען האָט זיך מיר פאַרוואָלט, נאָר די אויגן זיינען טרוקן געווען. די גאַנצע הויז איז פרעמד געוואָרן ; איך האָב פאַרשלאָסן די הויז און אַוועק אין גאַס.

ס׳האָט געשאַריעט אויף טאָג. איך בין אַ ווײַלע שטיין גע־
בליבן און אַ קוק געטאָן אויפן הימל. אַ צויבערלאַכער זומערדיקער
פרימאָרגן. וויפיל פאַרבן און קלאַנגען! ערגעץ ווײַט איבער די
דעכער האָט די זון אַרויסגעשטעקט אַ פורפורנעם גאָלד־באַשפּריצטן
ראַנד; אַ ווינטל האָט געפאָכעט מיט דער טוי־ווײַסער טול פון
דער נאַכט. פייגלען האָבן זייער זאָרגלאָזע מילדע פלוידערײַ אָנגע־
הויבן. די לופט איז געווען פריש. דער הימל האָט געאָטעמט מיט
פרידן.

# אויפן וואקזאל.

קאלאנעס פון געשפריינקלטן מארמאר. מארמארנע טרעפ ווי פיעדעסטאלן און אומעטום סטאטועז — לעבעדיקע סטאטועז אין טרויער און פארצווייפלונג.

א גלעזערנער געוועלב, ווי א הימל, איז אריבערגעווארפן איבערן פירעקיגן זאל. גאנצע בונטן פון פרימארגנדיקער זון פלייצן פון אויבן אויף די מארמארנע קאלאנעס, אויף די טרעפ, אויף די גאלדענע געזימשן אויף די רייכע געמאלטע ווענט.

אבער א בלוטיקער פחד הויערט איצט אין דער פראכטיקער געביידע.

און אומעטום די לעבעדיקע סטאטועז אין טרויער און פאר־צווייפלונג ביי די קאלאנעס, אויף די טרעפ. פארשטיינערטע, פארשטומטע.

אידישע טעכטער אין זייערע בעסטע יום־טוב'דיקע קליידער זיצן און שטייען געלעמטע ביי די שטיינערנע קאלאנעס אויפן גרויען מארמאר פון די טרעפ מיט צעעפנטע אויגן, מיט אן אפ־געשטעלטן בליק.

צופוסנס ליגן פעקלאך. אויף זיי וואלגערן זיך קינדער, פארשטומטע, איבערגעשראקענע און פארשלאפענע. נאך פון נעכטן, פון דער מיטן נאכט וואלגערן זיי זיך דא. די פרויען צו־געשפארט צו די קאלאנעס, צוגעזעצט אויף די טרעפ, און ארום שטייען די מאנסבילן מיט אונטערגעבויגענע פים, מיט פינצטערע

געזיכטער. ס'איז איינג, ניטא וואו זיך א ריר צו טאן און מען ברייננגט נאך און נאך.

די ביינק ביי די ווענט האט מען אפגעגעבן די ארויסגע־טריבענע קראנקע, פון די האספיטעלער, פון די הייזער. די קינ־דער אויף די פעקלאך און די איבעריקע אויפן צעמענטענעם דיל אדער אויף די פיס, אנגעשפארט אן וואנט, אן די מארמארנע קאלאנעס.

לעבעדיקע סטאטועס פון טרויער און פארצווייפלונג. טרו־קענע אויסגעוויינטע אויגן, בלייכע פנים'ער, צעשויבערטע צעפ.

אן אומגעוויינלאכע שטילקייט. זשאנדארן און גארד סיוויק היטן איר. קינדער שוויגן ארומגעכאפט פון דעם אלגעמיינעם שרעק.

מיט אמאל א גערויש. א נייער צוג איז אנגעקומען אוועק־צופירן די ארויסגעטריבענע און די גרויסע וועלט־טראגעדיע צע־שפילט זיך דא אין איינצלנע מענטשלאכע דראמעס. אין יעדן ווינקל הויבט מען זיך אן זעגענען. פריער שטיל, צעשראקן — עס ווילט זיך ניט גלויבן — און באלד פיינלאכער, טרויעריקער. א גאליציאנערין, וואס האט חתונה געהאט מיט א רוסישן, זעגנט זיך מיט אירע ארויסגעטריבענע עלטערן. זי קושט זיי און וויינט. ווי א קליין קינד. נאר שטיל, פארגייט זיך אין זיך, די ארומיקע זשאנדארן זאלן ניט מערקן און ניט אננעמען פאר מלוכה־פאר־ראט... מען טאר ניט וויינען ביים שיידן זיך מיט א שונא...

געליבטע שיידן זיך, חתנים זעגענען זיך מיט כלות, עלטערן מיט קינדער. אידן איינגעפונדעוועטע, איינגעזועסענע, ערלאכע, הארעפאשנע, ווערן צעטיילט אויף פיינט און פריינט פון בעלגיען.

א קול צעטראגט זיך:

„גרייט זיך, שוין צייט!"

— וואו פארסטו, טאטע?

— כ׳ווייס ניט!

אין צווייטן אָרט:

— קינד מיינס, וואו טרייבט מען דיך, וואו וועסטו אַהינ־
קומען?

אין דריטן אָרט:

— מיר פֿאָרן, אָבער וואו, וואו?

אין דער לעצטער רגע ברעכט דורך דער געוויין.

אַן אַלטע אידישע מאַמע ברעכט די הענט, האַקט זיך אין
קאָפּ מיט די פויסטן און יאָמערט אויפֿן קול:

— מיינע קינדער, מיינע קינדער...

דער זשאַנדאַר קוקט שטרייננ.

און אַ טאָכטער ענטפֿערט אין שטילן געוויין: גאָט ווייס
צי מיר וועלן זיך זען...

# אַן אַלטע

פון אַלע זייטן איז מען געלאָפן. דער המון האָט זיך גע־שפּאַרט צו א הויז. די פענצטער זיינען געלעגן אויסגעריסענע אויפן גאַס. זשאַנדאַרמען זיינען דורך די אויסגעבראָכענע פענצ־טער אינעווייניק געקראָכן, די בירגער־וואַך מיט געלאָדענע ביקסן אַרום.

— שוין געכאַפּט? שוין געכאַפּט? — האָט מען מיט ווילד־דער נייגעריקייט געפרעגט.

— ניין, נאָך ניט! — האָט מען געענטפערט, און זיך גע־שפּאַרט נענטער צו דער הויז.

— וועמען, וועמען? — האָבן אָנקומענדיגע געפרעגט.

— ס'פאַרשטייט זיך וועמען... — האָבן די ערשטע גע־קנייטשט מיט די אַקסלען.

אַרום הויז האָט זיך געטומלט, נאָר פּלוצלינג איז דער המון שטיל געוואָרן — ס'האָט זיך געדוכט, אַז דעם המון האָט דער אָטעם פאַרכאַפּט פון אָנגעשטרייגטער דערוואַרטונג. נאָך שטי־לער איז געוואָרן און דראַענדער. מען האָט דייטלאַך געהערט ווי מען יאָגט זיך איבער טרעפּ, ווי טירן קלאַפּן און עס קלינגט וואָס... פאַרביי די אויסגעבראָכענע פענצטער פלעגן דורכשווינד־לען צערייצטע זוכנדיגע פּנים'ער פון זשאַנדאַרמען.

— שיס!... שיס!... — האָט מען אָנגעהויבן פּלוצלינג

שרייען פון המון — ס'איז דא... זי איז פארביי דעם פענצטער דורכגעלאפן...

— וואס פאר א זי?... — האט א צווייטער געשריען, — ס'איז גאר אן ער...

— ניין, א פרוי! — האט זיך איינער אויטאריטעטיש אריינגעמישט. — כ'בין א שכן; כ'ווייס. נעכטן ביינאכט האט מען פון דאנען א דייטשקע צוגענומען. היינט האט זי זיך אפּ־גע'גנב'עט פון וואקזאל; מען רעכנט, אז זי איז דא אין הויז...

איין זשאנדארם איז פון הויז א פארשוויצטער ארויסגע־לאפן:

— וואו... וואו האט מען איר געזען?... — האט ער שווער אטעמענדיק געפרעגט. — מען קען איר ניט געפינען דער מכשפה, — האט ער צוגעגעבן.

— אט א דא... אט — האט מען אנגעוויזן.

ער האט נאר א מאך געטאן מיטן האנט.

— אין קעלער מסתמא זיך פארבאלטן, — האט איינער ארויסגעזאגט אן השערה.

— גערעכט, ס'קען זיין... — האבן זיך א סך אפגערופן.

עס דערהערט זיך א קלאפּן און א שליידערן אין קעלער. דער עולם ווארט מיט אנגעצונדענע אויגן.

— נו, זי איז דא? — פרעגט מען פון המון אומגעדולדיק נאך א שטיקל צייט.

— ניין! — ענטפערט מען פון אונטן.

דער המון איז געווארן אלץ אומגעדולדיקער.

— מיר וועלן אליין זוכן! — האט מען אנגעהויבן שרייען.

— וואסווארטן מיר?...

— בלייענע פויגל! — האט מען צו די זשאנדארמען גע־רופן. — אלע שפּיאנען לאזט איר פון די הענט ארויס...

אינעווייניק האט זיך אלץ געהערט א לויפעניש און א טו־
פעריי...

— זי איז דא! זי איז דא! — האט מען פלוצלינג אנגע־
הויבן שרייען אין הויז.

— אוואו? אוואו? — האט זיך דער המון הונגעריק א
ווארף געטאן. — אהער גיט איר! אהער!... אונז!...

ווייטער א געלויף אין שטוב. דער המון ווארט מיט א
דורשטיקן מויל און גליענדע אויגן... ענדלאך האט זיך דער
פארשוויצטער קאפ מיט דער רויטער צורה פון זשאנדארם ארויס־
גערוקט פון א קליין פענצטערל אין דאך און קורץ צום המון א
רוף געטאן:

— זי האט זיך אויפגעהאנגען, די פאסקודסטווא...

# טראַפּייען פון קריג

אַ יאוש האָט זיך פאַרשפּרייט. אַרום און אַרום האָט אָנגע־הויבן חרוב ווערן פון פרעמדע באָמבעס און אייגענעם דינאַמיט. דער רינג פון פייער און שטאָל איז געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער. פון די שטיבער האָט די אומרו נעטריבן די מענטשן אין גאַס אַרויס.

צייטונגס־איינגלאַך לויפן, הילכן:

„אַ זיג, אַ גרויסער זיג!“

„אַ סטראַטעגישער צוריקצוג, אַריינגענאַרט דעם שונא!“

מען גלויבט זיי ניט. דאָס פרידלאַכע לעבן האָט זיך ווי אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. פאַבריקן און קראָמען פאַרמאַכט און פאַרהאַקט. די האָפענונגען האָבן זיך אויסגעלאָזט. די מענטשן, פאַרצווייפלט, גייען אַרום ווי שאָטנס, נאָר די אויגן פרעגן שטום:

„וואָס וועט זיין?“

און מיט אַמאָל האָבן אויף דער פאַראָרנער גאַס עטלאַכע וויטרינעס פון אַ גרויסן צוגעמאַכטן מאַגאַזין זיך גענומען אויס־פּוצן מיט מערקווירדיקע חפצים.

די חפצים זיינען געווען ניט צום פאַרקויפן.

נאָר אַ צוגעקלעפּט צעטל צום שויב האָט דערציילט:

„טראַפּייען פון קריג.“

שוואַרץ, איינגעטוליעט אין טוך, שטייט אַ קוילנוואַרפער אויף דריי דינע צעשפּרייטע פיסלאַך. אַ צעטעלע הייגט אַרונ־

טער: „צוגענומען ביי די דייטשן דאָרטן און דאָרטן. מיט גרויסע קאָסטן אין לעבנס איז ער פון אונזערע סאָלאַטן דעראָבערט געוואָרן.“ ליגן האַנט גראַנאַטן, ווי גרויסע שוואַרצע קאָקוס־ניס, שווערדן, שפּיזן, מעסער, שווערע סאָלדאַטישע אונטערגעשמידטע שטיוועלעטן — אַלץ צוגענומען, צוגענומען דאָרטן און דאָרטן אין שלאַכטן, אין שוידערלאַכע שלאַכטן.

און אין מיטן אויף אַ מאַנעקען אַ היטל מיט אַ מונדיר און אַ צעטעלע:

„דאָס איז די היטל און מונדיר פון דעם שפּיאָן, וואָס איז נעכטן הינגעריכט געוואָרן.“

און דער עולם האָט זיך געדרייינקט ביי די וויטרינעס...

---

קארטעזשן האָבן זיך באַוויזן אויפן גאַס — קאַרטעזשן פון געפאַנגענע.

אין מיטן טאָג פלעגט מען זיי שוין איצט פירן פון וואָקזאַל צום פּלאַץ פון זייער באַשטימונג און אַן עולם דרייינקט זיך ווידער, שטעלט זיך אָפּ, קוקט.

— האַ־האַ, געפּאַקט...

— אונזערע קאָנען אויך...

— זיי מאַכן אונז חרוב...

— זיי פאַרגוואַלדיקן...

— בו־בו־בו!

צווישן די בעלגישע ביקסן טרעטן די געפאַנגענע דייטשן. אַנדערע פאַרנאַנדערגעשפּילטע, פאַרשטויבטע, טויט־מידע. אַנדערע אין הוזאַרסקן קיווער און העלם, ווי נאָר וואָס פון פערד

אראָפּ. אַ געמיש פון אַלט און יונג, עלטערע מענטשן און יונגע, גאָר יונגע אינגלאַך.

דער „בו־בו" האַלט אַן.

די בעלגישע ביקסן ווערן אָנגעשטריינגט. איינגער קומט זיך צוזאַמען דער קאַנוואָי און אָנגעשטריינגט ווערן די געפאַנגענע, זעלטן ווען גיט זיך אַ קאָפּ פון אַ געפאַנגענעם אַ קער צום אויפגערעגטן עולם, זיי קוקן נאָר פאַר זיך, און די יונגע אינגלאַך אין סאָלדאַטישער קליידונג קלאַפּן באַזונדערס אָפּ האַרט און שטאַרק דעם טראָט, ווי זיי וואָלטן מאַרשירט אויף אַ פּאַראַד.

און דער עולם לויפט נאָך, מען לויפט נאָך, מען שרייט און מען רעדט:

— באַרבאַרן!

— אומזיסטיקע עסער!

— מען דאַרף זיי פּערטלען!...

— רעד ניט קיין משוגעת'ן...

— וואָס מיינסטו? זיי פאַר'סם'ען די ברונימער...

— בו... בו... בו!...

דער עולם לויפט נאָך...

און מיט אַמאָל האָט זיך צום עולם אַ דריי געטאָן אַ פּנים פון אַן עלטערן געפאַנגענעם, געקוקט לאַנג, ווי ער וואָלט זיך געטראָפן מיט אַלעמענס בליקן און מאָדנע מענטשלאַך און גוט־מוטיק זיך צעשמייכלט.

עפּעס האָט ער נאָך שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן צו די איבעריקע. נאָך עטלאַכע פּנים'ער האָבן זיך אומגעדרייט צום עולם און געשמייכלט, אין פאַרוואונדערונג געשמייכלט.

— זעט, זיי שמייכלען נאָך!...

נאָר פון עולם האָט מען גענומען אָפּשטיין איינער, אַ צווייטער, ביסלעכווייז איז דער עולם אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען.

# דער חורבן

די שטאָט האָט שוין איצט אויסגעזען דערשלאָגן, דערשטיקט פון ליידן. גאַנצע גאַסן זיינען געשטאַנען פאַר׳יתומ׳ט; די מויערן פוסט אַן איינוואוינער — אמת׳ע קברים־ביידלאַך. יונגע מענטשן האָט מען ניט געזען; זיי האָט מען אַוועקגענומען אויף די שלאַכטפעלדער. די איבעריקע האָבן אַוועקגעוואָרפן זייער אַרבעט, זייער טאָג־טעגלאַכע באַשעפטיקונג און אַן ציל אַרום־געבלאָנדזשעט איבער די גאַסן. מענטשן האָבן ווי אין חלום געלעבט: געטראַכט, געגאַנגען, און יעדן האָט זיך געדוכט, אַז מען רעדט ניט דאָס, וואָס מען קלערט, און געקלערט האָט מען און געטראַכט וועגן טויט.

ביינאַכט איז געווען חושך־שטיל. מענטשן זיינען געשלאָפן אין די קעלערס; אין מיטן דער נאַכט פלעגן זיי מיט פחד זיך צוהערן צום ברומען, בויערנדיקן גערויש פון די צעפּעלינס. אָט באַלד וועט פּלאַצן אַ באָמבע און ווער ווייס וואו די שטיקער וועלן פאַרפליען?

בייטאָג פלעגן פאַרפאַלגן פיינטלאַכע „טויבעס". ווי שוואַר־צע רויב־פייגל פלעגן זיי זיך טראָגן אין הימל און זייערע פּראָ־פעלערס פלעגן זינגען אַ ליד פון טויט.

אויסגעהונגערטע, פאַרלאָזענע קעץ זיינען איבער די גאַסן אַרומגעקראָכן; מיט אַ רחמנות׳דיק מיאוקען זיינען זיי נאָכגע־

לאָפן די מענטשן טריט ביי טריט — ווי הינטלאַך, און שטום געבעטן עסן...

די מענטשן פלעגן שטיין אויף די גאַסן און אומרואיק קוקן אין הימל אריין, ווי פאַר אַ גרויסע רעטעניש. נאָר מיליטער אויטאָס פלעגן רעש׳דיק יאָגן און אַן אימה אָנוואַרפן. ס׳האָט זיך געפילט אַ ווייטאַק אין זייער ברומען; אַ פאַרלאָרנקייט אין משוגענעם אַרומלויפן הין און צוריק. זיי פלעגן מיטברייינגען מיט זיך דעם שטויב און ריח פון די שלאַכטפעלדער, און פליען צוריק אָנגעלאָדן מיט טויט. סאָלדאַטן פלעגן אַלץ אַוועקשטראָמען... דער המון איז שוין צו זיי גלייכגילטיק געוואָרן. די מענטשן פלעגן זיי שוין ניט באַגריסן און די סאָלדאַטן פלעגן דורכגיין ערנסט פאַרטראַכט, געשמידט פון זייער בלוטיקן מזל, ווי צו זייער אייגענער לויה.

פינצטערע ידיעות האָבן זיך געטראָגן פון מויל צו מויל און פאַר׳חושך׳ט דאָס לעבן. די צאָל פון די פאַרוואונדעטע האָט זיך אַלץ געשטאַרקט. די אַמבולאַנס־וואָגנס זיינען צו ווינציק געוואָרן — טראַמוויי־וואַגאָנעס האָבן שוין אויך פאַרפעלט; און די פאַרוואונדעטע פלעגן גיין צופוס פון וואָקזאַל, מיט רויטע, מיט בלוט דורכגעזאַפטע לייכטע באַנדאַזשן, מיט די ראַנצעס אויף די פלייצעס. צו עטלאַכע פלעגן זיי גיין צוזאַמען, געאָרעמט און געפלאָכטן.

און גרויסע מענטשן־פּראָצעסיעס האָבן זיך באַוויזן. דאָס זיינען די אַנטלאָפענע פּויערים געווען, וואָס דער טויט האָט גע־יאָגט, ווי איבערגעשראָקענע פייגל פון די פעלדער; ער האָט זיי געטריבן פון דער סאָבע, פון דער בראָנע; און גיין פלעגן זיי אין זייערע בעסטע בגדים, יום־טוב׳דיק געקליידט פון דעם גרויסן יום־טוב פון טויט; אָבער מיט קליינע אָרעמע פּעקלאַך אין די הענט, מיט שטייגלאַך געראַטעוועטע פייגעלאַך. קיין איין קרעכץ,

קיין איין טרער. נאר גאטס קללה האט ביי זיי אין די אויגן גע־
ברענט...

און סאלדאטן פלעגן אלץ אוועקשטראמען, אלץ אוועקשטרא־
מען.

און אנדערע סאלדאטן פלעגן אלץ אריינשטראמען אין שטאט
צוריק מיט בלוט דורכגעזאפטע באנדאזשן, מיט צעקרימטע
פנים'ער, מיט פיבער אין די אויגן, געארמט און נעפלאכטן פון
דעם גרויסן יום־טוב פון טויט...

# פינצטערניש

און די שטאָט איז געשלאָגן געוואָרן מיט פינצטערניש.
קומט די נאַכט איז שטאָק־פינצטער אַרום. מענטשן טאָרן ניט זען קיין ליכט, קיין שיין, קיין אָפּשיין איינער ביים אַנדערן.
אונטער דער שטראָף פון טויט.

און קומט די נאַכט הערן אויף מענטשן צו זען, ווי מען וואָלט ביי זיי די אויגן אויסגעשטאָכן. אין בלינדסטן צימער פאַרבאָלט מען זיך מיט אַ ליכטל, מיט אַ צאַנקנד לעמפּל — דאָס קנייטל אַרונטער, אַרונטער...

די פענצטער בלינד געמאַכט, פאַרהאַנגען מיט קאָלדרעס, מיט שווערע קליידער: די גאַס, די שטאָט זאָל זיין בלינד — שטאָק בלינד.

די שטאָט איז געשלאָגן געוואָרן מיט פינצטערניש.

ביין טונקעלן איילן זיך מענטשן צו די הייזער. עס יאָגט זיי די שרעק: די נאַכט זאָל ניט פאַרכאַפּן אין גאַס און מאַכן זיי בלינד. עס איז אַ שרעק פאַרן מענטשן אין דער פינצטערער שטאָט, ערגער ווי אין נאַכטיקן פעלד, ערגער ווי אין נאַכטיקן וואַלד.

און אין דער פינצטערניש פון דער בלינדער נאַכט וואַקלען זיך אום מענטשן מיט אָפענע איבעריקע אויגן, מיט אויסגעשפּרייטע זוכנדיקע הענט. דאָס האָט די נויט אַרויסגעטריבן אַנדערע אין דער פינצטערניש פון דער בלינדער שטאָט, נאָך אַ דאָקטאָר,

נאָך הילף. זיי טרייבט די נויט און די פינצטערניש ליגט זיך ווי א שטרויכל אונטער די פיס, שטעלט אוועק די ווענט פון מויערן אין מיטן גאנג, ווארפט אום, שטויסט אָן אויף אייזערנע סלופעס פון בלינדע לאַמטערנעס. אויף דעם ביקס און בייזן געשריי פון סאָלדאַט אין דער פינצטער.

די שטאָט איז געשלאָגן געוואָרן מיט פינצטערניש, אויסגעלאָשן איז אפילו לבנה און שטערן. א געדיכטער חושך פילט אוים די וועלט. וואו איז ערד? וואו איז הימל? וואו איז רוים? אומעטום דער בלינדער חושך פון מצרים.

די שטאָט איז געשלאָגן געוואָרן מיט פינצטערניש. נים פון גאָט, פון מענטשן — אונטערן שטראָף פון טויט.

# דער סאָלדאַט

קייזער־ליי. אַ נערוועזע איילעניש הין און צוריק, הין און צוריק — אויף די טראָטואַרן, אין מיטן גאַס.

לויפֿן די צייטונגס־איינגלאַך אין הייסן זומערדיקן טאָג און זייערע געשרייען שמייסן, דוכט זיך, טרייבן דעם עולם:

„די עוואַקואַציע פֿון שטאָט... דעם גאָווערנאָרס פּראָקלאַמאַציע... די שטאָט פֿאַרלאָזן פֿון אונז..."

דער עולם אויף די טראָטואַרן איילט זיך, שטראָמט. אין מיטן גאַס פּלאָנטערן זיך אַרום סאָלדאַטן. אויטאָס מיט אָפֿיצירן פֿליען דורך, אַמבולאַנסן פֿון רויטן קרייץ. מיט אַ גרילץ שלעפּן זיך פּולע טראַמען מיט פֿאַרוואונדעטע. באַנדאַזשירטע פּנים'ער קוקן אַרויס מיט שרעקלאַכע אויגן פֿון די אָפֿענע פֿענצטער.

אין פּראַכט פֿון הייסן זוניקן טאָג ליגט די הויפּט־גאַס. די פּאַרפּוצטע, געצאַצקעטע לאַמטערנע־סלופּעס צעבליט פֿון בלומען און קאָלירן. יום־טוב'דיק זייגען פֿאַרמאַכט די מאַגאַזינען, נאָר וואָכעדיק איז די נערוועזע איילעניש הין און צוריק, הין און צוריק.

דער עולם איילט זיך, שטראָמט:

„דער שונא ביי די טויערן, דער שונא"... אָבער פֿון זיך אַליין ווערן רעדלאַך: אַ רעדל דאָ, אַ רעדל דאָרט, ווי אינזלאַך אין דעם שטראָם.

אין אַ רעדל רעדט איינער אויפֿן קול:

— ווי, אין שטאָט איז טאָקע מער ניטאָ קיין רעגירונג?...

— געוויס, איר זעט דאָך, אין דער פּראָקלאַמאַציע הייסט מען אונז זיין רואיק.

— איצט מעג איך שוין ריידן וואָס איך וויל, — טייטלט איינער מיטן פינגער אין צייטונג. — מען האָט אונז די גאַנצע צייט גענאַרט. די גאַנצע צייט האָבן מיר געזיגט, אָפּגעטראָטן צוליב סטראַטעגישע אורזאַכן און איצט אַנטלויף גאָר פון שטאָט...

רעדט אַן אַלטער באַרדיקער פאַרמער:

— ווי איר זעט מיר, בין איך דאָ גלייך פון מיין פעלד. אַט אין די פלושענע הויזן גלייך פון אַקער. אויסגעהאַלטן ביז דער לעצטער מינוט. נאָר כ'האָב געהאַט אַן אויג די גאַנצע צייט. אַרום מיר אויף די פעלדער האָבן אונזערע, די סאָלדאַטן, געגראָבן טראַנשייען, צוגעגרייט פאַרצוימונגען פון שטעכיקן דראָט, געבראַכט האַרמאַטן, ביקסן, קוילן. און פאַר וועמען, פרעג איך אייך, בירגער? פאַר די דייטשן... אַן אַ שאָס אָוועקגעגעבן...

— מיר האָבן דאָך די גאַנצע צייט געזיגט, טו וואָס האָבן געטאָן אונזערע סאָלדאַטן?...

— געלעגן באַהאַלטן אין די קעלערס, כ'האָב אַליין געזען... — ענטפערט סאַרקאַסטיש איינער.

— נאָר אונזערע, די ענגלענדער אויך... ניט געקענט אויסהאַלטן זייער פייער... — פרובירט אומזיכער פאַרטיידיקן אַ צווייטער...

— מען קען זיי, די בלייענע פויגל, נישקשה...

— קוקט, אַן אַנטלויפט די אַרטילעריע צום פאָרט!...

— זיי אַנטלויפן און אונז לאָזן זיי איבער...

— קוקט נאָר, ווי זיי דרייען זיך דאָ אַרום, די בלייענע פויגל... סאָלדאַטן פּלאָנטערן זיך אין מיטן גאַס אָן אַ ציל, מידע, פאַרלאָרענע, פאַרווירטע.

אַלץ מער צוריקגעשטויסענע סאָלדאַטן קומען צו. פּלאָנטערן

זיך ארום אין מיטן גאס, פארשטויבטע, מידע, מיטן ריח פון שלאכט־פעלד אין די בגדים. גרופעס פארוואונדעטע ציען זיך צופוס פאר־ברידערט און איינגעפלאכטן, ווי סקולפטורן־גרופן. פאמעלאך, ווי פארטראכט, שארן זיי זיך איבערן גאס אין דער אלגעמיינער פאר־ווירונג. א געזונטע פוס העלפט א פארוואונדעטע האנט און א גע־זונטע האנט העלפט א קראנקע פוס.

און דער עולם איילט זיך, גייט, בלייבט שטיין אין רעדלאך:

— לויפט, לויפט, די באשעס ביי די טויערן!

— וואוהין?

— ווער ווייס?

— דער סוף?

— געוויס...

און ווייטער מיט ביטערניש:

— בלייענע פייגל...

עפעס האט זיך א סאלדאט ארויסגעפלאכטן פון א גרופע פארוואונדעטע, זיך צוגעשארט צום טראטואר, צו א פארפוצטן לאמטערנע־סלופ און זיך שווער צוגעזעצט אויף דער ערד.

זיצט דער סאלדאט אויפן אנגעברענטן טראטואר, די פאלעס פון שינעל אונטערגעשפילעט. מיט די פיס אויפן ברוק, מיטן פליי־צע צו די דורכגייער, שווער אנגעלענט אן אייזערנעם סלופ.

און איבער זיין קאפ טראגן זיך ווערטער:

— אלץ אפגעגעבן די דייטשן... אן א שאס אפגעגעבן די בא־שעס...

און דער סאלדאט זיצט, זיצט אין הייסער מידקייט. זיך ארויסגעפלאכטן און קען זיך שוין מער ניט אריינפלעכטן. עס איז אים אזוי שרעקלאך שווער געווען זיך צו שלעפן און עס איז אים אזוי שרעקלאך שווער צו זיצן און שטום דרייט ער אלעמאל דעם קאפ אהינטער אויפן טראטואר. מענטשן גייען, גייען. ער וויל טרעפן,

פאַרטשעפּען אימיצנס אַ בליק. ער וועט יענעם זאָגן... נאָר מען קוקט ניט אויף אים. ער קען אין קיין פאַל ניט כאַפּן אימיצנס אַ בליק. ניט מענטשן, נאָר פיס, פיס גייען, גייען פאַרביי אים... האָט ער זיך שטום צונויפגעדרייט, איינגעקאַרטשעט, ווי די ערד וואָלט אים געצויגן, איינגענורעט דעם קאָפּ און אַזוי געבליבן זיצן ווי פאַרפראָרן, אין מיטן הייסן זומערדיקן טאָג.

און הינטער זיין שטייפער געהאָרבעטער פּלייצע זיינען גע־גאַנגען פיס, פיס און פיס.

# די שלאכט

געל־שווארץ איז דער הימל איבער דער שטאָט. אין דער רויכיקער, שטיקנדער לופט טראָגט זיך פאַר׳שרפה׳ט פּאַפּיר, שפּענדלאַך, שטיקלאַך גלאָז. די הייזער האַלטן אין איין ציטערן: דזין, דזין, דזין... דער האַריזאָנט ברענט פון אַלע זייטן, זײַלן רויך הויבן זיך צום הימל, קייקלען זיך איבערן ברוק. אין דער לופט טראָגט זיך מיט דונער דער רייטוואָגן פון טויט. אימעצער פּאַסעוועט אומ׳ברחמנות׳דיק דעם הימל מיט אַ שטאָלענער בייטש.

מחנות, מחנות טראָגן זיך אין ווילדן געלויף איבער די וואַלן...

„צום זיג!"

„צום זיג!"

און מען האָט זיי צווייען געפונען אויפן וואַל, איינעם לעבן אַנדערן. איינער איז געלעגן קאָנוואולסיוו איינגעגראָבן מיטן פּנים אַראָפּ, מיט אַ פול מויל געביסענער ערד און מיט אַ שפּיז אין רוקן — דאָס איז געווען דער באַזיגטער.

דער צווייטער, מיטן פּנים צום הימל, מיט אַ דורכגעשאָסענעם האַלז, מיט אַרויסגעשפּאַרט בלוט פון מויל, פון נאָז, פון די אויגן... — דאָס איז געווען דער זיגער!

און אַזוי זײַנען זיי געלעגן איינער לעבן אַנדערן, דער מיטן פּנים אַרויף און דער מיטן פּנים אַראָפּ...

# אין לויפן

מיט אויסגעלאָשענע פּייערן, מיט קלאַפּעניש אין הארצן האָט זיך די באַן גע׳גנב׳עט צום האָלענדישן גרענעץ.

פּאַמעלאַכער פון אַ פוס־גייער האָט דער פינצטערער לאָקאָ־מאָטיוו שטום זיך געשאַרט איבער די רעלסן אין דער נאַכט אריין.

אין די פינצטערע וואַגאָנעס: אַלטע, יונגע, פרויען, קינדער. פּעק אויף פּעק. צונויפגעקוועטשט — דערשטיקט צו ווערן. גוף און נשמה אין קלעם.

דריקט, הויערט די מורא און שטיל ווארפט מען זיך דורך מיט ווערטער:

— מיר פאָרן?

— מיר שטייען.

— ניין, מיר פאָרן...

מענטשלאַכע פּנים׳ער צוגעקלעפּט, ארייננגעקוועטשט אין די שויבן. אויגן ווילן דורכדרינגען די פינצטערניש און שטויסן זיך אָן אויף נאָך שווארצערע משונה׳דיקע סילועטן פון הארמאַטן, וואָס האָבן פארריסן שווארצע לאַנגע העלזער אין הימל אריין.

די מורא הויערט און שטיל, אָפּגעריסן, דערציילט מען זיך שרעקלאַכקייטן.

דערציילט איינער:

— ס׳איז אָנגעקומען פלוצלונג... ניט באַוויזן צו לויפן. געלאָפן שוין מיט אונזערע סאָלדאַטן. פון געפּאַנצערטע אויטאָ־

מאָבילן זיינען אונזערע געשפּרונגען — ניט געקענט אויסהאַלטן... פאַר מיר לויפט אַ סאָלדאַט. פּלוצלונג גיט ער זיך אַ כאַפּ מיטן האַנט פאַרן קאַרק, ווי ס'וואָלט אים דאָרט אַ ביס געטאָן. ניט באַוויזן טאָן אַ טריט, ווי ער האָט זיך געטאָן אַ זעץ צו אויף איין קני ווי צום שיסן און אַ פאַל געטאָן פאָרויס... נאָר דעם קאָפּ האָט ער מאָדנע אויסגעדרייט אין מיין זייט און געקוקט אויף מיר מיט צעעפנטע אויגן. כ'בין געפלויגן. נאָר מענטשן, כ'וועל דעם קוק קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

— מיט מיר דאָס אייגענע... — הויבט אָן אַ צווייטער. — פּלוצלונג... דונערן פון קלאָרן הימל. קיינער האָט זיך ניט גע־ריכט, געמיינט מאָרגן, שפּעטער. רעדלאַך זיינען מיר געשטאַנען אין גאַס. און מיט אַמאָל לעבן אונז האָט עס געפּלאַצט, צע־וואָרפן, אויסגעריסן אַ לאָך אין ברוק...

מיך האָט עס אומגעשליידערט, נאָר ניט געשאַדט. זיך אויפגעהויבן, געקומען צו זיך, כ'זע ווער עס ליגט, ווער עס לויפט און ווער עס שטייט צעטומלט. און פּלוצלונג איינער שרייט — ניט אויסצוהאַלטן! כ'קוק, אַ שכן שטייט מיט די הענט פאַר־דעקט דעם פּנים, שרייט מיט באַנומענע קולות און הויבט אָן רייסן פון זיך די זאַכן, צופּן און גראַבלען דעם אייגענעם לייב. שרעקלאַך, מענטשן, שרעקלאַך... דער מענטש האָט פאַרלאָרן די אויגן און דעם פאַרשטאַנד. אין אויפריים האָבן ביי אים די אויגן געפּלאַצט און האָט דעם זינען פאַרלאָרן...

— ביי אונז האָט איינעם אָפּגעריסן דעם פּנים — דעם נאָז, די ליפּן, די אויערן, אָן אַ פּנים געבליבן, ליבע מענטשן...

רעדט אָן אַלטעטשקע:

— איר מיינט, כ'וואָלט געלאָפן פון מעבעלין, כ'בין אַלט איבער ניינציק. כ'וואָלט בעסער געשטאָרבן אויף די חורבות, איידער אין דער פרעמד. סאַי ווי ניט פיל געבליבן... מיר טרייבט

די מורא. כ׳האָב מורא משוגע צו ווערן פון דער באָמבאַרדירונג. קען עס ניט איבערטראָגן. כ׳וואַלט משוגע געוואָרן...

און אַ חנ׳עוודיק, יונג, קינדיש קול פון אַ קליין מיידעלע פאַלט איר אַריין אין די רייד:

— איך האָב ניט מורא פאַר די דייטשן. איך לויף אַרונטער גלייך אין קעלער...

פון די אומשולדיקע קינדערשע רייד, דוכט זיך, איז ליכטי־קער געוואָרן. אַ שמייכל פילט זיך אין דער פראַגע פון עטלאַכע:

— וואָס, ליב קינד, זיך צוגעוואוינט צום קעלער?

און מיט אַמאָל גייט אַריבער פון מויל צו מויל:

„אַרויסשטייגן, אַרויסשטייגן!...“

און אויגן פרעגן, ווענדן זיך:

— איבערגעריסן?

— אַריינגעפאַלן צו די דייטשן?

— פרעגט ניט, שטייגט אַרויס...

— אין מיטן פעלד?

— שטייגט אַרויס...

הונדערטער נערוועזע הענט כאַפּן זיך צו די פּעק און פּעק־לאַך. מען שלעפּט, מען זוכט. אַ שטופּעניש. דוכט זיך איינער שטופּט אַרויס דעם צווייטן אין דער פינצטערניש אַריין. פאַר־האַלט מען זיך אויפן הויכן טרעפּל פון וואַגאָן ווי פאַרן וואַרפן זיך אין אַ נאַכטיקן וואַסער. און דער פינצטערער פעלד שלינגט איין מיטן שרעק פון טויט.

דוכט זיך, סילועטן פון קאַוואַלעריסטן אויף פערד פינצטערן דאָרטן אביסל ווייטער.

„די הוזאַרן פון טויט?“

ניין, בלויז ביימער דאָרטן און די שרעק האָט זיי פאַר־

וואנדלט אין פינצטערע חילות. נאָר סיי ווי שטייט מען אין מיטן־נאַכטיקן פעלד, געשמידט פון שרעק, פון אומבאַוואוסט־קייט, פון פינצטערניש.

נאָר באַלד:

„אריינשטייגן!“

מען ציט אַפּ דעם אָטעם:

— אַ פאַלשע טרעוואָגע...

ווידער אַ שטופּעניש, אַ געדריינג.

און ווידער גנב'עט זיך די באַן מיט אויסגעלאָשענע פייערן צום האָלענדישן גרענעץ.

ווידער ציט זיך דער שרעקלאַכער שמועס.

אַ גלח קלאָגט זיך שטיל:

— אונזער גרעסטע רעליגיעזע ביבליאָטעק איז פאַרברענט געוואָרן אין מעכעלין פון די דייטשע קוילן.

אַ צווייטער ענטפערט טרויעריק:

— מענטשן הרג'עט מען, וואָס פאַר אַ ווערט האָבן ביכער...

און אין דער פינצטערניש פון וואַגאָן בעט זיך אַ קינד:

— מאַ, אהיים, כ'וויל אהיים...

טונקעלע סילועטן מיט ביקסן אויף די אַקסלען גיבן ווידער איבער:

„ארויסשטייגן!“

„אריינשטייגן!“

און אַזוי מאָל נאָך מאָל...

און ערגעץ אין אַ צווייטן וואַגאָן ברעכן אויס משוגענע קולות פון אַ פרוי, וואָס רייסן די נאַכט און רייסן זיך אריין אין וואַגאָן. שטומע, צעצאַפּלטע הערט מען זיך צו צו די שרעקלאַכע קולות ביז זיי ווערן שטיל.

און פון מויל צו מויל גיט מען איבער און מען שאקלט מיט באדויערונג די קעפ:

— א יונגע מאמע. דעם מאן צוגענומען. מיט א צוויי וואכן פריער געבארן א קינד; ביים אנטלויפן פון שטאט האט זי דאס קינד איינגעוויקלט אין ווינדעלאך, גענומען אונטערן ארעם, אין דער צווייטער האנט געכאפט א פאק זאכן און אזוי געלאפן ביז דער סטאנציע הינטערן שטאט. דארט האט זי דערזען, אז דאס קינד איז ארויסגעפאלן אויפן וועג לויפנדיק.

איצט שרייט זי א נערירטע מיט באנומענע קולות...

נאר פון דער ווייטן האט עפעס א שיין געטאן. געלעמטע שטייען אלע: שפארן זיך נאך מער צו די פענצטער. די אפ־געוואוינטע אויגן זשמורען זיך און עפענען זיך ברייט פאנאנדער.

— קוקט, קוקט, ליכטיקייט, ליכטיקייט. דער גרענעץ!...

# דער פאַרלאָזענער פויגל.

טריל...

ס׳שפּראָצט אויף טאָג.

דער קאַנאַריק „פּיט“ קוקט פון זיין שטייגל דורכ׳ן פענצטער אין דרויסן אַרויס. פעלדער און ביימער ווי שטענדיק, און דאָך עפּעס אַנדערש...

טריל, טריל... ס׳שפּראָצט אויף טאָג, דער געבענטשטער זומערדיקער פרימאָגן קומט. דער פויגל פילט אַ גרויסע אומרו־איקייט, מיט די ערשטע שטראַלן ווערט וואָס געבוירן אין זיין ברוסט, — עס רייסט זיך ביי אים פון האַלז, און עס ווילט זיך אים טרילן, זינגען אַנטקעגן דער אויפגייענדיקער זון.

ס׳שפּריצט מיט גאַנצע פאָנטאַנען לויטער ליכט, — שפּי־לעוודיקע שטראַלן פלאַטערן אויף די דרעטלאַך פון זיין שטייגל:

טריל, טריל, טריל...

„פּיט“ האַקט אָפּ. אַ פאַלשן קלאַנג האָט ער דערהערט. ער ווייס אַליין ניט, האָט ער דאָס שלעכט געזונגען, אָדער עס קומט פון דער פרעמד?

ער בייגט די קעפּל אויף אַ זייט, הערט זיך צו...

אַרום שטראָמט די מונטערע ליכטיקייט, ער וועט פּרובירן נאָכאַמאָל:

טריל...

אין גאַנצן פאַלש.

ער ציט די העלזל איין, נורעט איין די קעפל, גנבה׳דיק כאפט ער א קוק אין ביידע זייטן, צי קיינער האט ניט געהערט זיין פאלש זינגען.

אין שטוב איז שטיל, מען הערט קיינעם ניט — און ער האט קיין כח ניט צום זינגען. ער איז אזוי הונגעריק, אזוי הונ־געריק... נעכטן האט ער שוין גארנישט געגעסן.

ער שפרינגט אראפ צום הונדערטסטן מאל פון שעדעלע, פיקט אין דער ליידיקער טעצעלע — ניטא מער קיין עסן... דאך בליצט א האפענונג: אפשר, טאמער האט זיך פארוואלגערט א קערנדל ארום שעלכעלע — ער שארט מיט די פיסלאך, פיק־פיק מיטן שנאבעלע — ניין, ניטא...

ער ווארפט זיך צום וואסער, נאך אביסל בלאטיקס פארבליבן אויפן דעק.

ער טרינקט. ער פארדרייסט די קעפל, מאכט צו די אויגלאך: ווי גוט, ווי עס דערפרישט! אבער ס׳פילט זיך נאך שטארקער דער הונגער... ער זוכט ארום נאכאמאל די שטייגל — ניין, נעכטן האט ער שוין אלץ צונויפגעקליבן.

וואס פאר א בלאנקענדיקע זון! און ס׳ווילט זיך אים ווידער טרילן, זינגען:

טריל, טריל...

פאלש. אבער ער מוז טרילן, רופן. וואו זיינען זיי אלע? פארוואס גיט מען אים ניט עסן? פארוואס קלעטערט ניט דער קליינער פיער אויפן פענצטער ארויף, אים די שטייגל עפענען?

טריל, טריל, טריל...

דער „וואסערשלאק" איז ריין און ריכטיק. די זון האט זיך צעשפילט, ער האט אויף א רגע דעם הונגער פארגעסן. ער קוקט דורכן פענצטער, ווי די ביימער קוועלן און ברומען. פרייע פייגלען באווייזן זיך אויף א רגע און פארשווינדן גלייך. נאר

אין שטוב איז שטיל, ניטאָ קיין אָפּקלאַנג, טויט... וואו זיינען זיי אַלע?

עפּעס האָבן אָנגעהויבן די שויבן ווידער ציטערן ווי אין יענער נאַכט. דזין, דזין... האָבן די שויבן געקלונגען און אַ מהומה איז געוואָרן אין שטוב. ער האָט זיך געהאַט איבערגעשראָקן, פון שלאָף האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, געקוקט און ניט פאַרשטאַנען. ער האָט נאָר געזען, אַז דאָס איז ניט דער פרימאָרגנדיקער טומל, ווען די שטוביקע האָבן זיך געווייינטלאַך געאיילט אין פעלד און אין גאָרטן. ער האָט געזען, אַז די מענטשן לויפן איבערן שטוב ווילן עפּעס נעמען, כאַפּן און ווייסן ניט וואָס, זוכן וואָס און לויפן אַרויס. דעם קליינעם פּיער האָט מען געשלעפּט אַ שלאָפעדיקן. „פּיט'ן" האָט געדוכט, אַז ער שטרעקט צו אים די הענטלאַך אויס.

דזין, דזין... האָבן די שויבן געקלונגען ווי איצט. ער האָט געוואָלט אַ טריל טאָן: נעמט מיך אויך... נאָר די שויבן האָבן אַזוי מאָדנע געציטערט, ווי אַ רויב־פויגל וואָלט אָן זיי מיט די פליגל געקלאַפּט, און ער האָט פון אַנגסט קיין איין קלאַנג ניט געקענט אַרויסברייינגען, נאָר שטום זיך פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל פון שטייגל.

דזין, דזין... ווי שרעקלאַך די שויבן ציטערן ווידער... ווי ס'וואָלט געדונערט, נאָר עפּעס אַנדערש... נאָכן דונער קומט אַ ווילדער זשומענדיקער געשריי און אַלץ העכער, נענטער, שטאַרקער. די פענצטער שפּרינגען אין די ראַמען, זיין שטייגל וויגט זיך. ער וואָלט שוין בעסער געהונגערט, אַבי דעם רעש ניט הערן, ס'שרעקט אים אַזוי.

זשוז — טראַך!... וואָס טוט זיך דאָ? די שויבן האָבן אין פענצטער געפּלאַצט, ער וויגט זיך מיטן גאַנצן הויז צוזאַמען. שטיקלאַך גלאָז פאַרפליען צו אים.

טריל... שרייט ער פון שרעק. ווער א שרעקלאַכער האָט אויף אים א קוק געטאָן, דאָס איז יענער נאַכטיקער פויגל...

ער וויל אים ניט זען, ניין, ער וויל ניט...

ער באַהאַלט די קעפּל אונטערן פליגעלע... נאָר דאָרטן קוקט אויך אַרונטער דער שרעקלאַכער פויגל, שטרעקט נאָך אים זיינע נעגל אויס. ניין, ער וועט זיך ניט לאָזן, ער וועט די וועלטלאַך צעטראָגן, ער וועט זיך ניט לאָזן כאַפּן...

„פּיט" וואַרפט זיך מיט זיין גאַנצער קראַפט אויף די ווענטלאַך פון שטייגל. די שטייגל וויגט זיך. אָבער צו שטאַרק זיינען די דראָטן — ער שליידערט זיך נאָך אַמאָל — שטאַרקער, צאָרנדיקער.

דער רויב־פויגל קוקט אויף אים... „פּיט" שניידט זיך איין אין די דראָטן.

זשזשזש... שיפּעט ווער. די ביימער קרעכצן און ברעכן זיך ווי אין שטורם. עס גליווערט אים דאָס בלוט. ער וועט נאָך פּרובירן דורך די שפּאַרונעס דורכקריכן — און ער שניידט זיך איין אין די פלייש, שטיקט די קעפּל.

דער שטורם שפּילט שוין ביים שוועל פון הויז, רויטע, דורשטיקע פייער־צונגען לעקן די ווענט, קריכן צום סופית...

„פּיט" שליידערט זיך א פאַרלאָרענער איבערן שטייגל. זשזש — טראַך! יענער גרויזאַמער פויגל האָט אים שוין מיט א נאָגל פאַרטשעפּעט און קוקט אויף אים אַזוי עקשנות'דיק שטאַר.

„פּיט" צאַפּלט אין גאַנצן. ער פאָכעט מיט די פליגעלאַך: אוועק, אוועק...

טריל, טריל... צו הילף, מענטשן!...

טריל...

שטיל.

# די אַלטע עליז.

... צי פון דער מלחמה, צי פון היץ, נאָר דאָס פאַרוואָרפענע פלאַמאַנישע שטעטל, וואו די אַלטע עליז האָט געוואוינט, איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן.

אַ נעבל פון די אַרומיקע בלאָטעס אויסגעמישט מיטן טרוקענעם שטויב האָט זיך געוואַלגערט אין דער לופטן, זיך געוויגט איבער דער לייַמיקער, צעפּלאַצטער ערד, איבער די עטלאַכע פּוסטע גאַסן, ווי אַ לייַכטער טול אָנגעשטאָכן אויף די שפּיזיקע זונען־שטראַלן.

קיין מאַנסבילן האָט מען ניט געזען. נאָר ווען ניט ווען פלעגט דורכקריכן אַ קינד, אָדער ס׳פלעגט זיך אַ ווייַז טאָן דורכ׳ן גאַס אַ פלאַמאַנדקע מיט איבערגעוואָרפענע עמערס, אין גרויסע הילצערנע שיך אויף די אַנטבלויזטע באָרוועסע פיס, און גלייַך פאַרשווינדן.

און פּלוצלונג האָט דאָס גאַנצע שטעטל ווי אויפגעציטערט:

סאָלדאַטן, סאָלדאַטן!

אויפן ברייטן וועג, וואָס איז אויך געוועזן די הויפּט־גאַס, האָט זיך באַוויזן אַ וואָלקן און פון דאָרטן האָט אַלץ דייַטלאַכער זיך דערטראָגן אַ צעשאָטענער פּויקן־קלאַפּ, און באַלד האָט זיך דורכגעריסן די מאַרסעליעזע:

„צו די וואָפן, בירגער!
פאַרמירט באַטאַליאָנען!"

און ווידער האט זיך געשאטן דער טרוקענער פויקן־קלאפ:

טראם טאראראם, טראם טאראראם...

דער דיקער, צעוואקסענער זשעף, דער בעל־הבית פון דער קאפע אויפן ראג פון דער הויפט־גאס, וואס האט פויל געדרימלט אין פוסטן שיינק ביים טובאנק, האט זיך מיט אמאל אויפגע־כאפט, אויפגעהויבן דעם גרויסן געלן קאפ פון די אונטערגעלייגטע פארקאשערטע, האריקע הענט, זיך צוגעהערט א ווײַלע מיט אנ־געשפיצטע אויערן, ווי אן אלטער טרענירטער פערד ביים שאַל פון טרומפייט, און אין איילעניש פארשפילענדיק די אפענע געל־באוואקסענע ברוסט, זיך א לאז געטאן צום דרויסן.

אין קארידאר האט ער זיך פארהאלטן א ווײַלע, און אין איין אטעם ארויפגעשריען אויף די טרעפ צום מאנסארד (אויבער־שטיבל):

— עליז, גיכער, אלטע, הערסט סאלדאטן קומען, מאך גרייט אין קאפע!...

אויף די טרעפ האט זיך באוויזן די אלטע עליז, די גרויע האר צעשויבערט מיט אן אנגעהויבענעם וואלענעם זאק אין האנט. ווייזט אויס, זיך האט שוין אויך דערהערט דאס אנקומען פון די סאלדאטן.

— מיין הער לאשארנעל, — האט זי נערופן צעטומלט, — וואס פאר א סאלדאטן, אונזערע צי די אלבאשן? (דייטשן).

דער דיקער שיינקער, וואס האט שוין געהאלטן ביים ארויס־שפרינגען אין גאס, האט זיך צעטרייסלט פון געלעכטער.

— אלבאשן? געווים אלבאשן! ווי קומען אונזערע אהער... — האט ער זיך אזש פארטרערט פון געלעכטער: — א, אלטע, אלטע, ביזט שוין אינגאנצן צודרייט, — האט ער געקוקט ווי זי קומט א מורמלענדיקע ארונטער. — זע מאך בעסער גרייט אין

שיינק, כ'וועל נאר כאפן א קוק... — האט ער א מאך געטאן מיטן האנט און זיך ארויסגעכאפט.

---

אויפן גאס האט זיך געטומלט: מוזיק, געזאנג און פויקי־קלעפ האבן זיך געביטן. קינדער זיינען נאכגעלאפן און געסטא־רעט זיך גיין צוזאמען מיט די סאלדאטן אין טראט...

פון די הייזלאך האט די ווייבערשע באפעלקערונג ארויסגע־שאטן מיט קולות: „וויוו ל'ארמיי!" אלטע לייט האבן געצויגן די היט און ארויסגעקוקט פון די פענצטער.

דער שיינקער איז צוריק אריינגעלאפן, פריילאך א ריב גע־טאן די הענט, אפגעווישט דעם שוויס און זיך צערעדט:

— דער פארטוך וואו?... צעשטעל טאקע, אלטע, די גלעז־לאך, געגוג געזעסן אין א פוסטן שיינק, איצט וועט זיין עפעס אנדערש.

די אלטע האט עפעס געברומט, געווישט די גלעזלאך און פלוצלינג א פרעג געטאן:

— מיין הער לאשארנעל, איר האט געזען די סאלדאטן?

דעם שיינקער האבן זיך צעלאפן די אויגן:

— וואס הייסט, צי איך האב זיי געזען? זיי קומען אין די טויזנטער. ס'איז דאך עפעס א מלחמה!...

— און זיי בלייבן דא שטיין, מיין הער? — פרעגט ווידער די אלטע.

— הינטערן שטאט מאכן זיי דעם לאגער. זיי וועלן זיך באלד א לאז טאן אין שטעטל אריין... — האט ער זיך פאר־קנעפלט דעם פארטוך.

— ווי מיינט איר, מיין הער לאשארנעל, מיין זון איז דא נים פאראן?

דער שיינקער האט זיך ווידער צעטרייסלט פון געלעכטער:

— אלטע, וואס פאלט דיר איין, דו ביזט אינגאנצן עובר בטל. דיין זון איז דאך גאר דארט און די קומען גאר אן פון יענער זייט — האט ער א וויין געטאן מיטן פינגער.

די אלטע ווארטשעט, ווישט, צעשטעלט די גלעזלאך, און פלוצלינג ווידער:

— מיין הער לאשארנעל, כ'וועל צוגיין א קוק טאן אויף די סאלדאטן...

— וואס דארפסטו זען די סאלדאטן? — קוקט שעלמיש דער שיינקער. — מיינסט אימיצער וועט זיך נאך פארליבן אין דיר?

די אלטע ווארטשעט עפעס און באלד נאכאמאל:

— מיין הער לאשארנעל, כ'וועל צוגיין א קוק טאן די סאלדאטן.

— וואס א צודרייטע קען... — קלערט דער שיינקער, — מיינסט, אלטע, דארט צו טרעפן דיין זון? — לאכט ער.

די אלטע האט אנגעשפיצט די אויערן...

— גיי, גיי... — איז דער שיינקער גוט אויפגעלייגט פון די נאענטע אויסזיכטן אויף גוטע פארדינסטן, — נאר זע לאנג פארזאם זיך ניט, צום אוונט וועט דא זיין אביסעלע ארבעט. — דערווייל מאכט ער א שנאפס, און ווען די אלטע שארט זיך ארוים, שרייט ער איר נאך מיט געלעכטער:

— אז דו וועסט אים זען, גיב אים אפ פון מיר א גערוס! — און גלייך נאך איר מאכט ער מיט'ן האנט:

— הם! שוין אין גאנצן אויסגעוועפט...

---

זינט איר זון, דער אלטער בחור, איז אריין אין דער ארמיי איז די אלטע עליין געבליבן אן מיטלען צום לעבן און האט זיך געמוזט באזעצן איבערן שיינק אויפן מאנסארד. אין געוויינלאכע

צייטן וואָלט זי דאָס פאַר קיין פאַל ניט געטאָן, כאָטש זי איז אַן אָרעמע, וואָרים וועלכער אַנשטענדיקער בירגער וואוינט דאָס אײַבער אַ שיינק, וואו אפילו נאָך צען אַזייגער אין אָוונט דערלויבט מען זיך נאָך צו זינגען און צו שרייען? אָבער וואָס האָט זי געקענט בעסער מאַכן, אַז פון די עטלאַכע פראַנק, וואָס זי באַקומט פון דער „קאָמונע" פאַר איר זון, סטייעט קוים אויף אַ דריטל, וואָס עס קאָסט. דאַרף זי נאָך דאַנקען גאָט, וואָס ס'האָט זיך איר געמאַכט די שטעלע ביי זשעפ'ן. אַז זי קריגט אומזיסט די מאַנסאַרד, אַז זי פאַרדינט נאָך אַ קלייניקייט, וואַשענדיק און סקראַבענדיק די פאַדלאָגעס און האַלטענדיק אין אָרדענונג דעם שיינק.

בסוף פון שיינקער שפּאָרט זי נאָך אויך. אַחוץ דעם שטריקט זי נאָך צו ביסלאַכווייז. שוין אויסגעשטריקט אַ לייבל, איצט שטריקט זי שוין וואָלענע זאָקן.

אַוועק אין סאָלדאַטן — פאַרפאַלן! אָבער וואָס ווייס זי וועגן מלחמה? זי איז זיכער, אַז ער וועט צוריקקומען. ווער ווייס, זי קען נאָך אַמאָל דערזען דורכגיין אויך... סאָלדאַטן האַלט מען דאָך ניט אויף איין אָרט.

זי פלעגט אפילו אַמאָל אין אַ יובל קריגן אַ בריוו, אָבער אַליין לייענען קען זי ניט, און ס'קומט איר אויס אַזוי פרעמד, איר דוכט, אַז עס איז גאָר ניט איר זון'ס רייד.

ער וועט קומען, וועט זי שוין מיט אים זיך דורכריידן און וועט אים נאָך דערפרייען אויך, אַ לייבל אָפּגעשפּאָרט, די זאָקן שוין באַלד אויך, און דערנאָך וועט זי שפּאָרן אויף אַ ציבוק. דער זון אירער האָט אַזוי ליב ליולקעס. אַ פולע קעסטל מיט אַלערליי ליולקעס האָט ער איבערגעלאָזן און געבעטן זי, אַז זי זאָל דאָס אָפּהיטן. היט זי דאָס טאַקע ווי אַ הייליקייט, און זי וועט נאָך

קויפן א לאנגן ציבוק, א גלאנציקן מיט א מעטאלענעם מונד־שטיק, וועט ער זיך גאר דערפרייען, ווען ער וועט קומען.

---

פון דעם ערשטן אנקומען פון סאלדאטן אין שטעטל האבן שוין כסדר געמומען דורכגיין מיליטער. און ניט נאר צום פראנט, נאר אויך פון פראנט און שוין אן מוזיק. מאטאר־טראקס, וועגע־נער, בהמות, פערד פלעגן זיך שלעפן הין און צוריק. סאלדאטן פלעגן אנקומען און דורכגיין מידע, פארשטויבטע, אדער דורכגע־ווייקטע פון רעגן. אין שטעטל איז מען שוין צו זיי געווען צו־געוואוינט. קיין „וויוו ל׳ארמיי" פלעגט מען שוין ניט שרייען. זיי פלעגן אנקומען ווי די שאטנס און פארשווינדן ווי די שאטנס.

נאר די אלטע עליז פלעגט נאך אלץ אויפמערקזאם זיך צו־קוקן צו די סאלדאטן, וואו זי פלעגט זיי נאר דערזען. פארוואס — האט זי ניט געוואוסט, נאר איר האט זיך די גאנצע צייט גע־דוכט, אז זי קען אים אנטרעפן. צייטנווייז פלעגט איר טאקע איינפאלן אין הארצן, דוכט איר, אז איר זון שטייט פון דער וויטנס, אט אקוראט א הויכער, א סטאטנער מיט א ליולקע אין מויל, אבער נענטער פלעגט זיך ארויסווייזן, אז ניט...

אין קאפע פלעגט זי אויך צושטיין צו די אריינגעקומענע סאלדאטן מיט איר שטענדיקער פראגע:

— מאסיע לע סאלדא, קענט איר ניט מיין זון, מאסיע שאנ־רען?

אין שיינק איז געווען לעבעדיק. דער שיינקער, צופרידן, פלעגט קיין אכט ניט לייגן וואס די אלטע שטייט צו מיט איר שטענדיקער פראגע. ער פלעגט נאר ממזר׳יש א ווארנק טאן צום סאלדאט מיט איין אויג און אומבאמערקט אנווייזן אויפן

מות. און אויב דער סאָלדאַט האָט שוין געהאַט אַ גלעזל פּלעגט מען טרייבן שפּאַס...

---

אין קאַפּע האָט מען אָנגעהויבן ריידן, אַז דער שלאַכטפעלד רוקט זיך צו נענטער, און אַז די סאָלדאַטן וועלן שוין פאַרבלייבן שטיין אין שטעטל גופא, און אַז ביי יעדן אין הויז וועט מען איינקוואַרטירן סאָלדאַטן.

— און אפילו ביי דיר, אַלטע, אויפן מאַנסאַרד אויך... — האָט זיך גע׳חכמה׳ט דער שיינקער.

— אויף וועמעס קאָסטן ? — האָט זיך די אַלטע דער־שראָקן.

— געוויס אויף דיינע... — האָט זיך געוויצלט דער שיינ־קער.

— ניין, מיר צאָלן, — האָט זיך אַריינגעמישט אַ סאָלדאַט.

— וואָס פאַר אַ צאָלן ! — האָט שוין ערנסט אָפּגעענטפערט דער שיינקער. — מען גיט אַ קלייניקייט... גרייט זיך צו, אַלטע, עפענען דעם קניפּל...

— כהאָב ניט, — האָט די אַלטע געוואָרטשעט, און דער ציבוק איז איר געהאָנגען פאַר די אויגן, — כ׳קען קיין סאָלדאַטן ניט נעמען...

אין גיכן האָט טאַקע די אַלטע דערזען, אַז עס גייען אַרום סאָלדאַטן מיט די צוויי פּאָליסלייט פון שטעטל און פאַרצייכענען מיט קרייט אויף די טירן און ווען זי האָט געפרעגט, וואָס דאָס באַדייט, האָט מען איר געזאָגט, אַז דאָס מיינט : „5 מענטשן מיט 2 פערד“. זי האָט זיך די ערשטע צייט געשראָקן, אָבער ביי איר אויפן מאַנסאַרד האָט מען קיינעם ניט איינגעקוואַרטירט און זי האָט זיך באַרואיקט.

ווידער האָט מען אָנגעהויבן ריידן אין שיינק, אַז מען וועט

איינקוואַרטירן פּאַרוואָונדעטע אין די הייזער. און דער שיינקער האָט ווידער געשפּאַסט:

— אַלטע, דיר וועט מען אויך אַריינגעבן אַ פּאָר פּאַרוואָונדעטע.

— אויף וועמעס קאָסטן? — האָט זי דאָס אייגענע געפּרעגט.

— הם... צאָלן צאָלט מען אַ קלייניקייט און די איבעריקע פון קניפּל...

— כ׳בין אַן אָרעמע, — האָט די אַלטע געוואָרטשעט, — כ׳האָב קיין קניפּלאַך ניט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די אַלטע טאַקע געזען ווי עס גייען אַרום אָפיצירן מיט רויטע צלמים אויפן אָרבל צוזאַמען מיטן שטעטלשן דאָקטאָר, מען באַקוקט עפּעס די הייזער און מען פאַרצייכנט.

ביי איר אָבער איז מען נאָך ניט געווען...

און פּלוצלינג, אין אַ שיינעם טאָג, ווי זי האַלט אין מיטן שטריקן און טראַכט פון ציבוק, הערט זי שווערע טריט אויף די טרעפּ און איידער זי באַווייזט נאָך עפענען די טיר, זעט זי שוין דעם בעל־הבית דעם שיינקער, די פּאָליסלייט פון שטעטל און אַ בלינדן צעקריפּלטן סאָלדאַט אויף קוליעס.

— אַלטע!... — האָט דער שיינקער מאָרנע אָנגעהויבן.

ביי דער אַלטער האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן און זי האָט זיך געבייזערט:

— כ׳וויל ניט, כ׳קען ניט, כ׳בין אַן אַלטע אָרעמע פרוי, וואָס האָט איר געבראַכט אַהער?...

— אַ מאַמע, מאַמע מיינע!... — האָט זיך דער קריפּל צע־שלוכצט...

דער שיינקער מיט די פּאָליסלייט האָבן אוועקגעדרייט די קעפּ.

# וועלף.

א סיגנאל... און דער גאנצער עסקאדראָן פאַר אַמאָל האָט זיך אַרויסגעשאָסן פון דער אָנגעהייצטער קאַזאַרמע־שטוב.

פון דער פאַרגאַנגענעם מיט טיר האָט אין דער פראָסטי־קער לופט אַרויסגעזעצט אַ פּאַרע. די דראַגונער, ציטערנדיק פון קעלט, האָבן זיך געשטופּט, כלומרשט געאײַלט זיך: אין מיטן לויפן געשלעפּט אויף זיך די שינעלן און שטייפער געמאַכט די רימענס.

מיט די קאַראַבינען אין די הענט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אויסשטעלן אויפן פאַרשנייטן פּלאַץ, וועלכער האָט זיך פלאַך אַוועקגעצויגן איבער די פאַרפאַסטן צום ווייטן יאַגוסטאָווער וואַלד אויפן האָריזאָנט.

באַלד איז צוגעקומען דער וואַכמיסטער רילענקאָוו, אַ נפש מיט אַ ברייטן פעטן פּנים, דורך וועלכן ס'האָבן זיך קוים דורכ־געשניטן גרינגע אויגלאַך. ער האָט אויסגעשטעלט אין איין רייע דעם ערשטן האַלבן עסקאַדראָן און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— סמירנאָ!

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט אין דער הויך, דער אַרבל האָט אַ בלישטש געטאָן מיט די זילבערנע און גילדערנע „שטרייפן". אין פויסט האָט ער געהאַלטן פאַרקוועטשט „אַ פריקאַז". מיטן געקינצלטן מיליטערישן קול האָט ער אויסגעשריען:

— ווער ס'וויל גיין פרייוויליק אויף „אן אויסשפּירונג" זאָל מאַכן אַ שריט פאָראויס!...

אַ רגע זיינען אַלע געוואָרן פאַרשטיינערט. ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז מען שטעלט זיי אַלעמען אַט אַזוי אויס מיטן פּנים צום וויטן וואַלד. און די זעלבע פראַגע, וואָס איז איינגנטלאַך אַ באַפעל, קילט זיי די בלוט — ס'הייסט דאָך גיין און מער זיך ניט אומקערן.

אַ רגע פאַרשטיינערט שטיל... אין דער רגע טראַכטן זיי אַלץ איבער, יעדערער טראַכט פאַר זיך, אָבער אַלע דאָס זעלבע: היים, די היימישע, און צי איז דאָס ניט דעם לעצטן מאָל...

דער ערשטער איז אַרויס פון דער רייע דער אידישער סאָלדאַט וויגדאָר גינדין און אויסגערופן: איך...

זייער אַ הויכער, אַ שוואַרצער, מיט לאַנגע אומגעלומפּערטע הענט, איז ער געווען, ניט קוקנדיק אויף דער גאַנצער סאָלדאַטסקער „אויסגעמושטירטקייט", אַביסעלע איינגעהויקערט. אַן פאַרעלטערטן פּנים, אַן דער שוין לאַנג ניט צוגעשוירענער בערדל האָט מען גלייך געזען דעם זאַפּאַסנעם, און דער כמורנער, שטומער גלאַנץ פון די אויגן האָבן עפּעס דערציילט פון דערביטערונג און אַנטשלאָסנקייט...

באַלד האָבן זיך אָפּגערופן אַלע. דער וואַכמיסטער האָט ווי שטענדיק געדאַנקט זיי פאַר זייער אָפּפערוויליקייט, און צופרידן געערדט: נאָך וואָס אַזוי פיל; אַלע... מען דאַרף נאָר פינף...

ער האָט אָפּגעקליבן פיר דראַגונער: אַ סמאָלענסקן שגץ ניקולצעוו, וועלכער האָט געהאַט אַ בייזן פאַרביסענעם פּנים און וואַסערדיקע אויגן, דעם „סיביריאַק" פּיעטראָוון דעם ערשטן, נאָך אַ „גרויען באַראַן" פון ערשטן יאָר דינסט; איוואַנאָוו'ן, אַ פּסקאָווער, און דעם עלצטן אונטער־אָפיציר, דעם כאָכאָל סווירידענקאָ מיט אַ קיילעכדיק פּנים און קאַרע גוטמוטיקע אויגן.

דער וואכמיסטער האט נאך אמאל דורכגעלאפן איבער אלעמען מיט די גרינגע אויגעלאך, אביסל געטראכט, צעשפרייט די רויטע וואנצעס, און געזאגט:

— נו, דו גינדין, קום אויף, דו האסט זיך דער ערשטער אפגערופן... נאר זע! סמאטרי!

ביים „נאר זע!..." האט ער א קלונג געטאן מיט די שפארן און מיט זיין ערנסטער מינע געקוקט גינדינען אין די אויגן.

אלע סאלדאטן האבן זיך איבערגעוואונקען.

וואס דער „נאר זע!..." מיינט, האט גינדין גוט פארשטא־נען... די הארץ איז אים פארלאפן מיט בלוט. ער איז געשטאנען ווי א פאר'משפט'ער: באלד וועט זיך ווידער אנהויבן די פייני־גונג! וואו טוט מען זיך אהין?

— געדיינק, האט געזאגט דער וואכמיסטער אויפהויבנדיק דעם פינגער, כ'ווייס אז דו ביזט א איד... זאלסט זיין טריי... ס'איז דא פריקאזן וועגן אייערע אידעלאך. און דיר, סוווירי־דענקא, דו וועסט זיין דער נאטשאלניק פון דער קאמאנדע, זאג איך אן, וועסטו נאר באמערקן, אז אימיצער וויל זיך איבערגעבן אדער אנטלויפן, שיס אים אויפן ארט!...

— כ'וועל פאלגן... — האט סווירידענקא געענטפערט קורץ.

— איצט מאכט זיך גרייט... און איך ווינטש אייך, אז מיר זאלן זיך זען... איר קענט זיך פאנאנדערגיין! — האט ער א רוף געטאן צו אלעמען.

ארום האט זיך אנגעהויבן א טומל. דער וואכמיסטער איז אוועק, גינדין איז נאך געשטאנען אויף איין פלאץ, ווי א גע־לעמטער.

— גוט אנגעריבן א מארדע, זשיד? — שמייכלט אים אין פנים אריין דער גרעסטער אומזיסטיקער שונא זיינער, ניקול־

צעוו, — וואָרט, אויף דער „ראַזוועדקע“ וועל איך שוין אויף דיר גוט אכטונג געבן...

— לאַז צורו... — זאָגט פּאָווירידענקאָ — בעסער גרייט זיך צו: ניט די צייט צו קריגן זיך.

— מיט זשידעס דאַרף מען טאָן אַלץ — אַלץ... קומט אַריין ניקולצעוו אין ברעז, — כ'וואָלט זיי אַלעמען אין קאַשע צוריבן — האָסט געלייענט אין „וויטיאַז“ אין „נאַש וועסטניק“...

— געלייענט, געלייענט, אָבער גענוג זאָל זיין!

— די פינף באַלד אין קאַנצעליאַריע! — רופט דער „דע־זשורנער“.

אין קאַנצעליאַריע האָבן שוין געוואַרט דער קאָמאַנדיר מיטן נאַטשאַלניק פון דער אויספאָרשונגס־קאָמאַנדע. אויפן טיש איז געלעגן אַ טאָפּאָגראַפישע קאַרטע פון נאָענטן וואַלד. דער קאָ־מאַנדיר האָט די אַריינקומענדע דורכדרינגענד באַטראַכט.

— וואָס, גינדין, ביזט אויך פאַראַן? — פרעגט דער קאָ־מאַנדיר.

—ריכטיק אַזוי! — ענטפערט גינדין.

— ווילסט אַ „קרייץ“ קריגן, אַ „קאַוואַלער“ ווערן? — פרעגט ער איראָניש מיט אַ מאָדנעם פאַרדעכטיקן פייערל אין די אויגן. — און דו זשאַלעוועסט גאָרניט דיין פרוי און קינדער? גינדין שווייגט מיט צונויפגעפרעסטע ציין.

— וויפיל קינדער האָסטו?

— צוויי.

— האָסטו פון זיי בריוו?

— ניין, פאַר דער לעצטער צייט ניט.

— אַז מען שיקט אַרויס די אידן אַרום, ווייסטו דאָך, האָסטו געזען?...

— יע.

— און פאַרוואָס, אויך מסתמא?

— ניין, כ'ווייס ניט —

— ווייסט ניט?

— ניין.

— נו, בעסער אז דו ווייסט ניט. דו ביזט א טרייער סאָל־דאַט...

דער קאָמאַנדיר רופט צו דעם וואַכמיסטער און פרעגט אים עפּעס אין דער שטיל.

גינדרינ'ען דוכט זיך, אז ער זינקט אײַן אין א זומפּ, אז די בלאָטע דערגרייכט שוין איבערן האַלז, אז ער שלינגט זי, נאָר דערשטיקט צום ווערן!

— נו, — רייסט איבער זיין שמועס דער קאָמאַנדיר, — וואָס איר דאַרפט טאָן וועט אייך שוין דער נאַטשאַלניק זאָגן. איך וויל אייך נאָר וואָרענען, אז די זאַך איז אַנ'ערנסטע, זאָגאָר א געפערלאַכע, און איך האָף אז איר וועט אַלץ פּינקטלאַך אויס־פירן...

— מיר וועלן זיך סטאַרען! — האָבן זיי אָפּגעענטפערט אין איין קול.

— איצט גייט, זאָטלט די פערד, — זאָגט ער זיי פריינד־לאַך, — ס'איז שוין באַלד פאַרנאַכט. די אויספירונג קען זיך שוין אָנהויבן. איך האָף, אז אזייגער צוועלף וועט איר זיין צוריק...

זיי זיינען אוועק אָנזאָטלען.

אויפן „קאָניושניע" האָט זיך ניקולצעוו ווידער צוגעטשעפּעט צו גינדרינ'ען צוליבן פערד.

דער פערד „נעראָן". דער פלינקסטער און קלינגטער אויפן קאָניושניע, פלעגט ניקולצעוו'ן ניט ליידן. ניקולצעוו פלעגט די פערד שלאָגן. צופעליג האָט דער וואַכמיסטער באַשטימט גראָד

נעראַנ'ען פאַר ניקולצעוו'ן. האָט ניקולצעוו געוואָלט צונעמען גינדינ'ס פערד, וועלכער איז געווען רואיקער און פאָלגעדיקער. גינדין האָט געוויינלאַך ניט געלאָזן. ניקולצעוו האָט ווידער זיך אָנגעהויבן זידלען און שילטן די אידן. גינדין האָט געשוויגן. דאָס האָט אים נאָך מער צערייצט, ער האָט זיך געכאַפּט מיט אַ „ווילע" צו גינדינ'ען.

ווען אַנדערע האָבן אים אָפּגעהאַלטן האָט ער זיך געשוואָרן ביי גאָט, אַז אויפן וועג וועט ער אים דערשיסן. דער כאַכאַל סווירידענקאָ האָט גענומען נעראַנ'ען פאַר זיך. ניקולצעוו'ס כעס האָט זיך אַלץ ניט געשטילט, און די גאַנצע וועג האָט ער געהאַלטן אין איין זידלען גינדינ'ען און די „זשידעס".

גינדין האָט זיך צו זיינע רייד ניט גוט צוגעהערט. ער איז געפאָרן מיטן וואונש אין הארצן, אַז מיט אים זאָל געשען אפילו דאָס ערגסטע... ער קען שוין די יסורים ניט איבערטראָגן, זיי וועלן אים פון זינען אַראָפּברייגגען! שטענדיק דערנידערונג, פאַרדאַכט, אַלערליי צוטשעפּעניש — האַלטן זיך שטענדיק אויפן וואַך, אַז אָט־אָט וועט אויף אים, אַלס אַ אידן, עפּעס אַנ'אומגליק אָנקומען און ער ווייס ניט פון וואַנען אים דערוואַרטן און ווי זיך אויסצוהיטן...

מיט וועלכע ברואים, טראַכט ער, מוז ער לעבן צוזאַמען. איז דען ניקולצעוו דער איינציקער? צוויי־דריי זיינען אפשר דאָ, וואָס טשעפּען אים ניט, אַלע אַנדערע האָבן אים שוין אויפגע־הערט צו רופן ביים נאָמען, נאָר „זשיד, זשיד"... און די שווער־סטע אַרבעט גיט מען אים און די שמוציקסטע. אין יעדער פרייער מינוט זיינער שיקט אים אומישנע דער וואַכמיסטער רייי־ניקן דעם אָפּטרעט, ווייל ער איז אַ „זשיד"... ער טוט אַלץ. דאָס אָבער איז זיי אַלץ קנאַפּ. — וואָס זאָגסטו וואָס, איין־איינציקער זשיד האָט זיך ווי אַ „פאַרשיווע שאָף" פאַרקליבן ביי

אונז אין עסקאדראָן?... — הויבן זיי אָן אַ שמועס ווען ער גייט פאַרביי.

ווי ער מאַכט זיך ניט קיין האַרץ, אָבער ער קען זיך דאָך צו אַזעלכע שמועסן ניט צוגעוואוינען און ווען ער ענטפערט אַ וואָרט באַפאַלט מען אים.

זיי פאָרן שנעל צום וואַלד. דערווייל איז נאָך קיין געפאַר ניטאָ. דער פראָסט איז ניט שטאַרק. דער הימל איז כמורנע, אַ קליינינקער שנייעלע שיט. גינדינ׳ען אויף דער נשמה איז עפּעס שטילער געוואָרן. ער האָט זיך פאַרטראַכט. אין מיטן ווייסן פאַרשנייטן וועג קומט אים זיין גאַנצער לעבן אַנטקעגן: אָרעמע עלטערן, אַ חדר־אינגל, אַנ׳אַרבעטער אין אַ גרויסער שטאָדט, די באַוועגונג, דער צוזאַמענברוך, און באַלד די „סלוזש־בע״, איבער פיר יאָר אָפּגעפינצטערט, דאַן די פרייהייט, ער האָט חתונה געהאַט, די ווייב, די קינדערלאַך.

אַלץ נייע זכרונות... זיינע גרעסטע פריידן אין לעבן, ער פילט זיי איצט משונה שטאַרק. אים דוכט, אַז ער זעט זיי, ווי אָפּגעשפּאָלטענע גלאַנציקע שטיקער ביים זייט פון וועג, נאָר צע־בראָכן זיינען זיי און קיינער וועט זיי דאָס שוין ניט גאַנץ מאַכן און אומקערן... אויף קיין איין מינוט לאָזט אים ניט אָפּ די בענקעניש נאָך זיין פרוי און קינדער — אַפילו ווען ער פאַר־געסט — האָט ער זיי אַלץ אין זינען, זיין האַרץ צאַפּלט, ווי אימ־צער וואָלט עס געהאַלטן אין אַ צונויפגעפּרעסטן פויסט. און אָט ווידער די קינדער, מיט וואָס פאַר אַ פרייד זיי וואָלטן אים איצט אַרומגעכאַפּט, ווען זיי דערזעען אים. און די פרוי? ווי זי באַוויינט אים אין שלאָפלאָזע נעכט... אָבער וואו זיינען זיי? ער ווייס גאָרניט. נאָך די רייד, נאָך די פריקאַזן, ווייס ער וואָס מען טוט מיט אידן, און דאָס וואָס ער האָט אַליין געזען...

האָט מען אים איינמאָל ניט אָוועקגעשטעלט, צווישן אַנדערע,

אלס „טשאַסאָוואַי", היטן אַ פֿאַרמאַכטן פּראָכט־וואַגאָן, פֿון וועלכן ס'האָט זיך געהערט דער פֿאַרשטיקטער יאָמער פֿון די געפּייניקטע און אַרויסגעטריבענע אידן? וואו זיינען איצט זיין פֿרוי מיט די קינדער? היט זיי ניט ערגעץ שוין אַן אַנדער אידישער סאָלדאַט, וועלכן מען סטראַשעט אויך מיט מיליטער־געריכט, פּונקט ווי אים, פֿאַרן וועלן צולאָזן ברויט צו די פֿאַרהונגערטע אין וואַגאָן?...

ער שניידט זיך איין מיט די שפּאָרן אין די זייטן פֿון פֿערד. דער פֿערד שטעלט זיך „דיבאָם".

ניקולצעוו צעלאָזט זיך ווידער: זשידעס קענען אפֿילו ניט רייטן, אומזיסט וואָס דער זשיד האָט לאַנגע פֿיס. ער קען אפֿילו אויפֿן פֿערד ניט זיצן...

סווירידענקאָ זעט אים איינשטילן. גינדין ענטפֿערט ניט. ער שמייכלט, ניט ווילנדיק: אָט דער נבזה'ק ניקולצעוו, וועלכן ער וואָלט מיט דער גרעסטער הנאה אַוועקגע'הרג'עט, האָט אים דערמאָנט אַן זיין מוטער: זיין מאַמע האָט אויך געקלאָגט, וואָס ער איז אַ הויכער און האָט אַזעלכע לאַנגע פֿיס. ווען ער וואָלט געוועזן „מיט לייטן גלייך", וואָלט ער דאָך פֿאַרשפּאָרט מיט אַ יאָר מער דינען „פּאַניען"... געשטאָרבן די מאַמע, פֿאַרשפּאָרט די צרות. און אפֿשר האָט מען שוין אויך דעם אַלטן בית־עלמין אין טראַנשייען צעגראָבן? ווער ווייס!

נקמה נעמען! אָבער פֿון וועמען? זיי זיינען דאָך אַזוי פֿיל און ער איז אַזוי הילפֿלאָז. ער האָט געטראַכט ביי אַ געלעגנהייט כאַטש אַוועק'פּטר'ן אָט דעם ניקולצעוו'ן. ניקולצעוו וועט מיט אים אויך טאָן דאָס אייגענע. איצט איז אַלץ מעגלאַך: אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע קויל פֿון שונא, אַ „ריקאָשעט"... ווער ווייס, קלערט ער, אפֿשר ניט איין אידישן סאָלדאַט האָט מען שוין אויף אַזאַ אופֿן אָפּגערעכנט...

— גרייט זיך צו ... — האט סווירידענקא פּלוצלונג א קאָ־מאַנדעווע געטאָן.

זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער לעצטער רוסישער וואַך. דער „טשאַסאָוואָי" האָט ביי זיי געפרעגט דעם „פּאַראָל" און האָט זיי איבערגעגעבן, אַז אַלץ איז רואיק.

זיי זיינען צוגעקומען צום ברעג וואַלד. ניקולצעוו האָט זיך נאָך אַלץ געשפּאַרט מיט סווירידענקאָ'ן, געהיצט זיך, אַז די זשידעס זיינען פאַררעטער.

— גיי צום שוואַרץ יאָר! — האָט זיך שוין דער גוטמוטי־קער באַבאַל אויך צעקאַכט, — הער זיך איין, טייוול, איך זאָג דיר, דו זאָלסט אויפהערן! זע, איצט בעסער היטן דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס, איידער קריגן זיך...

ס'איז שוין געווען האַלב־טונקל ווען סווירידענקאָ אין דער שפּיץ איז אַריינגעריטן אין וואַלד. באַלד האָט זיך פון די ערשטע בוימער פּלוצלונג אויפגעהויבן אַ מחנה קראָען און מיט אַ קאַר־קערייַ זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען אין דער לופט.

די קריסטן האָבן זיך אַלע איבערגע'צלם'ט. זיי האָבן זיך אויסגעצויגן אין איין רייע. אויף פריער סווירידענקאָ. איינער עטלאַכע שריט פון'ם אַנדערן. ריידן זאָלן זיי ניט, נאָר אַ שטילן פייף טאָן. אויב אַ געפאַר, זאָלן די צוויי הינטערשטע גלייך נאָכן ערשטן סיגנאַל פאָרן צוריק און אָנזאָגן.

די קראָען האָבן זיך אַלץ געטראָגן אין דער לופט.

— זעסט וויפיל זיי זיינען דאָ פאַראַן, די פּאַסקודסטוועס...

— האָט זיך ניט איינגעהאַלטן דער סיבירער, פּיעטראָוו.

— טסס... — האָט געזאָגט סווירידענקאָ און צוגעלייגט דעם פינגער צום מויל, זיך געלאָזן פאָראויס אין וואַלד, לאַנגזאַם, פאַר־זיכטיק. יעדער בערגל שניי האָט געוועקט זייער חשד און אומרו. מיט די פינגער אויף די שלעסער פון די קאַראַבינען האָבן זיי

שארף זיך איינגעקוקט אין יעדן ארויססטארטשענדיקן צווייג. ביי יעדע פאליאנע פלעגן זיי זיך אפשטעלן, איידער זיי פלעגן איר אדורכגיין, און זיך גוט צוגעקוקט דורך די בוימער, צי מען זעט קיינעם ניט. דערווייל איז געווארן נאכט. דער קליינער שנייעלע האט אויפגעהערט. דער הימל האט זיך אויסגעלויטערט. דער פראסט האט זיך געשטארקט. די געקרייזלטע מאסן שניי אויף די בוימער האבן געבלאנקט אין פולער לבנה־שיין. ס׳איז שוין אוועק א לייגגערע צייט און זיי האבן נאך גארניט באמערקט. דאס האט זיי אביסל בארואיקט. און ווען זיי זיינען צוגעקומען צו א ווילד־צואוואקסענער געדיכטעניש, זיינען זיי נאך דער שטי־לער קאמאנדע פון סווירידענקא אראפ פון די פערד און גענומען גיין צו פוס, האלטנדיק די פערד פאר די צוימלאך.

דער גרונט איז געווען א זומפיקער פול מיט פארשנייטע גריבער. פון אויבן איז געווען פארפרארן און אונטן איז נאך געווען וואסער. די שטיוול האבן זיך דורכגעווייקט און געפרארן — זיי זיינען אבער אלץ געגאנגען, ביז זיי זיינען ארוים אויף א פרייען פלאץ.

צווישן די סליאדן פון קראען און האזן האבן זיך געזען אין שניי עפעס אנדערע סליאדן, פונקט ווי הינטישע, נאר אין גרעסערע שפרייזן.

— אויף די פערד! — האט סווירידענקא א קאמאנדעוויץ געטאן.

— די סליאדן זיינען פון וועלף... — האט דער סיבירער שגיא פיעטראוו געזאגט און ניט פארענדיקט זיינע רייד.

פאף־פאף־פאף — האט פלוצלונג אויסגעבראכן א קנאקעריי, ווי בוימער וואלטן געפלאצט פון פראסט.

פאף־פאף... — האט אפגעענטפערט דער אויפגעוועקטער וואלד...

גינדין האט דערפילט, ווי ס'האט אים א ברי געטאן אין לינקן אקסל און א שטאך געטאן אונטן אין קני. באלד איז דער געפיל פארשוואונדן, נאר די לינקע האנט האט זיך עפעס ארונטערגע־לאזן ווי א שטיק האלץ, און די פוס האט אים אנגעהויבן פלוצלונג ווייטאן. עס האט אים געשלאגן אין חלשות... ער האט נאך באמערקט, אז סווירידענקא האט זיך עפעס מאדנע אויסגעקרימט אין זאטל און קייקלט זיך ארונטער... און ביים לעצטן פונק פון פארשטאנד האט ער דערשפירט, אז ער פאלט ערגעץ וואו אריין...

---

ווי א שטארע טויטע אויג, האט די פולע לבנה אראפגע־קוקט...

גינדין האט אנגעהויבן קומען צו זיך. ער האט זיך שוואך גערירט און געקרעכצט פון ווייטאק. ער האט געמאכט א באַ־וועגונג זיך אויפצוהויבן און מאכטלאז געבליבן ליגן ווידער. דער קאפ האט אים געברענט. דער דורשט איז געווען אומדערטרעג־לאך, און ניט רירנדיק זיך פון ארט, האט ער אינסטינקטיוו גע־נומען שלינגען שטיקערווייז דעם שניי ארום זיך, ביז ער האט דערפילט דעם זיסן פעטן טעם פון בלוט און מיט שווידער אויס־געשפיגן... ביסלאכווייז זיינען פון ערגעץ וואו די געדאנקען צו־געשוואומען און ער האט זיך אלץ דערמאנט. ער האט געמאכט א שטארקע באוועגונג זיך אויפצוהויבן און ווילד א געשריי געטאן פון יסורים. ער האט פיבערהאפט גענומען ארומטאפן די ערטער, וואו ס'טוט אים וויי. די פוס רייסט אים אזוי ביז חלשות. מיט דער רעכטער טאפט ער די לינקע האנט. ווי א געשטארבענע איז די האנט, אייז־קאלט! ער וויל איר דערווארימען און רייבט איר, רייסט ארונטער מיט די פינגער די שטיקלאך צוגעפרארענע קלע־פיקע בלוט. ער פילט אבער, אז די כחות פארלאזן אים. אין

דאס זיין סוף? און אין טויט־אנגסט סטארעט ער זיך אויפהויבן אויף דער געזונטער האנט און רופט צו הילף:

— אהער, אהער!...

דאס ערשטע וואס ער האט דערזען איז געווען זיין ביקס, וועלכער איז געלעגן לעבן אים האלב פארגראבן אין שניי, זיין פערד איז ניט געווען.

ביי א צוואנציק טריט ווייטער אויף דער פאליאנע האט זיך שארף געזען אויפן שניי א טונקעלער בערגל און לעבן אים אן אומבאוועגלאכער סילועט פון א פערד. ער האט גלייך דערקענט נעראנ׳ען, וועלכער איז געשטאנען מיט אנ׳ארונטערגעלאזענעם קאפ איבערן בערגל און זיך ניט גערירט פון ארט.

גינדין איז עפעס מוטיקער געווארן: ער איז ניט אליין. אט דערקענט ער שוין דאס בערגל אויך: דאס איז סווירידענקא, עפעס מאדנע צונויפגעקארטשעט און איינגעגראבן...

— סווירידענקא!... — האט ער אנגעהויבן רופן.

דער בערגל האט זיך ניט גערירט, מער ניט דער פערד האט אומגעדרייט דעם קאפ און ווידער אים אנגעבויגן איבער סוויריידענקא׳ן.

גינדין האט זיך דערמאנט, ווי ער האט געזען סווירידענקא׳ן ארונטערפאלן. א גרויל האט אים דורכגענומען. ער האט אנגעהויבן שטארקער רופן:

— סווירידענקא, סווירידענקא!...

מיט די לעצטע כחות האט ער אנגעהויבן שרייען. אומגעריכט האט ער אנגעטאפט דעם ביקס. דאס האט אים עפעס ווי בארואיקט. ער האט דעם ביקס צוגעשפארט צום ברוסט און מיט דער איינציקער האנט אויסגעשאסן.

טראך! — האט זיך דערהערט פון איבעראל. גינדינ׳ען האט

זיך אויסגעדרוקט, אַז זיין שׂאָס מוז דערהערט ווערן, זאָל קומען ווער עס וויל, דער פיינט צי דער פריינט...

און ווען ער האָט פּרובירט נאָכאַמאָל אויסשיסן, האָט ער פּלוצלונג דערהערט אַ ווייטאַקלאַכן קרעכץ הינטער זיך.

גינדין איז לעבעדיקער געוואָרן. נאָך אַ מענטש איז מיט אים! מיט איבערמענטשלאַכע כּחות האָט ער זיך אומגעקערט צו דער זייט, וואו ס'האָט זיך געהערט דאָס קרעכצן. אין אַ צען טריט פון אים, ליגנדיק מיטן קאָפּ צוגעשפּאַרט צו אַ בוים, האָט ער דערקענט ניקולצעוו'ן, וועלכער האָט שוואַך באַוועגט מיט די הענט, מיט די פיס און פאַרשטיקט געקרעכצט.

פאַרפּלאָנטערטע געפילן האָבן זיך אָנגעהויבן רירן ביי גינ־דינ'ען: דער ערגסטער שׂונא זיינער ליגט איצט גלייך מיט אים אַ צושאָסענער. ער קרעכצט עפּעס אַזוי מאָדנע. אפשר שטאַרבט ער גאָר אין דער מינוט...

— וואָס איז דיר, ניקולצעוו? — שרייט גינדין פּלוצלונג אויס.

ניקולצעוו האָט עפּעס אָנגעהויבן שטאַמלען.

— ווער? ווער איז? כ'גיי אָפּ מיט בלוט.

ביי גינדינ'ען איז דער גאַנצער האַס פאַרשוואונדן.

— שטאַרק זיך, מוטיק זיך! — האָט ער גערופן צו ניקול־צעוו'ן, — דאָס בין איך, גינדין.

— דו, דו... — פּלאָנטערט ניקולצעוו מיט אָפּגעהאַקטע ווער־טער — די קויל איז אין די געדערים אַריין... דאָ איז שוין מיין קבר... ס'ברענט! — הויבט ער זיך אָן פּלוצלונג שליידערן און ווילד שרייען. — אָ, ווי ס'ברענט! ברודערקע, העלף... האָב רחמנות, דערשיס מיך בעסער...

— שטאַרק זיך, שרייט גינדין, — איך בין אויך אַ צעשאָ־סענער... כ'וועל פּרואוון צו דיר צוקריכן.

— איך פיל מיין סוף... — שטאמלט שוואך ניקולצעוו, קוים וואָס גינדין דערהערט. — ניטאָ קיינער... אַליין... זיי וועלן גאָרניט וויסן... גיב איבער אַ גרוס... דערמאָן מיך ניט צום שלעכטן...

גינדין האָט דערהערט אַ מאָדנעם וויינענדיקן שלוכצן. ער האָט אַן אַלץ פאַרגעסן. ער האָט גענומען צוקריכן צו אים. ער איז אָבער געבליבן אַ פאַרגליווערטער אויפן אָרט.

אַ ווייטער אָפּגעהאַקטער בייזער בילן האָט זיך דערהערט. עפּעס אַ פּאָר גרינע פייערלאַך האָבן אַ שמוגל געטאָן טיף צווישן די קוסטעס; באַלד האָבן די זעלבע פייערלאַך, ווי בלאַנדזשענ־דיקע, אָנגעהויבן שווינדלען פון רעכטס, פון לינקס, דאָ ווי צו־שווימענדיק און דאָ פון דערווייטנס.

נעראַן האָט מיט אַ ווילדער הירזשעריי זיך אָפּגעריסן פון אָרט און צוגעפלויגן צו גינדינ׳ען, ווי זוכנדיק שוץ.

— ניקולצעוו, וועלף!... — האָט גינדין ניט מיט זיין קול אויסגעשריען.

ער האָט אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן דעם ביקס און מיט מאָטערניש אָנגעהויבן צו קריכן נענטער צו ניקולצעוו׳ן.

גינדין האָט דערהערט ווי ניקולצעוו שטאַמלט עפּעס אין ווילדן שרעק...

— נעם דעם ביקס!... — האָט גינדין געשריען.

— כ׳קען ניט... — האָט מיט אָפּגעריסענע ווערטער גע־ענטפערט ניקולצעוו. — אויסגעשאָסן אַלץ...

גינדין האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נאָר אויף זיך צו רעכענען. ער האָט צוגעפּויזעט צו אַ בוים נאָנט פון ניקולצעוו׳ן, אָנגעשפּאַרט דעם ביקס אַן ברוסט און געוואַרט אויף אַנ׳אָנפאַל.

ער האָט איצט אַלץ אַזוי קלאָר געזען און פאַרשטאַנען, פּונקט ווי אַ געזונטער. ער קוקט זיך אַרום. אַרום און אַרום טראָגט זיך דער בייזער געבול, פון אַלע זייטן פינקלען גרינע בלוטדור־

שטיקע אויגן. גאָר נאָנט, ווי פון דער ערד, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ וואָלף, און מיט אַ הונגעריקן וואָי צוריק פאַרפאַלן געוואָרן.

נעראָן האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַלאָפּ און אַ ווילדע וואָ־יעניש און יאָגעניש האָט זיך אָנגעהויבן.

גינדין האָט אויסגעשאָסן.

אויף אַ מינוט איז שטילער געוואָרן, אָבער באַלד האָט זיך דער בילן אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער, נאָך נענטער...

— זיי וועלן מיך אויפפרעסן... — האָט ניקולצעוו ווילד געראָפן. — ברודערקע, דערשיס מיך בעסער, בעסער דערשיס...

צענדליקער וועלף האָבן זיך פלוצלונג אַ שאָט געטאָן מיט אַמאָל. דער פּראַקטיקער שניי האָט געראַשט אונטער זייערע באַוועגונגען און האַסטיקער שפּרינגערייַ. זיי האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן צו סווירידענקאָ'ס גוף. גינדין האָט שוין דערהערט זייער הונגעריק ציין־שטשירעניש. ער האָט איצט שוין אָן אַלץ פאַר־געסן. ער האָט זיך נאָך עטוואָס נענטער צוגערוקט צו ניקולצעוו'ן, און געשאָסן איינס נאָכן אַנדערן.

יעדן שאָס פלעגן די וועלף באַגעגענען מיט אַ שרעקלאַכן וואָי און אַנטלויפן צוריק, אָבער גלייך פלעגן זיי צוריקקומען נאָך מיט מער וואוט און ווילדעניש.

גינדין האָט געקוקט, ווי אַנדערע וועלף פאַלן אַנידער, קערן זיך איבער מיט די פיס אַרויף און ס'בלאַנקען אין לבנה־שיין די גרוי־ווייסע בייכער.

ס'דויערט אַן אייביקייט. צו די וועלף איז גאָר קיין שיעור ניטאָ — זיי לויפן אַוועק, קומען באַלד צוריק. און ער באַ־מערקט, אַז ער נעמט אַרויס די לעצטע „אָבוימע", די לעצטע פינף קוילן פון פּאַטראָנטאַש. ער איז פאַרשטיינערט געוואָרן אויף אַ מאָמענט.

— פיר פאַר זיי. איינס פאַר מיר... — האָט ער באַשלאָסן:

— איינס... — האט ער געציילט און אויסגעשאסן.

צוויי...

— דריי...

ער האט געמאכט א גרעסערע פאוזע, ווי געוויינלאך. די וועלף זיינען נאך נענטער צוגעשפרונגען...

פיער...

ער האט זיך צוגעקוקט. אים האט געדוכט, אז דאס איז זיין לעבן מיטן שאס פארלארן געגאנגען...

ער האט ארונטערגעלאזן דעם ביקס און גענומען זיך סטא־רען, ווי ס'איז אויסשיסן אין זיך.

נאר פלוצלונג האט ניקולצעוו אנגעהויבן ווילד שרייען. גינ־דין איז א פארציטערטער געווארן פון דעם אוממענטשלאכן גע־שריי: אין א פאר טריט פון ניקולצעוו'ן האט זיך א וואלף גע־גרייט א שפרונג טאן אויף אים. ניקולצעוו האט וואנזיניק גע־שריען און געשאטן אין וואלף מיט הויפנס שניי...

גינדין האט געשווינד א כאפ געטאן דעם ביקס צום ברוסט און אריינגעשאסן די לעצטע קויל אין וואלף...

# פרילינגס איינדרוקן.

נעבענטשטע פרילינגס־טעג, זונענדיקע, כשופ׳דיקע פרי־מארגנס, ווי ליב כ׳האָב אייך!

דער פרילינג האָט מיר אין דער גרויסער שטאָט א גערוס צוגעשיקט: כ׳קום, כ׳קום!...

און עס מאַכט ניט אויס, וואס כ׳זע ניט קיין פרייען בוים, קיין גרעזל, וואס ארום איז אַלץ שטיינער און ווענט...

אט האָבן א סך זונען־שטראַלן אן א גאַקעטן שווארצן טראָ־טואר־בוים זיך פארפלאָנטערט, צווישן די הוילע צווייגן זיך פאר־פלאָכטן, און ס׳איז שוין גענוג פאר מיר!...

די פרילינגס־זון פארבט א דאך, באַצירט א וואַנט, אדער שטיפט און שפילט זיך אויף א שויב, בלאַנקט אָפּ מיט גאָלד, אדער בלאַנדזשעט סתם איבער דער גאַס, און כ׳בין שוין פול מיט פרייד.

אין מיטן דער רוישיקער גאַס, ביי די טרוקן־ביינערנע טראָ־טוארן, אינ׳ם אויר פון אויטאָמאָבילן האָב איך א לייכטע פרי־לינגס־דופט דערשפּירט — דאס האָט מיר מיטן לינדן ווינטל, גאָט ווייס ווי פון ווי ווייט, דער פרילינג א באַגריסונג צוגעשיקט...

ס׳ארט מיך ניט, וואס איך בין ניט אין ווילדן וואַלד פון מיין אמאָליקער היים, זע ניט זיין דערוואַכונג, קוויק זיך ניט מיטן חיות פון געוויקסן, הער ניט דאס סוויטשערן פון פויגל און דאס ברומען פון זיינע באַשעפענישן, אימיצער האָט א וואַזאָן־ציבעלע אין אפע־

נעם פענצטער ארויסגעשטעלט, און ס'ציען זיך גיריק־דורשטיק צו דער זון די לייגנגלאכע פארשטויבטע בלעטער; אין אן אנדער פענצטער הייגגט א פויגעלע מיט א געלן קעפל און גרויען שנאָ־בעלע; זי שפרינקט אין שטייגל ארויף און אראפ פון שטעקל, זי האלט אפן דאס מיילעכל; דער פרילינג שפראצט און זי זינגט מסתמא; אבער דער עלעווייטעד גרילצט, אויטאס ברומען; איר געזאנג הער איך ניט, נאר ס'ארט מיך ניט...

איך פארריים דעם קאפ. א שטיקל לויטערער הימל איבער מיר, עטלאכע טויבן טראגן זיך דארטן. אונטן, שול־קינדער אין קורצע הויזלאך און נאקעטע פיסלאך שפילן זיך שוין אין מארבלס אויפן טראטואר. דער פרילינג שפראצט אויבן און אונטן, און ווידער ברויזט פון פרייד מיין הארץ...

מיט דער פרילינגס־שטימונג בין איך אריין אין קאר. די שטראלן פון דער זון האבן זיך געיאגט און געשפילט מיט איר; עפעס ווי אריינ'גנב'ענענדיק זיך דורך די אויבערשטע אפענע פענצטערלאך, פלעגן זיי שנעל דורכלויפן די גאנצע לייגג פון דער קאר און ארויסשפרינגען דורך די פארנאנדערגעעפנטע טירן. מענטשן זיינען געווען פיל אין אלע עלטערס פון מענטשלאכן לעבן: פון קליינע אין ווייסן געקליידטע עופ'עלאך — פרילינג־שפראצונגען, ביי די מוטערס אויף די הענט, מיט ריינע אויגעלאך, מיט הענטעלאך, אויסגעשטרעקטע צו דער זון, ביז אלטע, גאר אלטע, שוין מיט ברוינע אדערן אויפן צעקנייטשטן פנים און טרייסלענדיקע הענט. מיר האט געדוכט, אז כ'זע אויף אלעמענס פנים'ער א שמייכל, דעם יונגן מילדן שמייכל פון פרילינג.

יונגע מיידלאך מיט בליציקע אויגן און מיט בונטע קארשן אויף די העטס לאכן הארציק אז יעדער אורזאך. איינע זע איך ניט, אבער זי שפיגלט זיך אפ אנטקעגן אין שויב און איך בא־

מערק אירע שטיפעריש אויגן; אונזערע בליקן באגעגענען זיך און זי ווינקט צו מיר און לאכט...

הארט ביי מיין זייט זיצט אַן׳עלטערער איד. פריער האָב איך אים גאָר ניט באַמערקט. אַ צעקנייטשטער פּנים, ווי פון בראנז אויסגעקנאטן; פארטיפטע אויגן אונטער צעוואקסענע ברעמען; די שפּיצן פון דער ברודיקער באָרד און די פּאות זיינען ווייס באזילבערט; די הארטע הוט פארשטויבט — די קאפּאטע אויסגעבלייכט. ער האַלט אַ אידישע צייטונג אין האַנט און לייענט וואָס אויף דער לעצטער זייט, פאַר זיך, ציטעריק־שטיל. דערביי טייטלט ער מיטן צעקנייטשטן פינגער, און פירט מיט אים איבער די שורות.

מיין אויער האָט דערהערט נאָר איין שטיל איבערגעלייענטן וואָרט, און אַ שוידער האָט מיר דורכגענומען. „פאַרוואונדעט“ — האָט ער געלייענט שטיל און געטייטלט מיטן פינגער ווייטער.

מיין אויער האָט זיך געשאַרפט, מיין בליק האָט זיך צוגעשמידט צו איין פונקט, וואו דער אַלטער האָט אָנגעצייגט מיטן פינגער; ער, דער אַלטער, האָט מיר ניט געזען. ווי אַ פאַרשטיינערטער איז ער געזעסן איינגעבויגן איבער דער צייטונג און שטיל געלייענט און געטייטלט מיטן פינגער.

און וואו ער האָט אָנגעוויזן, האָב איך געקוקט, כ׳האָב געמוזט קוקן, ווי אימיצנס אַ האַנט וואָלט מיר אָנגענומען און מיך געפירט אויפן בית־עלמין צווישן די גלייכע שורות קברים...

פּאַמעלאַך — פּאַמעלאַך ריידט זיך דעם אַלטנס פינגער, און מיר דוכט זיך, אַז מיר גייען ביידע שטיל, פּאַרזיכטיק, זיך צו־קוקנדיק, אַז מיר זאָלן, חס ושלום, ניט דורכלאָזן אַ נאָמען, ווייל ער איז פאַרבליבן דאָרט, ערגעץ ווייט, אָן אַ מצבה...

און ס׳טייטלט ווייטער דער אַלטער און מיר לייענען שטיל מיט פאַרקלעמטע הערצער שוין ביידע צוזאַמען:

„פארפאלן געווארן"...

און ס׳דוכט זיך שוין, אז ניט אויפן בית־עלמין גייען מיר, וואו מען רוט מיט דעם אייביק־רואיקן שלאף, נאר ווי אין אמאליקע צייטן, איבער די הויפן פון די אידישע האספיטאלן פירט מיר דער אלטער, צווישן די רייען צו׳ממית׳טע פאגראם־קרבנות...

„געשטארבן פון וואונדן"... לייענען מיר דורך.

„ישראל!"... — לייענט ער ווייטער שטיל און איך מיט אים.

איך קוק מיך אום... די קאר ווארפט גאר ניט אזוי, פאר וואס זשע האט עפעס אנגעהויבן שפרינגען דעם אלטנס האנט איבער דער צייטונג און זיין אנצייגנדער פינגער האט גענומען זיך טרייסלען קאנוואולסיוו?...

— „ישראל, ישראל!"... — לייענט ער ווידער דעם זעלבן נאמען פון אנהויב און בלייבט שטיין ביי דעם אייןווארט, ווי ער וואלט זיך געשראקן לייענען ווייטער. מיר דוכט זיך, אז אט דער אלטער איך האט מיר אוועקגעשלעפט ערגעץ אויפן שלאכטפעלד צווישן גרויע בערגלאך הרוגים און מיר צוגעפירט גאר נאנט צו איינעם, אז איך זאל דארט זוכן און געפינען —

מיט הארץ־קלאפעניש קוק איך אויפן ציטערנדיקן פינגער...

פלוצלונג האט דער איד דעם קאפ פון דער צייטונג אפגעריסן און טיף אפגעזיפצט. די זון האט זיך צעשפילט און באשפריצט זיין פנים און באָרד מיט לויטערקייט און גאלד.

ער האט גליקלאך געשמייכלט אנטקעגן דער פרילינגס־זון.

— גאט צו דאנק! — האט ער מיר פלוצלינג אומגעריכט געענטפערט אויף מיין שטומען בליק — ניט געפונען...

# חלומות אויפן וואָר

אַ שבת־צו־נאַכטס האָבן אַ סך לאַנדסלייט זיך צוזאַמענ־געקליבן ביי אַ פאַמיליע, וואו אַ פרוי מיט אירער אַ מיידעלע, פון אַ יאָר זעקס, זיינען אריבערגעקומען אהערצו פון דער מלחמה־געגנד.

מיר זיינען געוויינלאַך געקומען אָפּצונעמען אַ געריס — דערוויסן זיך, וואָס מאַכן די עלטערן, פריינט, און וואָס הערט זיך אין אונזער שטעטל, איבער וועלכן, פונקט ווי איבער פיל אַזעלכע, האָט געבושעוועט דער שטורם.

איך האָב שוין דאָרטן געטראָפן אַ פולע שטוב געפּאַקט מיט מענטשן. אַ מאָדנע שטימונג האָט געהערשט — די שטימונג פון צער און טרויער. די יונגע פרוי מיט אַן אויסגעבלייכטן פּנים, מיט גוטע, קאַרע אויגן, און פאַרקאַמט אויפן היימישן שטייגער, האָט זייער שטאַרק דערמאָנט די היים. זי האָט דערציילט און געענטפערט און ווען מען פלעגט טרעפן אירע אויגן, האָט וואָס געפלאַטערט אין איר בליק.

איר מיידעלע איז געשטאַנען לעבן איר, — האָט זיך צו־געטוליעט צו דער מוטערס זייט און מיט ערנסטע, אומבאַוועגלאַכע אויגן, מיט אַ פאַרטראַכטן פּנים'ל און אביסל צעעפנטן מיילכל געקוקט, דוכט זיך, אין דער וועלט אַריין. און מען האָט ניט גע־קאָנט פאַרשטיין, צי זי טראַכט זיך דאָס אַזוי אַריין אין איר מוטערס רייד, אָדער קלערט פון איר אייגן וועלטל.

די אַלטעגלאַכע, בלוטיקע ידיעות, צו וועלכע מיר האָבן זיך שוין צוגעוואוינט, זיינען פון דער פרוים ליפּן ווידער געוואָרן גרויזאַם און אומפאַרשטענדלאַך, פּונקט ווי אין אָנהויב, — אַזוי אומפאַרשטענדלאַך און אומגלויבלאַך, אַז אַלע האָבן געפילט, אַז עס איז אוממעגלאַך צו באַגרייפן, אַנדערש דאַרפן מיר דאָך אַלע משוגע ווערן.

און די פראַגן זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך איינגעשניטן אין דער נשמה. פּאַרזיכטיק פלעגט מען אַ פרעג טאָן: וואָס הערט זיך מיט דעם און מיט יענעם? און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס פרעגט מען: לעבט ער נאָך, יע־נער?... אַט דער נוסח איז נאָר געווען וועגן אייגענע, וועגן פרעמדע האָט מען שוין אָפן געפרעגט: ווער איז לעבן געבליבן; ווער איז גע׳הרג׳עט געוואָרן אויפן שלאַכטפעלד? וויפיל זיינען אומגעקומען אין שול? און וואָס איז מיט די ארויסגעטריבענע?

— און פון סמאַרגאָן קיין מינסק איז מען טאַקע געגאַנגען ווינטער אין פראָסט צופוס?

— יע.

— וואָס האָט מען געטאָן מיט די קינדער, מיט די קליינע קינדער?

— אוי, פרעגט ניט... — האָט זי אַ טוליע געטאָן דאָס מיידעלע צו זיך, — דערמאָנט מיך ניט... מען האָט ביי אונז דעם וועג גערופן דער „טויט־וועג"...

— דער „טויט־וועג"? — פרעגט איינער מיט שרעק.

— יע.

און וועגן הונגער האָט די פרוי דערציילט און גערעדט און געענטפערט, ווי אויף געוויינלאַכע זאַכן.

— איר פרעגט וועגן די קינדער? — ענטפערט זי, — גאָר ניט. זיי האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צו דעם שטיקל אויסגע־

מיילטן ברויט, צום איינציקן קאַרטאָפל, אויב עס איז נאָך פאַראַן...

— און ווי איז, אַז זיי ווייגען? — פרעגט אַ יונגע מאַמע.

— זיי ווייגען שוין ניט, זיי בעטן שוין ניט...

— פון וואַנען לעבן זיי פאָרט? — מישט זיך אַריין נאָך אימיצער.

— וואָס מיינט איר, די אַלטע לייט און די קינדער שטאַרבן טאַקע אויס, — דערציילט זי ווייטער און טוליעט מיט איין האַנט איר מיידעלע צו זיך. — און וועגן די דערוואַקסענע און די יונג־וואַרג ווייסט איר דאָך אַליין.

— און וואָס עפּעס מכּח ביזנעס? — פרעגט אַ פּול אידל. נאָך אַ גרויער איד, וואָס זיצט מיטביידע עלנבויגנס אויפן טיש און בייסט מיט עקשנות דעם גראָבן פינגער, דערלאָזט ניט צו קיין ענטפער:

— פרעגט בעסער וועגן נפשות, — איר וועט נאָך צייט האָבן פרעגן וועגן געלט־זאַכן, שפּעטער, דערנאָך...

— וואָס מאַכט מיין מוטער? — האָב איך זיך געמאַכט אַ האַרץ זי צו פרעגן. זיך אָנגערופן ווער איך בין, און איבער־געפרעגט:

— איז זי געזונט?

די פרוי האָט זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט. מיר האָט אָנ־געהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די פרוי באַטראַכט איצט, וואָס מיר צו ענטפערן.

— איר קענט ניט מיין מוטער? — האָב איך אין אַנגסט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַנט.

— געוויס קען איך זי, כ׳האָב זיך נאָר געוואָלט דערמאָנען. אייער גאַנצע פאַמיליע איז איצט נאָך אין שטאָט מ... ווייל אייער הויז האָט אָפּגעברענט. נאָר כ׳ווייס, אַז זי איז נישט־קשה און

געזונט. געוויינלאך, ווי אייער מוטער. ריכטיק פאר מיין אפ־פארן האב איך נאך געהאט א גערוס פון איר.

— איר זאגט דאך מיר דעם אמת?

— געוויס, געוויס דעם אמת, — האט זי אויף מיר מיט א מוטערלאכן שמייכל א קוק געטאן.

א גוואלדיקע פרייד האט מיך בשעת־מעשה ארומגענומען. איך האב זיך קוים איינגעהאלטן דאס ניט ארויסצווייזן. דאס ערגסטע, האב איך זיך אין הארצן געפרייט, איז פאראיבער, אבי זיי זיינען מיטן לעבן ארויס.

אבער באלד האבן מיר ווייטער אנגעהויבן ספקות צו גריי־זשען: ווער וויים, וואס מיט איר איז איצט? די שטוב איז חרוב, ערגעץ אין דער פרעמד; א קראנקע, א שוואכע, הונגער: זאלן זיי כאטש די כחות ניט פארלאזן!!

דאס מיידעלע גייט דורך פארביי מיר. איך האב ליב גע־קראגן איר בלאס פנימ׳ל און פונקט ווי איר מוטערס קארע אויגן. פרעג איך זי:

— וואס מאכט מען, ליבינקע, דארטן אין דערהיים?

זי שטעלט זיך אפ, די אויגן אירע קוקן ערנסט. עס באמערקט זיך אין זיי דערזעלבער פארבארגענער אומעט, וואס ביי דער מוטער.

— וואס זאל מען מאכן? — ענטפערט זי ווי א דערוואק־סענע, — מען הונגערט.

א דערבייאיקער זאגט מיר פיל באדייטנד:

— איר פארשטייט? — מען הונגערט...

דער אומגעריכטער ענטפער פון דער מיידעלע האט מיך ווי צעמישט. איך האב זיך אפגעזעגנט און אוועק.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין וואגאן פון „על“ האב איך געטראפן א פרייען ווינקל,

און זיך אהין פארשלאגן. מיט א מאדנעם געפיל בין איך צוריק־געפארן. די בלוטיקע נייעסן, וואס איך ליין טאג איין טאג אויס, האבן פאר מיר איצט געקראגן א באזונדער זין. די גירושים, בלבולים און חורבונות האבן געשוועבט פאר מיינע צוגעמאכטע אויגן. כ'האב זיך אנגעהויבן דערמאנען אן פאקטן און פאקטן, וואס איך האב געהערט, געלייענט און אליין געזען אין מלחמה־טעג. עפעס א צעבראכענער בין איך געקומען אהיים.

---

אין דרויסן הערשט די ווינטערדיקע נאכט; דאס וועטער איז פונקט ווי ביי מיר אויפן הארצן. קאלט, וויסט און טריב. איך שפאן האסטיק איבער מיין צימער הין און צוריק, הין און צוריק און קען דאך מיינע אייגענע געדאנקען ניט דעריאגן און פארטרייבן די ביינקעניש פון הארצן.

און טראכטן, טראכט זיך אלץ נאכאמאל און נאכאמאל פון פריערדיקן שמועס ביי דער פרוי פון די מלחמה־געגנדן. יעדעס ווארט קלינגט מיר איצט אפ אויף־דאס־ניי און נעמט אן א לעבע־דיקן געשטאלט. זכרונות שווימען ארויף: מיין מאמע, די היים, עפעס בילדלאך פון מיין קינדהייט, און פון א ווינקל פון מיין באוואוסטזיין לויערט א געדאנק, וואס צוואוקסט זיך אלץ מער און שטארקער אין אן אנגסטלאכן געפיל און דער מח ברענט מיר: עס איז דאך אמת...

ווארעם און געמיטלאך איז אין מיין צימער, נאר דאס ליכט דערגרייכט ניט צו די ווינקלען, און דארטן צווישן דעם מעבל און די ווענט טוליען זיך שאטנס און מיר דוכט א מאדנע סודות'־דיקע שטילקייט הערשט היינט אין צימער. רווישלאז זינקען מיינע טריט אין ווייכן טעפיך, מער ניט דער ווינט פאר־טרייבט די פינסטערניש צום פענצטער און דער וואנט־זייגער ציילט די אייביקייט.

איך זע, עס איז שוין שפעט. פון געוואוינהייט ווארף איך א בליק אויף דאס ברייטע, אויסגעבעטע, אנגענעמע בעט און קוק עס אן, ווי איך וואלט עס דאס ערשטע מאל געזען. זאל איך זיך לייגן? ניין, איך פיל, אז שלאפן וועל איך שוין ניט קאנען. נאר מיד בין איך שוין פון ארומשפרייזן איבערן צימער, איך וועל זיך זעצן אין שאקל־שטול און פארדרויכערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שטאק־פינצטער ארום. איך ווייס ניט, וואו איך בין און פון וואנען איך קום. איך זיץ ערגעץ אויף דער ערד און זע גאר ניט, ווי די אויגן וואלטן מיר געווען אויסגעשטאכן.

פון דעם בלינדן חושך פארנעם איך פון צייט צו צייט קלאנגען — עפעס מאדנע, משונה׳דיקע, אין וועלכע איך קען זיך קיין חשבון ניט אפגעבן: שטורמט ערגעץ אין דער ווייט און די טויבע דונערן דערגרייכן צו מיר? אדער דאס איז גאר א גאלאפ פון פערד און דאס שאלן פון טראמפייטן?

אן אומעט באפאלט מיך. די שטומע שווייגעניש פון דער נאכט פארפלייצט מיך מיט שרעק. די מאדנע קלאנגען צערייסן ניט דעם סוד, וואס רינגלט מיך ארום. עפעס דוכט מיר, אז איך בין דא אין א בייזן פאר׳כשופ׳טן ארט, אז איך מוז אנטלויפן פון דאנען. נאר איך זע ניט קיין וועג און ווייס ניט, וואו אים צו געפינען.

מיט אמאל, פון העלער הויט, דוכט מיר, ווערט ליכטיק, א האלבער הימל צינדט זיך אן; אויפן האריזאנט האט א פייער ארויפגעשאסן און שלאגט ווי א פאנטאן אלץ העכער, העכער אין הימל.

צו מיין ערשטוינונג איז גאר קיין גרענעץ ניטא! עפעס

איז מיר באקאַנט אַלץ אַרום, וואָס איך זע ביי דעם פייערדיקן, רויטלאַכן אָפּשיין. מיר דוכט, איך האָב שוין ווען געזען דעם זעלבן אָרט. ווי כמאַרעס הויבן זיך אויף בערג פון איין זייט; דאָרט, פון דער אַנדערער זייט גלאַנצט אָפּ אַ טייך, ווי אַ שטיק פּאָלירטער שטאָל באַפלעקט מיט בלוט.

איינצלנע ווערבעס שטייען אויפן ברעג. איך האָב זיי געזען ווען געזען; אפילו דער נאַכט־הימל קומט מיר פאַר אזוי נאָענט און באַקאַנט.

מיין זכרון מאַטערט זיך דערמאָנען אַזויגס — פון וואָס אַן אומבאַשטימט, שטאַרק געפיל רעגט מיך אויף. אַנגעשטריינגט הער איך זיך צו און קוק אין אַלע זייטן.

אין דער האַלב־פינצטערניש דערקען איך דעם וועג, וועלכער ציט זיך באַרג אַראָפּ צום טייך. איבערן בריק — דאָס איז דער וועג צו מיין שטעטל! דאָך יאָרן גאַנצע בין איך מיט אים געגאַנגען.

נאָר איך האָב קיין צייט ניט צו טראַכטן. אַ מרה־שחורה׳־דיקער גלאָקן־קלאַנג צעטראָגט זיך אין דער נאַכט און פּילט מיך אַן מיט אומרו און אַנגסט.

איך קוק, אויפן האָריזאָנט וואַקסט דאָס פייער, ווי אַ לע־בעדיקע צאַפּלט זיך די פינצטערניש אַרום, אַלץ הילכיקער, דראָ־ענדער ווערט דער קלויסטער־קלאַנג. אַ קאַלטער שוויים באַדעקט מיך!

— אַ פייער! — שרייט ווילד אין מיר, — דאָס שטעטל ברענט!

ווי אויפן האַנט זע איך אַלץ. דאָס האַרץ פון שטעטל איז אין פלאַמען און מענטשן — מענטשן לויפן אין פּאַניק איבער די גאַסן פאַרפּלייצטע פון פייער. איך דערקען זיי, די מענטשן — דאָס זיינען דאָך די אידן פון מיין שטעטל: דאָס זיינען דאָך

מיינע עלטערן, קרובים און פריינט! איך זע, ווי מען ברעכט מיט יאוש די הענט, ווי מען הויבט זיי מיט געבעט צום הימל.

איך וויל זיך לאָזן לויפן איבערן וועג צום שטעטל, נאָר איך קאָן ניט לויפן. עפּעס איז דער וועג צעגראָבן און צעריסן, מיינע פיס זינקען אין גריבער. שטעכיקער דראָט, ווי ווילדער האָפּן, איז אויסגעוואַקסן אויפן וועג און עס בריט מיך ווי קראָפּעווע און צערייסט מיר דעם לייב.

איך לויף, פאַל אום, און לויף ווייטער.

דער יאָמער מיט די קולות פאַרפאָלגן מיך אַלץ. איך פיל, אַז די פיס ברעכן זיך מיר אונטער. אָן כחות פאַל איך אַנידער...

און אימיצער זאָגט מיר אין אויער.

אזוי איז געלאָפן דיין מאַמע!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך שפּרינג אויף אַ צעשראָקענער. אַ פיינלאָכער ווייטאָק וואַקסט, האַלט אָן און לאָזט מיך ניט אָפּ. איך לויף אום איבערן צימער און טרינק זיך אין אומרו. „אייער פאַמיליע איז אַנטלאָפן קיין מ... וואו איז אָבער מ...? עס איז דאָך אַזוי ווייט פון אונז! און די שוואַכע מאַמע און די שוועסטער מיט איר קליין קינד אויפן האַנט. ווי אַזוי זיינען זיי געלאָפן, אַז קיין באַנען זיינען ניט געווען, קיין פורן ניט. — ווער קאָן מיר ענטפערן?

רוישלאָז פאַרשווייגן מיינע טריט אין ווייכן טעפּיך, אָבער מיך בין איך און צוזאַמענגעבראָכן. ווי אַ קראַנקער קען איך קיין אָרט ניט געפינען. דאָ זעץ איך זיך צוריק און דאָ שפּרינג איך ווידער אויף.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך ווייס, אַז איך בלאָנדזשע אַרום אין מיטן דער ווינטער־דיקער נאַכט איבערן „טויטען־וועג“.

דער הימל איז פראָסטיק — אויסגעשטערנט; דער וועג

פארשנייט און וויסט. די לבנה בלאנקט אפ, ווי א רונר שטיק פארשנייט אייז, און איר קאלט ליכט גליטשט זיך ווייט אוועק איבער די צוגעפרארענע, ווייסע פעלדער.

צונויפגעדרייט און איינגעגראבן אין מיינע שמאטעדיקע בגדים, בלאנדזשע איך ארום ווער ווייס ווי לאנג. די טראנטעס בארעקן קוים מיין לייב. איך פריר פון קעלט און עס העלפט ניט מיין טוליען זיך אין זיי.

וויסט און אויסגעשטארבן איז דער וועג. מען זעט קיינעם ניט און מען הערט ניט. און איך שרעק זיך פאר מיין אייגענעם שאטן, וועלכער לויפט מיר נאך; פאר מיינע הילכיקע טריט, וואס זינקען מיט א סקריפ אין צונויפגעפרארענעם טיפן שניי; איך ציטער פאר דעם מאדנעם געראויש פון ווינט, וועלכער דרייט פון צייט־צו־צייט א שטעכיקן שניי און צעשיט אים ארום מיטן זעלבן שארף, ווי אויסגעטריקנטע ביינער.

מיין אטעם איז היים און ער פרירט גלייך אויף מיין פנים, א קאלטער שוויים באדעקט מיין צעהיצטן שטערן; אין גאנצן בין איך פארשטארט פון קעלט און מידקייט, הונגער־קרעמפפן דרייען מיך אין גאנצן צונויף, נאר איך טאפטשע זיך אין שניי מיט הילצערנע טריט. איך זוך עפעס עמיצן און ווייס ניט וועמען. איך האב נאר דאס געפיל, אז איך מוז גיין איבערן וועג, אז עס איז א טויט־געפאר אויף א רגע זיך אפצושטעלן — כאטש מיר דוכט, אז אייביק וועט געדויערן די פייניקונג, אז איך וועל קיינמאל צו קיין ברעג ניט קומען...

---

איך גיי און האב מורא צו קוקן אויףביידע זייטן פון דעם „טויטן־וועג". דארט שטייען קוסטעס ווי פארגלעזערטע אונטער א קארע פון אייז צווישן פריש־אנגעשאטענע בערגלאך זאמד, נאך קוים בארעקט מיטן שניי.

אַט די טונקעלע פלעקן וואַרפן אויף מיר אַ גרויל. איך ווייס: אַז צו אַ באַשטימטער צייט הויבט זיך אויף אַט פון די בערגלאַך אַ קינדערשער יאָמער. וויינענדיקע, קינדערשע קול־בעלאַך, פול פּייניקונג און יסורים, רייסן זיך אַרויס און טראָגן זיך אַוועק ווייט איבער די פאַרשנייטע פעלדער.

איך לויף אַן אַטעם. אָבער וואָס העלפט מיין אַנטלויפן, אַז די בערגלאַך ציען זיך ווייט פאַר מיר און מיטן טיפסטן גרויל אין דער נשמה מוז איך צוקוקן, ווי עס עפענען זיך די בערגלאַך און עס וואַקסן אויס קינדער, קינדער — קינדער אָן אַ צאָל, וועד אַנגעטאָן, ווער האַלב־נאַקעט מיט בלאַסע טויטע פּנים'לאַך, מיט אַ פאַרגליווערטן שטומען שרעק אין די קינדערשע אויגן.

זיי קומען אַרויף אויפן וועג. טוליען זיך ווי עופה'לאַך איינע צו די אַנדערע; נעמען זיך אָן פאַר די הענטלאַך; און שטעלן זיך אין רייען.

זיי גייען אין אַ פּראָצעסיע איבער דעם „טויטן־וועג". שטיל, אַרטיק, ווי אימיצער, פאַר וועלכן זיי שרעקן זיך. וואָלט געקוקט אויף זיי. קיין איין קלאַנג הערט זיך ניט פון זייערע קינדערשע מיילכלאַך, נאָר איבער זייערע קעפּלאַך, ווי פון דער הויך, טראָגט זיך אַ ביטערער קינדערשער געוויין, וואָס צאַפּלט אין דער לופט און, דוכט זיך, מאַכט פול די וועלט.

אַלץ פרישע, נייע קינדער שליסן זיך אָן מיט דער מאָויים'־דיקער פּראָצעסיע, אַלץ רחמנות'דיקער וואַקסט דער יאָמער איבער זיי, אָבער די קינדער גייען אַרטיק־שטיל מיט אויף טויט פאַר־שטומטע מיילכלאַך.

---

איך גיי... עפּעס באַוועגלאַכע שאָטנס, עפּעס מאָדנע סילו־עטן פון אַ סך מענטשן קריכן אַרום, ווי שוואַרצע פלעקן איבערן בלאַנקענדיקן שניי, און זוכן עפּעס און נישטערן אין אים.

שטילער ! דוכט זיך ערגעץ וויינט א קינד אין דעם חושך פון דער נאכט, וויינט און פארגייט זיך.

דאס האבן זיכער בייזע מכשפות אפגענומען א קינד אין טיפן שלאף פון דער מוטערס ברוסט און ווארפן עס איינע צו דער אנדערער ביז אויף טויט... ווי עס שרייט ! אזוי דין אויס־געצויגן, וויינט און רייסט זיך אזוי רחמנות׳דיק, הילפלאז !

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך ריים ברייט אויף די אויגן און וויש אפ דעם קאלטן שוויים פון שטערן. איך הער זיך צו — ניין, קיינער. דער ווינט טרייבט די פינצטערניש צום פענצטער און דער וואנט־זייגער ציילט די אייביקייט. וואלט שוין כאטש טאג געווארן !

# אינהאלט

